## ה. ד. נאמבערג

# דאס בוך פעליעטאנען





וואַרשע 1924

# א

## אַדיע, אייראָפּע.

דער שנעל-צוג פּאָרט איצט פּאַמעלעך צווישן די מיטל-
אַלטערישע הייזער פון שערבורג און פירט אונדז צו צום פּאָרט-
מען דערזעט די ערשטע מאַסטן, די ערשטע קוימענס פון די
שיפן, וואָס שטייען אין קאַנאַל. אַז איך דערזע מיין צוקונפטיקן
עלעמענט, דאָס וואַסער, וואָס דאַרף מיך טראָגן העט-ווייט,
טויזנטער קילאָמעטער וועג, און וויגן מיך כסדר אַ דריי וואָכן,
אָדער שליידערן און וואַרפן אין שטורם, פאַרקלעמט מיר אַזש
דאָס האַרץ פון פרייד. היידאַ און אַדיע! ווער האָט דאָס אויס-
געטראַכט דאָס נאַרישקייט, אַז מענטשן דאַרפן טרויערן, אַז
זייער האַרץ דאַרף קלעמען, ווען מען צעשיידט זיך, ווען מען
רייסט איבער, ווען מ'לאָזט אַ וועלט מיט פריינט און פיינט
הינטער זיך?! די צעשיידונג, דאָס איבעררייסן — עס איז נאָר
דער צער פון די קליינע און נאַרישע; עס איז אָבער די פרייד
פון אַ קינד פון דער וועלט, פון אַ מענטש, וואָס הימל,
ערד, ים, שטורם און אַלע כוחות פון דער נאַטור האָבן נאָך

מיט אים עפּעס אַ שייכות. אַזוי לאַנג ווי מיינע פינף חושים וועלן מיר בלייבן געטריי, וויל איך זיין אַ קינד פון דער וועלט. בלייב-זשע געזונט, אייראָפּע! בלייבט געזונט, נאָנטע און ווייטע, נישטאָ קיין פריינט און פיינט! אַלע זענט איר מיר איצט גלייך, אַזוי ווי די טראָפּנס וואַסער פון אוקינוס דעם ים.

אין אַזאַ דערהייבענער שטימונג האָט מיך דער צוג צו־געפירט צו דעם לעצטן פראַנצויזישן גרעניץ-פּאָסטן. דער לאָ־קאָמאָטיוו פייפט און גרילצט אָן אויפהער. אַרום ווימלט שוין פון מענטשן, מאַסן פּאָרט-אַרבעטער, פאַרהאָרעוועטע, אין שווערער אַרבעט פאַרזונקענע, אָבער מיט פּנימער ברוגזע און בליקן, דוכט זיך, צאָרניקע. אין מאָסקווע, אין קרעמל, זיצט אַ רוסישער גרוי־סער בער און ברומט איבער דער וועלט, און דאָ, ביים קאַנאַל לאַ-מאַנש, ווערן געבליטן קאָכיק און אויגן שפּריצן מיט פייער...

דער לעצטער פּאָסטן! נאָך איין-איינציק מאָל וועט מען מיך באַטאַפּן, באַזוכן, דורכשטודירן מיינע פּאַפּירן און צולייגן נאָך אַ שטעמפּל צו דעם טויץ, וואָס איך פאַרמאָג שוין. דער אייראָפּעישער מענטש וואַנדערט איצט אַזוי ווי אַ דרעסירטע חיה צווישן איינגעצוימטע שטייגן, ווען ער לאָזט זיך אין וועג אַריין. זיין מענטשלעכער ווערט איז נול, זיין רעכט צו עטעמען און לעבן און רירן זיך פון אָרט גיבן אים פּאַפּירן און שטעמפּלען. עס איז היינטיקע צייטן דער גרויסער יום-טוב פון דער ביוראָקראַטיע פון גאַר דער וועלט. דער מענטש איז אַ צוגאָב. אָט האָט איר אַ קורצן חשבון: 34 מאָל האָב איך ביים אַרגענטינישן קאָנסול אין וואַרשע געמוזט שטעמפּלען מיט מיין פינגער, אַזוי ווי אַ גנב, און לאָזן מיינע פינגער-צייכן אין בי־כער און פּאַפּירן; 15 פאָטאָגראַפיעס האָב איך צוגעשטעלט, 8 מאָל האָב איך אונטערגעשריבן. מיט מיר האָבן געהאַט צו טאָן

אַ האַלב טוץ פּױלישע רעגירונגס-אינסטיטוציעס. מיך האָבן גע־טרײבערט און אין מײַנע זאַכן האָבן געגנישטערט. פּױלישע, דײַטשע, בעלגישע, פֿראַנצױזישע גרעניץ-באַאַמטע: די לעצטע — צו צװײ מאָל, בײַם אַרײַנפֿאָרן און אַרױספֿאָרן פֿונעם לאַנד; בײַם אָנקומען צו דער פֿראַנצױזישער גרעניץ האָט מען מיך חושד געװען — אין שפּיאָנאַזש. אײנמאָל, װײַל איך בין געװען פֿאַר־שלאָפֿן און בין אַרױס זיך װאַשן מיט קאַלט װאַסער. צװײטנס, װײַל זוכנדיק (אין מײַן אָפּװעזנהײט!) צװישן מײַנע זאַכן, האָבן זײ געפֿונען אַ שפּאַקטיװ און אַ פֿאָטאָגראַפֿישן אַפּאַראַט. מיך האָט געראַטעװעט פֿון דעם חשד מײַן פּױלישער פּאַס. אַ פֿאַר־בינדעטער.

אײראָפּע האָט, אַפּנים, שױן גאָר פֿאַרגעסן די פֿרײַהײט פֿון פֿאַר דער מלחמה. קלעמאַנסאָס כּשרע װערטער, אַז די מלחמה געדױערט װײַטער, פּערמאַנענט, זײַנען מקוים געװאָרן. אָבער די מלחמה איז נישט נאָר קעגן דײַטשלאַנד: עס איז אַ מלחמה פֿון טינט און פֿעדער, פּאַפּירן, שטעמפּלען און ביוראָ־קראַטן קעגן דעם אומבאַהאָלפֿענעם מענטשן. אַ מלחמה אָן שום האָפֿנונג, אַז זי זאָל זיך אַמאָל ענדיקן. אַ מלחמה אָן אַ סוף.

צום לעצטן מאָל האָט מען מיך געשטעמפּלט, צום לעצטן מאָל רעװידירט די זאַכן און... געהײסן גײן. פֿרײַ איז דער װעג. נעם מיך אױף, גרױסער, פֿרײַער ים!

אונדזער שיף „אַלמאַנזאַראַ” איז פֿאַראַנקערט װײַט אין האַפֿן. אַ קלײן שיפֿל פֿירט אונדז אַהין. דערװײַל איז די זון אונטערגעגאַנגען און אַ נאַסער קילער װינט האָט געבלאָזן. עס געדױערט לאַנג ביז דאָס קלײנע שיפֿל רירט זיך פֿון אָרט. עס איז אַ גערודער און אַ געלױף, אַ געמיש פֿון מענטשן, פֿון אַלע דרײַ שיף-קלאַסן און פֿון פֿאַרשײדענע פֿעלקער. די טרע־גער לױפֿן מיטן געפּעק, מ'רעט אױף פֿאַרשײדענע שפּראַכן, און

צווישן דעם געווימל און געטומל דערקען איך אין דער טונקל־קייט די פּנימער פון יידישע עמיגראַנטן פון צווישנדעק. זיי זיינען דאָ, מיין געליבט פאָלק ישׂראל. און די „יודישע פראַגע" איז מיט מיר און אַרום מיר. מ׳בלייבט גישט אַליין אויף דער וועלט, כאָטש אפילו ווען מען טוט נאָך יונה הנביאן און מ׳אַנטלויפט אויף אַ שיף.

דער האַפן רוקט זיך אָפּ און מיר פאָרן אַרויס אין קאַנאַל אַריין. עס טונקלט. און פון דער טונקלקייט רוקן זיך אַרויס סילועטן פון קריגס־שיפן. וואָס שטייען אונטער פּאַרע און מיט אָפענע פיסקעס פון גרויסע האַרמאַטן; פון אָפּגערוקטן ברעג קוקן ווידעראַמאָל האַרמאַטן, באַפעסטיקונגען, און עס גייט אַ סיגנאַליזאַציע מיט רויטע פייערלעך. אַלץ אַרום שמעקט מיט פולווער, מיט מלחמה־אָנגעשטרענגטקייט. האַרט, אויף יענער זייט קאַנאַל, וווינט דער פאַרבינדעטער פּ ר י י נ ט, ענגלאַנד. רעדן דאָס די אָפענע מיילער פון די האַרמאַטן צו א י ם? ווייל וואָס האָבן זיי צו מ י ר, די אַלע שיפערס מיט זייער שיס־געצייג — צו מיר, אַ שוואַכן מענטשן, אַ ייד פון פוילן, וואָס זוכט סך־הכּל אַ קליין־קליין ביסעלע פרייהייט?

אַז איך בין דורכגעפאָרן די צפון־פּראָווינצן פון פראַנקרייך, האָב איך געזען אַ צעשאָסענע וועלט. רויגירטע שטעט און דערפער, אויסגעריסענעביימער, צעאַקערטע וועגן; דאָ, ווידער, איז אַ שיסגרייטע וועלט: האַרמאַטן און האַרמאַטן! פון אַלע זייטן קוקן זיי אויף דיר.

עס געדויערט אַ היפּש ביסל צייט ביז מיר קומען צו צו אונדזער שיף. מיר פאָרן פאַרביי דעם „אָלימפּיק", אַ ריזן־שיף, וואָס די אַמעריקאַנער האָבן צוגענומען ביי די דייטשן. עס ליגט אויף פאַראַנקערט אין מיטן ים־אויסגוס, און אָט זעען מיר דאָס שיף „אַלמאַנזאַראַ", איינע פון די גרעסטע ענגלישע שיפן. דאָס

איז אונדזער היים אויף 32 טעג. זי ווינקט צו אונדז מיט הונדערטער באַלייכטענדע פענסטערלעך, ווי אַ לאַנגע ריזן-געביידע פון אַ פיר שטאָק די הויך. עס דוכט זיך, זי איז פעסט איינגעמויערט אין וואַסער, אַזוי זיכער און רויק ליגט זי זיך, ווי זי וואָלט קיינמאָל ניט בדעה געהאַט צו רירן זיך פון אָרט. דער ים האָט זיך אַ קליין ביסעלע צעשפּילט. אונדזער קליין שיפל טאַנצט אויף די כוואַליעס. קוים 15 מינוט פאָרן מיר, און איינער אַ פּאַסאַזשיר, וואָס שטייט נעבן מיר, זע איך, ווי ער רוקט זיך פּאַמעלעך צו צום אָנלען און טוט דאָרט עפּעס... וואָס מען טוט געוויינטלעך ביי דער ים-קראַנקהייט. פאַראַן אַזוינע נאַטורן, וואָס קוים דערפילן זיי דעם ריח פון ים און קוים הייבט דאָס שיף אָן זיך צו רירן, ווערן זיי באַלד קראַנק. דאָס זיינען ספּאַציאַליסטן אויף דער ים-קראַנקהייט. פאַראַן, פאַרקערט, ספּעציאַליסטן, וואָס ווייסן נישט פון קיין ים-קראַנקהייטן און דער גרעסטער שטורם און דאָס גרעסטע וואַרפעניש מאַכט אויף זיי קיין פיצל איינדרוק נישט. איך געהער גראָד צו די, וואָס מאַכן זיך כמעט גאָרנישט פון דער ים-קראַנקהייט. דערצו נאָך רוקט זיך צו מיר צו מיין שכן אין קופּע פון צוג פּאַריז-שערבורג, אַ פּאַראַליזירטער אויף אַ האַלבן גוף, וואָס איז געקומען פון אַרגענטינע קיין פּאַריז זיך היילן, און פאָרט איצט צוריק, אַזוי ווי ער איז געקומען:

— אָ, גאָלדענע וואַסערן זייגען דאָ, רויקע, ניט אַזוי ווי אַז מען פאָרט קיין ניו-יאָרק.

ווער איז דאָס דער דאָזיקער ייד, וואָס איז אַן אַרגענטינער בירגער, זיינע קינדער וווינען אין פּאַריז און ער, אַ פּאַראַליזידטער, פאָרט אַהין און צוריק און איז אַזוי חבר-לאַפּ מיט די וואַסערן?...

מיר ווילט זיך זיין אַליין. עס איז געוואָרן פינסטער. הימל און ים האָבן איין קאָליר. דער ברעג מיט די אויסגעשטעלטע האַרמאַטן ווערט פאַרשוווּנדן. דער ייד רעדט עפּעס צו מיר, און איך הער נישט. ערשט אָפּגעריסן געוואָרן פון אַלץ, ערשט פאַרלאָזן אַ וועלט הינטער זיך, גלוסט זיך נישט באַלד מאַכן נייע באַקאַנטשאַפטן, אָנקניפּן נייע פעדים.

— אין אַרגענטינע זיינען דאָ גוטע ציגאַרעטן... — רעדט ער ווייטער.

איך קער מיך אָפּ.

מיר קומען אָן צו דער „אַלמאַנזאַראַ”. אונדזער שיפל שטעלט זיך אָפּ, די פּאַסאַזשירן מיטן געפּעק דאַרפן זיך ווידער איבערציען. ווידער אַ געלויף און אַ געטומל, אַן איילעניש. איך שטעל מיך אָפּ אין אַ ווינקל, קוק אין דער פינסטערער נאַכט אַריין און האָב בדעה איבערצוּוואַרטן. מיך נעמט אַרום אָט דידאָזיקע וויסטעניש פון נאַכט, הימל און וואַסער, וואָס מורמלט קוים-קוים מיט קליינע לויפנדיקע כוואַליעס. איך שטיי אָפּגעקערט פון די פאַרטוּענע פּאַסאַזשירן ביז עס באַרויקט זיך אַ ביסל, און איך האָב שוין בדעה צו רופן אַ טרעגער, ער זאָל מיך איבערציען צו מיין דריי-וואָכנדיקער היים, ערשט אַ יונגער-מאַן קומט מיר אין וועג אַריין און פרעגט מיך אַזוי, אויף וואַרשאָווער יידיש:

— איר ווילט אפשר לייענען מאַרקישעס ענטפער אויף הלל צייטלין?

אַ יידישער אַרבעטער פון ווארשע איז עס, און ער דער-לאַנגט מיר דאָס לעצטע, דאָס נייסטע בלאַט פון „דאָרטן”.

ער פרעגט ניט, ווער איך בין: ער קען מיך. און ער איז זייער און זייער נייגעריק צו וויסן מיין מיינונג וועגן דער ליטעראַרישן ויכוח.

היינט פרווו ענטפער אים ניט אָדער פאַרפיר מיט אים קיין שמועס ניט, אַז ער איז אַזוי אינערלעך, אַזוי אמתדיק באַטייליקט אין דעם ויכוח, און ער ווייזט אַרויס אַזאַ אינטערעס און אַ קענטעניש פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס איך האָב נאָך ביי קיינעם פון אונדזערע מעצענאַטן ניט געטראָפן!

אַזוי ווערט געשלאָסן די ערשטע באַקאַנטשאַפט, אַזוי קניפט זיך אָן דער אַלטער פאָדים.

## ב

## „אַ קליין ביסל ווינט".

דער ים האָט אונדז מקבל פּנים געווען מיט אַ ירגזון. מיר פאָרן איבער דעם ביסקייישן ים-אויסגוס, צו די ברעגן פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. עס רוישט און שוימט; דער הימל איז פאַרוואָלקנט, נודנע-גרוי, אַזוי ווי די פּנימער פון די פּאַסאַזשירן, איך מיין פון די, וואָס האַלטען זיך אויף די פיס. דער גרעסטער טייל ליגט פאַרשטעקט אין די קאַיוטעס, אָדער מען זוכט זיך אויף פאַרבאַהאַלטענע, אָפּגעזונדערטע ווינקעלעך. די ים-קראַנקהייט מאַכט אַ מענטש מיזאַנטראָפּיש, איינער דעם אַנדערן ווייכט. עס איז די געוויינטלעכע שטימונג אין די ערשטע צוויי טעג פון אַ נסיעה, ווען דער ים צעשפּילט זיך אַ ביסל.

אינדערפרי איז אונדזער טיש אין עס-זאַל פון צווייטן קלאַס געווען נאָך גוט באַזעצט, צום מיטאָג האָבן שוין עטלעכע געפעלט, און צום נאַכט-עסן זיינען אונדזערע רייען זייער שיטער געוואָרן. איך, איינער פון די שיף-אָפיצירן, וואָס פאַרנעמט עקסטרע פּלאַץ לעבן מיר, ווייסנדיק, אַז איך האָב עפּעס אַ

שייכות מיט די 150 עמיגראַנטן פון דריטן קלאַס, און נאָך איין פּאַסאַזשיר, אַן עלטערער ענגלענדער, אַ נידריקער, אַ דירעוודיקער און גראָד אַ רעדעוודיקער — דאָס איז אונדזער גאַנצע טיש-געזעלשאַפט. דער טיש ווערט אַרומגעשטעלט מיט לייסטן, דאָס געשיר קלינגט משונהדיק, אויף די שויבן פון די פענסטער קלאַפּן די כוואַליעס מיט אַ גרינער גער, איך און דער ענגלענדער, מאַכן מיר זיך קוראַזש און דער אָפיציר דערציילט אונדז אַ בייס:

— מיר האָבן אַ קליין ביסל ווינט.

דער פּשט דערפון איז, דאָס רעכטע גערדיכטע וועט ערשט קומען. אַ מאָדנע נאַטור ביי זיי, ביי אַלע שיף-פירער: פון מאַטראָס, וואָס ציט די שטריק, ביז צום קאַפּיטאַן, אַלע האָבן זיי ליב חוזק צו מאַכן פון די פּאַסאַזשירן און לייגן זיי שטיינער אויפן האַרצן. מען דאַרף זיי פאַרגינען דעם פאַרגעניגן. זיי זיינען דאָך די אמתע גזירים, די אָפּגעשיידטע פון דער טרוקענער וועלט, חדשים און יאָרן נאָכאַנאַנד.

איר זאָלט זען אַ פאַרנאַכט אויפן שיף, ווי די אָפיצירן און די איבריקע באַדינער נעמען לויפן אַהין און צוריק איבערן דעק, האַסטיק, פאַרטאָן, שנעל, דערמאָנט איר זיך, נישט ווילנדיק, אין דעם טיגער, ווי ער שפּאַצירט אַהין און צוריק אין זיין שטייג מיט אַ מינע, גלייך ער וואָלט געהאַט עפּעס זייער אַ וויכטיקע שליחות אויסצופירן. ער פאַנטאַזירט אודאי דעמאָלט פון גרויסן פרייען מדבר. אונדזערע שיף-לייט מאַרשירן אָט אַזוי און האָבן אפשר די איללוזיע, אַז זיי לויפן ערגעץ איבער די לאַנדאָנער גאַסן. דער גרויסער עולם פּאַסאַזשירן ליגט דעמאָלט אויסגעצויגן אויף ליג-בענקלעך און רוט און גלאָצט אין דער ווייטקייט און דערציילט זיך מעשיות. דער ים-מענטש און דער יבשה-מענטש, דאָס זיינען

צווי פאַרשיידענע באַשעפעגישן. עס פאַרגלוסט זיך אַמאָל צו געבן אַ פּיק, אַ ביס, איבריקנס, זייגען דאָס רויקע און גוטמוטיקע מענטשן. די יבשה איז מער מסוגל צו פאַרגיפטן און פאַרביטערן אַ נשמה, ווי דער ים, וואָס קאָן רוישן, קאָכן, ליאַרמען, אָבער ער איז קיינמאָל נישט קליינלעך, נישט קרייבעריש, און פאַלש נישט אָן פון הינטן, וואָס עס פּאַסירט, לײדער, אַזוי אָפט אויף דער יבשה.

דער ענגלענדער, וואָס איז ערשט צוריקגעקומען פון קאַיוטע, וווהין ער ווערט אַלע ווײַלע געררופן פון זיין קראַנקער פרוי, צעשמועסט זיך מיט מיר גאָר אויף אַ היימישן שטייגער.

זיין ווײַב לײדט שטאַרק פון דער ים-קראַנקהייט, ער לגמרי נישט. דאָס שטאַמט, זאָגט ער, פון בלוט. אַזאַ בלוט האָט ער בירושה. זיין זיידע און זיינע אבות-אבותיו זיינען אַלע געווען פּיראַטן, ים-גזלנים, האָבן געלעבט און זיינען געשטאָרבן אויפן ים. זיי האָבן געלויערט אויף שיפן און זיינען זיי באַפאַלן און האָבן זיך באַהאַלטן און פאַרשטעקט ביי פאַרלאָזטע וואַסערן פון וויסטע אינדזלען. איך, זאָגט ער, בין אַן אינזשענער, דעם באַן-הויף אין בוענאָס-איירעס האָב איך אויסגעבויט, אָבער זעסטו, אין די אָדערן — און ער ווייזט מיר אָן מיט שטאָלץ אויף זיין האַנט, — רינט פּיראַטיש בלוט, אָט פאַרוואָס איך האָב נישט מורא פאַרן ים...

דעם אמת זאָגנדיק, איז מיר דער קאָפּ אַ ביסל שווער. דאָס איז אַלץ, וואָס איך ווייס פון דער ים-קראַנקהייט, און איך בין גרייט גלייכצייטיק אויסצוהערן און צושאָקלען מיטן קאָפּ, וואָסערע נפלאות מען זאָל מיר נישט דערציילן. זאָל ער מיר דערציילן, אַז זיין באָבע איז געווען אַ מענטשן-פרעסערין, וועל

איך, צוליב פוילקייט פון געדאַנק און פאַרלאָזנקייט פון די חושים, אויך גלויבען.

בייגאַכט האָט זיך דער ווינט שטאַרק צעהוליעט, די ווענט אין שיף האָבן גענומען קרעכצן. איך האָב קוים-קוים איינגע־דרימלט, זייענדיק מיך פּיראַטן באַפאַלן אין חלום...

אויף צומאָרגנס קומט צו מיר אַ באַקאַנטער אַרבעטער. ער האָט קוים דורכגעריסן דעם פּראָנט. וואָס טיילט אָפּ דאָס „פּובליקום" (ערשטע און צווייטע קלאַס-פּאַסאַזשירן) פון די „עמיגראַנטען" און ער דערציילט, אַז דאָרטן טוט זיך חושך. אַלע זייַנען קראַנק, וואַלגערן זיך אין די קאָרידאָרן און אויף די דעקן, עס איז אַ מהומה, קיינער דערקענט נישט זיין פּלאַץ, מיט די באַדינער קאָן קיינער זיך נישט פאַרשטענדיקן, זידלען זיי און שרייען. נאָר ער מיט נאָך צוויי האַלטן זיך אויף די פיס. ווי ער רעט אַזוי מיט מיר, קומט צו דער באַדי־נער, וואָס פאַרקויפט די משקה אין אונדזער רויכער-סאַלע, מאַכט מיר אויפמערקזאַם אויף ענגליש, אַז דער דריטער קלאַס טאָר זיך דאָ נישט געפינען. דער אַרבעטער האָט דאָס לשון נישט פאַרשטאַנען, אָבער דעם מיין פון די ווערטער האָט ער זיך אָנגעשטויסן, און ער האָט זיך אָנגעצונדן פון כעס און אויס־געמאָסטן דעם ענגלישן „באָי" מיט אַזאַ צאָרניקן און גיפטיקן בליק, אַז יענער איז באַלד פאַרשטומט געוואָרן און האָט זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט.

— עס געפעלט אים נישט, וואָס איך שטיי דאָ!

און אין זיין טאָן האָט זיך געפילט אַזאַ אינערלעכער שטאַרקער פּראָטעסט, וואָס האָט אויך מיר געגעבן פיל נאָכ־צוטראַכטן. די קלאַסן-איינטיילונג פון דער יבשה ווערט איבער־געטראָגן אויפן שיף אַהויף, און אַזוי ווי דער שטח איז דאָ קליין, קומט דאָס בילד אַרויס רעליעפער, שאַרפער. די גרויס־

בורזשואזיע פון ערשטן קלאס, דאָס בירגערטום פון צווייטן און דער פּראָלעטאַריאַט פון דריטן — דאָס זיינען שטרענג אָפּגעטיילטע וועלטן, אַז איר גייט אַריבער פון דריטן קלאַס אין צווייטן, איז אַזוי ווי איר וואָלט געקומען פון אַ קעלער־עריגיץ אויף סמאָטשע גאַס אין וואַרשע אין אַ גוט איינגע־אָרדנטער בירגער־וווינונג. דער ענטוויקלטער אַרבעטער, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין דערצויגן מיט דער דאָגמע פון קלאַסן־קאַמף און קלאַסן־איינטיילונג, האָט דאָ זיין גאַנץ וועלט־בילד פאַר זיך אין מיניאַטור, און דער האַס קאָכט אין אים אויף.

יאָ, דער ים איז אומרויק. ווי זאָגט דער אָפיציר? „מיר האָבן אַביטל ווינט”. אייראָפּע האָט אויך אַ היפּש ביסל ווינט און עס טרייסלט אַ קאַפּיטשקע..

איך האָב מיך געלאָזט גיין מיט דעם אַרבעטער צום דריטן קלאַס. ביים גאַנג פון שיף האָט מיך דער ווינט אַזאַ שליידער געגעבן, אַז איך בין קוים געבליבן שטיין אויף די פיס. מיט מאַטערניש און אָנגעלענט אויף די פעסטע הענט פון מיין באַגלייטער, האָב איך מיך פאַרקליבן אַהין, און איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ שפּיטאָל אַריין. דאָס שיף האָט זיך מורא־דיק געוואָרפן, און די עמיגראַנטן האָבן כסדר געבראָכן, די גאַנצע דעק איז געווען נישט דורכצוגיין, און די באַדינער האָבן געשאָלטן און געזידלט אויף ענגליש, צי אויף שפּאַניש, (די צוויי אָפיציעלע שפּראַכן אויפן שיף). מיין אַריינקומען האָט די באַדינער שטיל געמאַכט. באַלד איז געקומען צולויפן דער אָפיציר, שנעל און פּינקטלעך. מיט אַן עכט ענגלישער פּראַקטישקייט, זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אינסטרוקציעס: ריי־ניקן אַלע קאַיוטעס, ברענגען אַלץ אין אָרדנונג. איך האָב באַרויקט די עמיגראַנטן... אויף דער ווייטערדיקער רייזע, ווען מיר האָבן כסדר געהאַט שיין וועטער, דער ים איז געווען

רויק, די זון האָט געוואַרעמט פון טאָג צו טאָג שטאַרקער, און דאָס שיף האָט זיך קוים געוויגט, האָבן אי איך אי די עמיגראַנטן דערמאָנט די דאָזיקע ערשטע צוויי טעג, ווי עפּעס אַ פאַרשוווּנדענעם בייזן חלום. אַלץ האָט זיך איינגעאָרדנט, איינגעשטילט, די באַהאַנדלונג איז געוואָרן מענטשלעך, די דערנערונג גענוגנט, און כאָטש פּרעטענזיעס האָבן נישט געפעלט, און צו מיר פלעגן כסדר קומען דעלעגאַציעס, און מען האָט זיך, ווי דער שטייגער איז, אַ ביסל אונטערגעבונטעוועט, איז אָבער די גוטע שטימונג קיינמאָל נישט פאַרשוווּנדן. עס איז געוואָרן ריין און ציכטיק אין די קאַיוטעס פון דריטן קלאַס, אָן דער ים-קראַנקהייט האָט מען פאַרגעסן, און אַלע זיינען געווען פאַרטאָן אין מחשבות וועגן די נייע לענדער, נייע הימלען, איבערגעקערטע ווינטערן און זומערן, ווהין דאָס שיף האָט געשטייערט.

## ג

## ביי די ברעגעס פון שפאניע און פארטוגאל.

יעדן טאָג—מער זון, מער ליכטיקייט, און יעדן טאָג נייע הימלען, נייע ערד, נייע שטעט און נייע לענדער. ווי נאָר מיר זיינען ארויס פון ביסקייישן אויסגוס, סוף פעברוואַר איז דאָס געווען, האָבן מיר פאַרלאָזט די ממשלה פון ווינטער, דעם ווינטער, וואָס פון צפון-זייט עקוואַטאָר. ווען מיר וועלן אָנקומען בשלום אויף דרום-זייט פון עקוואַטאָר, קיין בוענאָס-איירעס, וועט זיך דאָרט אָנהייבן אַ נייער ווינטער, דער ווינטער פון דעם דרומדיקן וועלט-טייל.

אין וואַרשע, פאַר מיין אָפּפאָרן, האָט אַ סיבירישער ווינט נאָך געוויט מיט פראָסט און אייז און האָט געביסן אויערן און נאָז. אין פראַנקרייך האָט נאָך אַ בייזע שוידערדיקע קעלט געגנאָגט, און אויפן ים האָט אונדז דער ווינטער צוויי טעג נאָכאַנאַנד געשיקט זיין גרוס, און אונדז געגעבן זיין ווינטיקע פאַרוואָלקנטע ברכה אויפן וועג — און ער איז פאַרשוווּנדן,

צוריקגעצויגן זיך אין זיינע גראָע שלעסער ווייט הינטערן האָ-ריזאָנט. איצט איז יום-טוב אויף דער וועלט. אַ גרינער בלאַנ-קענדיקער שפּיגל וויגט זיך, דער הימל האָט זיך אויסגעלייטערט און די זון וואַרעמט, גלעט, ווי גוט דאָס איז, אין סוף פעברואַר צו וואַרעמען זיך אויף דער זון!

און שטעט און לענדער גייען פאַרביי. יעדן טאָג האַלט דאָס שיף ערגעץ אַנדערש. מיר פאָרן ביי די ברעגעס פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל; לאַ קאָרוניאַ, וויגאָ, ליסאַבאָן און די לעצטע פּערל פון די אייראָפּעישע וואַסערן, די באַרימטע אינדזל מאַדעיראַ — דאָס זיינען אונדזערע סטאַציעס. מיר נעמען דעם לעצטן אָפּשייד פון דער יבשה. פון דאַנען 8 טעג צווישן וואַסער און הימל; ביז צום צפון-מזרחדיקן שפּיץ פון דרום-אַמעריקע, ביים בראַזילישן פּאָרט פערנאַמבוקאָ.

דערווייל לאַכן די הימלען, די פּאַסאַזשירן קריכן אַרויס פון די קאַיוטעס, און אין יעדן אויג, דוכט זיך, שפּיגלט זיך אַ פרייד: וואָס די וועלט איז אַזוי שיין און פאַרביק, וואָס דער ים איז אַזוי גרויס, אַזוי ברייט און ווייט, אַזוי אומגעהייער, און ער שפּילט זיך און שפּיגלט זיך, ווי אַ גוט שעפּסעלע, נאָר דעם קאָפּ אים צו גלעטן.

דאָס שיף פאַרוואַרפט דעם אַנקער ווייט פון ברעג. דאָס איז גוט, ווייל פון וייטן געזען, דוכט זיך אייך אויס, אַז אומעטום דאָרט, צווישן די פאַרביקע דעכער און לאָדנס, אויף די גאַסן, באַגאַסענע מיט ליכט, שפּאַצירט אַרום דאָס גליק און טיילט מתנות די קינדער פון דער ערד, רעט מיט זיי גוטע ווער-טער, דערציילט זיי מעשיות און לערנט זיי זינגען שיינע לידער.

געבויט אויף טעראַסן, גאַס איבער גאַס, הייזער איבער הייזער און טורמען, פון פאַרשיידענע סטילן, קליינע און גרויסע—

אַזוי ליגט לאַ קאָרוניאַ. אַזוי ליגט וויגאָ און ליסאַבאָן און פינקלען מיט קאָלירן: ווייס, רויט, און בלוי. ביי וויגאָ האָב איך אפילו געזען צוויי קוימנס פון פאַבריקן, אָבער זיי האָבן זייער שווער פינסטער געמיט נישט אַרויסגעהויכט אויף דער לאַנדשאַפט. ערשטנס, איז קיין רויך נישט געגעאַנגען פון זיי; צווייטנס האָבן זיי אַזוי אומשולדיק געקוקט, כמעט אומבאַהאָלפן. ווי מען וואָלט זיי אַוועקגעשטעלט בלויז צוליב דער האַרמאָניע פון די פאַרשיידענע סטילן, אַז צוזאַמען מיט די פאַרגאַנגענע דורות זאָל אויך אונדזער פאַבריקן-רויך נישט פעלן.

דער עיקר איז: נישט קלערן, נישט טראַכטן, נישט גריבלען. ווייל ארום שיף פאַרזאַמלען זיך סטאַיעס ים-פויגל און מאַכן אַ ווילד געשריי, קופּסוויז לויפן זיי זיך צוזאַמען אויפצופּיקן דאָס אָפּפאַלעכץ און די שיריים פון דער שפּייז, וואָס דאָס שיף גיט-אָפּ פון זיך, און מחנות קליינע שיפלעך פאַרזאַמלען זיך, פונקט אַזוי ווי די ים-פויגל, באַזעצט מיט אָרעמע, אָפּגעריסענע שפּאַניער, וואָס פאַרקויפן אַלערליי פּירות, אָדער בעטלען סתם, מען זאָל זיי עפּעס אַראָפּוואַרפן. קינד און קייט זיינען אַרויסגעפאָרן, אַלט און יונג, האַלב נאַקעט, די ברוינע לייבער זעט מען אַרויס, שוואַרצע האָר אונטער די קאַפּוציענער קאַפּלעך אויף די קעפּ (די שפּאַניער טראָגן עד־היום קאַפּעלעך), און די הויזן, אַך די הויזן! לאַטעס און לאַטעס אויף לאַטעס אַ גאַנצע אַרכיטעקטור) אונדזערע אָרעמע יידישע מאַ־מעס זיינען גרויסע מייסטערינס אויף לייגן לאַטעס. אָבער דאָס איז גאָר קיין פאַרגלייך נישט מיט דעם, וואָס איך האָב געזען ביי וויגאָ און לאַ קאָרוניאַ... און דערביי ברענענדיקע אויגן, געזונטע ברוסטן, ענטוויקלטע מוסקולן. קאָמישער פאַר אַלץ קומט אויס צו זען אַ האַלב-אָפּגעריסענעם שפּאַניער מיט נייע געלע שיך, גאָר אַ „שיק". שיינע שיך זיינען פאַר די דרום-לענדער, דאָס

זעלבע, וואָס פעדערן פאַרן אינדיאַנער, אויערינג פאַרן נעגער. איך האָב מיך צוגעקוקט צו אַזאַ שפּאַניער מיט אַ פּאַרסמאָלעט רעקל, צוגעלאַטעטע הויזן און פראַנטאָווע געלע שיך, וואָס איז אַרויפגעקומען אויפן שיף. ער האָט זיך נישט געפּוילט און מיר פאָרגעלייגט אַ לאָטעריע-צעטעלע צו קויפן און צו געווינען דריי מיליאָן. אַז איך האָב אָפּגעזאָגט, האָט ער געבעטן אַ פּאַפּיראָס און דאָס איז אויך גוט געווען... זיי לויפן אַרום מיט גליענדיקע אויגן אויפן שיף, לייגן פאָר פאַרשיידענע זאַכן, בעטלען, ווען דער שפּאַנישער באַאַמטער, וואָס קומט אַרויף, באַמערקט נישט... ביים אַרויסגאַנג פון שיף, דאָרט, ווו די טרעפּ זיינען אַראָפּגעלאָזט, שטייט אַ זעלנער, אָנגעלאָדן פון קאָפּ ביז צו די פיס. ער שטייט ווי אַ מומיע שטייף און שטום.

איך טראַכט: וואָס טוט אַזאַ קליינער שפּאַניערל, דער, וואָס זיצט אונטן אין שיפל, ווען אים ווערט נמאס צו בעטלען און עס גייט נישט מער צו לאָטן די הויזן, און ער איז הונגעריק און זיין הייס דרום-בלוט צעשפּילט זיך — וואָס טוט ער? — ער לויערט אויפן וועג און דרייט ווערמען דעם קאָפּ אַרונטער. די ענגלענדער דערציילן מעשיות וועגן דער נישט-זיכערקייט פון די וועגן אין שפּאַניע, אָט אין די ערטער. יעדער באַאַמטער איז דאָ אָנגעלאָדן, באַוואָפנט, ער שטייט, דוכט זיך, אין שטענדיקן קאָנפליקט מיט אָט דער אָפּגעריסענער, אָפּגעשליסענער מאַסע. פון דאַנען נעמט זיך די שטרענגקייט פון זייערע בליקן, דער בייזער טאָן פון זייער רעדן, בשעת זיי ווענדן זיך צו די זייעריקע, און פון דאַנען נעמט זיך די שטייפקייט פון דעם באַוואָפנטן סאָלדאַט, וואָס פּילט זיך ווי אויף אַ שלאַכט-פעלד.

געלויבט צו גאָט, דאָס שיף רירט. בעסער, בעסער צו זען אַלץ פון דערווייטן. עס ציען זיך די ברעגעס גרינע, זוניקע, און די כוואַליעס שוימען ביי זיי מיט אַ ווייסער פּיאַנע.

דאָרט וואַקסן פייגן, אַנאַנאַסן, פּאָמעראַנצן און מאַנדאַרינקעס און הענגלעך ווײַנטרויבן. זיס און פּרוכטיק איז דאָס לאַנד, און בײַנאַכט טאַנצן דאָרט גליקלעכע יונגע שפּאַנקעס אין פּאַר-ביקע טיכער די היציקע ווילדע טענץ און קנאַקן צו מיט די פינגער... די וועלט איז אַ וואונדער-שיינע מעשה, די וועלט איז אַ ווײסטער בייזער חלום: עס ווענדט זיך נאָר פון וואַנען און ווי אַזוי איר זעט זי. אָט האָט איר מיין עצה: לערנט זיך צו זען פון דערווייטן און גריבלט זיך וואָס ווייניקער, אויב איר ווילט אייער גוטע שטימונג און אייער גוטער אַפּעטיט זאָלן אָנהאַלטן.

אָבער ליסאַבאָן איז שיין, אמתדיק שיין. דער פּאָרטוגעזי-שער סאָלדאַט אויפן שיף שטייט נישט אַזוי אָנגעלאָדן ווי דער שפּאַניער און די קינדער אונטן אין די שיפלעך זיינען נישט אַזוי פעסט געבויט, דער בליק איז מילדער. די באַאַמטע, וואָס קומען אַרויף, האַלטן זיך גראַציעז, אומגעהויער העפלעך. זיי רעדן זאַנפט, און עפּעס אַ ווייבערישע ליבלעכקייט, איך וואָלט געזאָגט, אַ דעגענערירטע ווייכקייט האָבן זיי אַלע. יורדים זיינען דאָס, דאָס גאַנצע פּאָרטוגעזישע פאָלק. אַמאָל האָבן זיי באַ-הערשט די ימען, זייענדיק אַמווייטסטן אַרויסגערוקט אין אוקינוס. איך האָב ביי מיר אָפּגעמאַכט, אַז אין 3000 יאָר אַרום, אַז די ענגלענדער וועלן פאַרלירן די ממשלה אויף די ימען, וועלן זיי אויסזען פונקט אַזוי ווי די פּאָרטוגעזער: הויך, שמאָל, פיין, אָבער די שטאָלצקייט פון זייער בליק און כאַראַקטער וועט פאַרשווינדן.

ענגלענדער, וואָס האָבן אָפּגעשטיגן אין ליסאַבאָן און האָבן דאָרט פאַרבראַכט די נאַכט (אונדזער שיף איז דאָ גע-שטאַנען אַ מעת-לעת צייט), דערציילן וואונדער, וואָס דאָרט טוט זיך. עס איז קאַרנאַוואַל. די גאַנצע נאַכט איז קיינער אין

שטאָט נישט געשלאָפן, גרויס און קליין, אַלט און יונג, קראַנקע און געזונטע, מאַמעס מיט פּיצעלעך קינדער אויף די הענט, אַלץ איז פאַרכאַפּט אין אַ גאַלאָפּ פון באַוועגונג, שכרות, גע־זאַנג און זנות. די שמאָלע גאַסן זיינען הויך באַדעקט מיט קאָנפעטי; איצט איז קעגן מיטאָג, איך שטעל אָן מיין שפּאַקטיוו. איך קאָן נישט אויפכאַפּן קיין באַוועגונג אין די גאַסן, אפשר שלאָפט מען איצט און מען רוט אָפּ נאָך די אָרגיעס... לאַנג און ברייט פאַרשפּרייט זיך די שטאָט. אַלטע פאַרצייטיקע שמאָלע הייזער און מאָדערנע געביידעס, טורעמס, קירכן, אַלץ, דוכט זיך, צו זינגען, אַלץ, דוכט זיך, איינצוהאַלטן אַ גרויסע פרייד אין זיך, אַזויפיל חן, אַזויפיל פאַרבן, אַזוי פיל הערלעכע ליניעס, און ווי דער זייגער מיינער ווייזט צוועלף, צעלייגן זיך אין דער לופט באַסאָווע גלעקער פון אַ קירכע, לאַנגע, שווערע, פייערלעכע...

גאָט! ווער פון מיינע עלטער-עלטער-זיידעס איז אונטער די קלאַנגען פון די גלעקער געפירט געוואָרן צום פאַרברענען! פאַרוואָס איז אַ ציטער דורך מיין לייב, און פאַרוואָס בין איך טרויעריק?

## ד

## ביים עקוואַטאָר.

אַ פּאָר שוואַרצע, סאַמעטענע אויגן, זיס-מידע און פאַר־בענקטע, באַלייטן מיך אויפן וועג. עס איז מיר היימישער מיט זיי אין די ראָזיקע הייסע רעגיאָנען, אונטער דער ברענענדי־קער זון, וואָס מאַכט אַזוי מיד און שלעפּערט איין די חושים.

געהערן געהערן זיי צו אַ יונגן פּאָרטוגעזער פון אַ יאָר 20, וואָס איז מיר נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן אויף דער אינדזל מאַדעירא.

די אינדזל האָט גערופן און געלאָקט פון וויטן. אויבן, אויף די שפּיץ בערג — בלאַנקענדיקער שניי, און הינטן — גרינע פּאַלמען, זון און בלומען. די גאַנצע אינדזל, פון עק ביז עק, שווימט אַרויס פאַר די אויגן. ווייס און ברייט זעט מען די כוואַליעס שוימען ביי די ברעגן. אַ קליין קריגס-שיפל שטייט פאַראַנקערט און באַוואַכט דעם געפאַנגענעם מאַיעסטעט, דעם קייזער קאַרל. עפּעס גלויבט זיך נישט, אַז אויף דעם גליקלעכן

פלעק ערד, אינמיטן ים, וואָס דוכט זיך צו שאַלן פון פרייד און הערלעכקייט, זאָל זיך אָפּשפּילן אַ טראַגעדיע.

אונדזער שיף האָט פאַראַנקערט און אַראָפּגעלאָזט די בריק, אָבער — פון אינדזל אַהער איז געקומען נישט די הערלעכקייט! אַ בעטלעריי און אַ שנאָרעריי, אַ ראַפינירטע און אויסגעקינסטלטע האָט זיך געשאָטן און געשאָטן. נאַקעטע קינדער, מיט אדם-גאַרטלען, בעטלען, מ'זאָל זייאַראָפּוואַרפן אַ שילינג, און אַלס לוין וואַרפן זיי זיך צורקאָם אין וואַסער אַריין און פאַנגען אויף די מטבע. שמאָל זיינען זייערע לייבער, פיין און צאַרט, אָן מוסקולאַטור, אָבער בויגיק זיינען זיי און ליבלעך און געשיקט ביים שווימען און רודערן. אויפן שיף איז אַ יריד. מ'ציט ממש פאַר די לאַצן. מ'לייגט אייך פאָר פאַרשיידענע זאַכן, מ'ציט אייך אַראָפּ אויפן ברעג און מ'זאָגט צו אייך צו ווייזן אַלע ווונדער פון דער וועלט אין פאַרלויף פון די עטלעכע שעה, וואָס דאָס שיף שטייט דאָ...

איך האָב מיר געגעבן דאָס וואָרט נישט צוצולאָזן די בעטלעריי צו מיר, פאַרפאַנצערן וויל איך זיך קעגן מענטשלעכע מיאוסקייט און נידריקייט... אין אַ פראָסט שיפל האָב איך זיך געלאָזט צום ברעג און מיט אַ פאַרביסענער עקשנות האָב איך מיך אָפּגעיאָגט אַזוי ווי פון בינען פון די מחנות באַלייטער, וועג-ווייזער, פירער פון שליטלעך געשפּאַנטע צו אָקסן (אויף מאַדעירא פאָרט מען נישט אויף רעדער), פאַרקויפער און סתם בעטלער, וואָס האָבן געלאָזט זיך אויף מיר. איך בין געגאַנגען באַרג-אַרויף צווישן גאַסן און געזוכט דעם וועג צו דער פּאָסט. אָבער מיין עקשנות האָט ווייניק געהאָלפן, די שנאָרעריי האָט גובר געווען.

איך זע — אַ יונגערמאַן מיט אַ בוך אונטערן אָרעם שפּאַצירט איבערן גאַס. און איך באַשליס: דאָס איז נישט קיין

שנאָרער. איך ווענד מיך צו אים און פרעג אים, ווו די פּאָסט איז. ער באַניגנט זיך נישט מיט אָנווייזן מיר דעם וועג: ער גייט מיר נאָך. איך פּאַרוויל אומישנע אויף דער פּאָסט, ער וואַרט געדולדיק. איך גיי אַרויס. ער גאָך מיר. באַשיידן טוט ער עס און מיט אַ צניעות. ער האַלט זיך פון ווייטן, אָבער ער קלעפּט אָן מיר. דער סוף איז געווען, אַז איך האָב אים געגעבן עפּעס אין דער האַנט אַריין און זיך פּאַנאַנדערגערעט מיט אים. ער איז אַ געבירטיקער אויף דער אינדזל, האָט גע-ענדיקט דאָס גימנאַזיום און קלויבט זיך אין ליסאַבאָן אין דער אוניווערזיטעט אַריין...

אפילו דער פאַרשטאָרבענער קיסר קאַרל, זאָגט מען, האָט זיינע לעצטע טעג אויף מאַדעירא געשנאָרערט ביי די אייראָ-פּעישע קעניגלעכע הויפן. ס'איז אַ מזל, און פון אַ מזל קאָן מען נישט אַנטרונען ווערן.

איצט באַלייטן מיך די אויגן אויפן וועג און שווימען אַלע ווילע אויף אין געדעכעניש. אַזא ווייבערישע ליבלעכקייט ווייט פון זיי. אַזאַ זיסע פאַרשלאָפנקייט. פּאָרטוגאַל איז עס! אַן אויסגעשפּילטע ראַסע! ווייט איבער די ווייטע ימען ליגט נאָך אויסגעשפּרייט דאָס עשירות פון אַמאָל. איבער פאַרשיידענע אינדזלען פּלאַטערט נאָך עד-היום די פאָן פון פּאָרטוגאַל, אָבער די הענט אירע זיינען מיד, אייגעלוליעט פון זון, און וואַסער איז די שאַפנדיקע קראַפט. די געשעפטן אויף די ווייטע אינדזלען באַזאָרגן די ענגלענדער, זיי גראָבן אויס די מינעס, שניידן דעם צוקער-ראָר און אָנגעלאָדענע שיפן גייען אָפּ צו דער טעמזע. דער פּאָרשטייער פון דער פּאָרטוגעזישער מאַכט באַקומט זיין מתנת-יד... פון וואַנען איך ווייס דאָס אַלץ? די מידע סאַ-מעטענע אויגן האָבן עס מיר אויף שטום-לשון דערציילט.

דערווייל איז הייס. דער קאָפּ איז מיד. און אין איינ-

טאָגיקייט גייען פאַרביי די שעהן און די טעג. פון גלאָק צו גלאָק, וואָס רופט צו די מאָלצייטן, שטייסטו ביים אָנלען פון שיף און גלאָצסט אין דער ווייטקייט אַריין. וואַסער און הימל און הימל און וואַסער. דער טאָג איז דאָ לאַנגווייליקער פאַר דער נאַכט, אפילו דער זון-אונטערגאַנג קומט דאָ אַרויס מאָדנע גאַריש. ווי אַ געל ענטל, שווימט די זון איבערן וואַסער, טונקט זיך און קומט ווידער אַרויס, ווערט שמעלער און פאַר-שווינט אָן שום צערמאָניעס און פייערלעכקייט. די פאַרבן צע-שפילן זיך נישט אויפן הימל. מיט אַמאָל פאַלט צו די נאַכט מיט גרויסע בלאַנקענדיקע שטערן. דער מילך-וועג איז דאָ ווייסער און פאַרנעמט זיך ברייטער. אומגערנוויליק ווערסטו אַ שטערנזעער. אָט זיינען די שטערן: „דער בער”, ער פאַר-קירעוועט פון נאַכט צו נאַכט אַלץ מער זיין דישל, און אָט איז דער אָוונט-שטערן פון טונקעלן ראַנד-הימל אָנגעקומען און דערהייבט זיך אַלץ העכער, העכער: פון וואַנען קומסטו אָוונט-שטערן, און וואָס האָסטו געזען אויף דיין וועג?

— פון מזרח קום איך, פון אַפריקע, דאָרט ליגט אויס-געשפרייט דער וויסטער אויסגעצערטער מדבר. אונטער אַ דעק פון זאַמד איז די סאַהאַראַ איינגעשלאָפן אויף אייביק... אַזוי וועט אַמאָל אויסזען דיין גאַנצע ערד, דו וועסט עס נישט דערלעבן, אָבער איך וועל דעמאָלט נאָך אויפגיין און אונטער-גיין, אַזוי ווי היינט.

און די לבנה קומט אָן מיט פאַראַד. אַן אָפשיין שיקט זי פאַר זיך, און בלוט-רויט באַווייזט זי זיך פון מזרח, און אַז זי שווימט אַרויס הייבן זיך זילבערנע שפיגלען אָן צו וויגן אין ווייטן שטח. אַ קילער ווינט בלאָזט פון דער נאָז פון שיף אַהער און גלעט... אין קאַיוטע שלאָפט מען נישט, עפּעס אין

אַ האַלבן דרימל, אַרומגענומען פון חלומות און רמיונות, גייט אַריבער די נאַכט...

אַזוי זיינען מיר געפאָרן עטלעכע טעג, און אפילו קיין שיף נישט באַגעגנט אויפן וועג. ביז אַמאָל, קעגן צוויי אַ זייגער בייטאָג, אינמיטן דער רעכטער מיד-קייט און מאַטקייט, האָט זיך אויף מזרח-זייט באַוויזן יבשה. אַ גרופּע אינדזלען זיינען דאָס געווען, אָנגערופן אויף די נעמען פון פאַרשיידענע הייליקע: דער הייליקער יאַגאָ א. אַז. וו. געאָגראַפיש געהערן זיי צו אַפריקע, פּאָליטיש — צו פּאָרטוגאַל. אַלץ לויפט אַרויס אין דרויסן, אַלע אויגן זיינען אָנגעשטרענגט, אַלע שפּאַקטיוון אָנגעשטעלט, עפּעס קלאַפּט דאָס האַרץ מיט פרייד: יבשה! דאָס שיף דערנענטערט זיך אַלץ מער און פאָרט פאַרביי האַרט לעבן איינע פון די אינדזלען: אַזוי ווי אַ געמורמל, אַזוי ווי אַ זיפץ פון אַנטוישונג גייט איבער פון מויל צו מויל, וואָסער וויסטעניש! קיין סימן פון לעבן, קיין בוים, קיין גרעזל איז ערגעץ נישט צו זען. אין רויע, אָפּגעריסענע ליניעס ליגן אָנגעוואָרפענע שטיקער פאַרזענגטע ערד און גליענדיקע פעלזן. אַן אָפּגעריסן געביס פון אַן אַלטער נעגערקע סטאַרטשעט אומגעלומפּערט אַרויס פון ים. אַפריקע האָט אונדז באַוויזן איר שוואַרץ פאַרשמאַכט פּנים! די סאַהאַראַ קוקט אַרויס מיט אַ בלינד אויג. נאָר אָט דערזעט זיך אַ פלאַכער ברעג: צעוואָרפענע הייזלעך, און אַ גרויס שיף אונטער פאַרע קורסירט דאָרט. צי איז דאָ לעבן?

נאָך וואָסער לעבן! די אינדזל איז אַ צענטראַל-

סטאַציע פון אונטער-וואַסער-טעלעגראַף. שוואַרצע שקלאַפן טוען דאָ שווערע אַרבעט אונטער דער קאָמאַנדע פון ענגלענדער.

גיכער, גיכער זאָל שוין רירן זיך דאָס שיף!

פון אַ קליין-קליין אינדזעלע מיט אַ לייכט-טורם אין דער הויך זייגען אויפגעצויגן געוואָרן פענער, אונדז צו באַגריסן. איצט ציט מען זיי אַראָפּ. אַפריקעס פאַרצערט פנים פאַרשווינט. דער רירעוודיקער ענגלענדער, דאָס אייניקל פון די פיראַטן, וואָס ווייסט אויף אַלץ באַשייד, האָט, קענטיק, דערפילט מיין שטימונג, און ער טרייסט מיך: אַז די אינדזל איז גאָרנישט אַזוי שרעקלעך, אַז אין מיטן דאָרט, אין די טעלער, איז דאָ וואַסער, און שאָף פאַשן זיך אין די גרעזער...

הלוואי — טראַכט איך — זאָל דאָס וואָר זיין.

## ה

## ביי די ברעגן פון בראַזיליע.

אַ בראַזילישער מאַגנאַט פירט מיט אויפן שיף אַ גאַנצע סטאַיע ראַסאָווע הינט. דאָס איז אַ פּריווילעגירטע באַשעפטיקונג פאַר די „לאַטיפונדיסטן״ (גרויסע ערד-באַזיצער) פון דרום-אַמעריקע איבערצופלאַנצן אייראָפּעישע ראַסן פון פערד, בהמות און הינט אויפן נייעם קאָנטיגענט.

די פּאַסאַזשירן פון הינטישן געשלעכט זיינען זייער באַליבט ביים עולם, נאָר באַזונדער ביי די מאַטראָזן, וואָס שפּילן זיך מיט זיי שעהן נאָכאַנאַנד. די הינט, זעקס זיינען זיי, יעדער אין זיין שטייג, פאָרן צווייטן קלאַס און ווערן געשפּייזט אויפן גלאָק. בייטאָג באַנעמען זיי זיך רויק, אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר אָנשטענדיקע פּאַסאַזשירן, אָבער ביינאַכט, אין דער שטילקייט און איינזאַמקייט, דערוועקט זיך ביי זיי די הינטישע נאַטור און זיי עפענען מוראדיקע פּיסקעס און בילן אַנטקעגן דער פולער לבנה. ס׳איז אַ גרויסע לבנה דאָ אונטערן עקוואַטאָר, און זי שווימט אין דער לופטן אָפּגערוקט פון טיף-טונקעלן הימל, און

דאָס בילן איז אויך טיף-טונקל — אַ ברומענדיקע קללה און געשריי אין דער וועלט-מדבר אַריין. מיר אָבער ווערט היימישער אויף דער נשמה, ווען ליגנדיק אין קאַיוטע, דערהער איך דאָס בילן אין האַלבן דרימל. אין דער מאַטקייט און פאַרלאָזנקייט פון די הייסע רעגיאָנען, אינמיטן פון הימל און וואַסער, וועבט זיך אויס אַ חלום פון דער קינדהייט: דאָס הינטישע בילן פאַר-טראָגט מיך אויף אַ ווינקעלע פעסטער יבשה אין וואַרשעווער גובערניע, ווו מיין וויגל איז געשטאַנען, דאָרט, ווו אַ קלאָר רי-נעלע מורמלט, און זשאַבעס קוואַקן...

אָבער מיר זיינען שוין אַריבערגעפאָרן דעם עקוואַטאָר, מיר געפינען זיך אין דער דרומדיקער העלפט פון אונדזער ערד. מיר דערנענטערן זיך צו דער פעסטער יבשה, צו די ברעגעס פון דרום-אַמעריקע, צו דעם לאַנגן און שמאָלן פאַס ערד, וואָס ליגט אויסגעשטרעקט אַזוי ווי אַ פיש מיט אַן אָפּגע-האַקטן קאָפּ צווישן צוויי אָקעאַנען. באַלד וועלן אַרויסשווימען פון וואַסער די ברעגעס פון דעם וווּנדער-לאַנד בראַזיליע מיט אירע עקזאָטישע פלאַנצונגען, מיט אירע קראָקאָדילן, מאַלפּעס און פאָפּוגייען, מיט אירע ווייטע נישט אויסגעפאָרשטע טייכן און משונהדיקע קראַנקהייטן, וואָס קיינער ווייסט נישט זייער נאָמען. געאָרג קייסער, דער דייטשער באַקאַנטער עקספּרעסיאָ-ניסטישער דראַמאַטורג, האָט געלעבט אַ צייט לאַנג אין בראַזיליע און ער איז פאַרפאַלן אויף אַ משונהדיקער קראַנקהייט, וואָס האָט אים פאַרטויבט דעם ווילן, אַז יאָרן נאָכאַנאַנד פלעגט ער אָפּליגן אויף אַ סאָפע אָן לשון און אָן פאַרלאַנג.

די שטראַלן פון דער זון מוזן דאָ האָבן אין זיך עפּעס אַזעלכעס, וואָס שלעפערט איין דעם ווילן, וואָס ניוועלירט. אָט זיינען אַלע מיינע קהלשע אינטערעסן צעשוווּמען און צע-רונען געוואָרן אין פאַרלויף פון די דאָזיקע אַכט טעג. איך גע-

דענק קוים דעם צוועק פון מיין ווייטער נסיעה. דער עולם פון דריטן קלאַס, אונדזער ביסל עמיגראַנטן, וואָס פלעגן שיקן דע־פוטאַציעס יעדן טאָג און בונטעווען, איין גאָט ווייסט צוליב וואָס, זיינען אַזוי ווי העט ווייט-ווייט אָפּגעשוווּמען פון מיר. עס עקזיסטירט נישט קיין אַרגענטינע, קיין יידישע וואַנדערונג־פּראַגע, קיין יידישע קאָלאָניזאַציע. דאָס זיינען אַלץ בילדער און אָפּשפּיגלונגען פון אַ ווייטער פרעמדער וועלט. „גאָט האָט גע־מאַכט דעם מענטש גראַד", און די וועלט איז אַ גראַדע, אַ גלייכע, הימל און וואַסער, און שטיקלעך, ברעקלעך צייט, מינוטן און שעהן און טעג, און וואָס נאָך? — איך קאָן מיך קוים דערמאָנען.

נאָר אָט האָבן מיר באַקומען דעם ערשטן גרוס פון דרום־אַמעריקאַנישן קאָנטיגענט. מיר פאָרן פאַרביי אַ ווילסטער אינדזל מיטן נאָמען פערנאנדאָ נאַראָנכאַ, וואָס ליגט נישט ווייט פון בראַ־זילישן פּאָרט פערנאַמבוקאָ. מען דערקלערט מיר, אַז דאָס איז די בראַזילישע קאַטאָרגע, וווהין זי פאַרשיקט די שווערע פאַרברעכער. דער אַריינגאַנג צו דער אינדזל איז זייער שווער, די שוימעדיקע כוואַליעס ביי די פעלזיקע ברעגן, היטן בעסער אָפּ די פאַרברעכער, זיי זאָלן נישט אַנטלויפן, ווי די חילות, מיט וועלכע קיין שום רעגירונג אין בראַזיליע איז ניט זיכער, ווייל זיי בונטעווען זיך יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק. די פאַרברעכער לויפן נישט, ווייל דער ים האַלט זיי פעסט איינ־געשלאָסן. און מען דערציילט, אַז די פאַרשיקטע האָבן דאָ איינגעאָרדנט אַ מענטשלעכן ישוב, באַאַרבעט פעלדער און גע־בויט הייזער. פון דערווייטן זעט מען פון אַ טאָל אַרויסבלאַנקען רויטע דעכער.

איך וויל ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט דערמאָנען אַ מאָד־נעם צופאַל: ביים אָנקומען צום דרום־אַמעריקאַנישן קאָנטיגענט, באַגעגנט מען צום ערשטן אַ הייסע קאַטאָרגע, ענדיקן ענדיקט

זיך ווידער דער קאָנטיגענט מיט אַ קאַלטער קאַטאָרגע; די אינדזל „טיערא דע פוּיגאָ" (פייערלאַנד), וואָס איז דער סיביר פון דער אַרגענטינישער רעפּובּליק. צוויי מאָל איז שוין פון דאָרט געלאָפן דער יונגער יידישער טעראָריסט ראַדאָוויצקי, וואָס האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק דערהרגעט דעם פּאָליציימייסטער פון בוענאָס-איירעס און צוויי מאָל האָט אים טשילע צוריק איבערגעגעבן; אין דער געשיכטע פון די יידן אין אַרגענטינע האָט יענער אַקט פון אַ פאַנאַטיקער געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג. די שרעק און בהלה פון פּאָגראָמען זיינען איבערגעלעבט געוואָרן, און ביז היינט האָט מען זיי נישט פאַרגעסן. פּאָגראָם-שרעק, פּאָגראָם-שטימונג איז אַ זאַך, וואָס קריצט זיך איין אין מענטשלעכן זכרון אויף אייביק און לאָזט איבער שפּורן נישט אויסצומעקן.

די קאַטאָרגע און די רויטע דעכער האָבן מיך צוריק אַריינגעצויגן אין דער ספערע פון מענטשלעכע אינטערעסן, ליב איז די רו ביים פּאָרט פּערנאַמבּוקאָ. דאָס שיף לאָדעוועט אָפּ און לאָדעוועט איין; אַ הו-הא און אַ באַוועגונג פון מענטשן, אַרויף און אַראָפּ פון שיף. אומעטום שוואַרצע פּנימער, נעגערס אָדער האַלבע נעגערס. דער שוואַרצער מענטש איז אין בראַזיליע ביי זיך אינדערהיים. נישט לאַנג צוריק איז דער נעגער געווען דער שקלאַף, און איז געגאַנגען איינגעשפּאַנט צום אַקער-אייזן, און דער ווייסער האָט אים אָנגעטריבן מיט אַ בייטש. איצט איז אין בראַזיליע אָפּגעווישט יעדער שפּור פון קנעכטשאַפט. דער נעגער געניסט דאָ די פולסטע מאָס פון גלייכבאַרעכטיקונג, און עס איז פאַרשוווּנדן פון זיין שוואַרצן פּנים יענע אונטערטעניקע גרימאַסע, דאָס נעגערישע שמייכעלע, וואָס וואַרפט זיך אַזוי אין די אויגן אין צפון-אַמעריקע. דאָ האַנדלט ער און וואַנדלט, טוט שווערע אַרבעט און דאָס ערשטע מאָל

אין מיין לעבן האָב איך דאָ געזען, ווי אַ נעגער בייזערט זיך אויף אַ ווייסן. ביים לאָדעווען פון די קאַווע-זעק, האָט אַ זאַק געפּלאַצט און עטלעכע פונט קאַווע-קערנדלעך האָבן זיך צעשיט אויפן דעק פון שיף. האָט דער נעגער גענומען מאַכן קולות און בייזערן זיך און קאָמאַנדעווען גאָר מעשה באַלעבאָס. ביים פּאָרט האָב איך קיין ווייסן מענטשן נישט געזען, אפשר דערפּאַר, וואָס ס'איז געווען מיטאָג-צייט, ווען די זון באַקט הייס, און אין די עקוואַטאָרישע לענדער גייט דער ווייסער מענטש נישט אַרויס פון זיין הויז אין די מיטאָג-שעהן. די געשעפטן זיינען דעמאָלט געשלאָסן, מען באַהאַלט זיך אין שאָטן פון די הייזער, און טיילמאָל מוז מען נעצן דעם קאָפּ מיט קאַלט וואַסער.

און די רייזע גייט איצט לענג-אויס דעם בראַזיליאַנישן ברעג: אומעטום גרינס, אומעטום פּאַלמעס און פאַרביקע געביידעס. דיזעלבע היץ, וואָס האָט אַפריקע פאַרצערט און אויסגעטריקנט, האָט דאָ באַפרוכטעט און באַגרינט; די שפע פון גרינס, וואָס באַדעקט די ערד, איז דאָ אַזוי גרויס, אַז אייך דוכט זיך צו הערן און זען דעם פּראָצעס פון וואַקסן און בליען. די ערד הערט אויף צו זיין אַ טויטע זאַך, עפּעס אַ ריזיק לעבעדיק באַשעפעניש באַוועגט זיך און צירט זיך מיט פאַרבן, אַזוי ווי אַ פּאַווע מיט אירע פעדערן.

פערנאַמבוקאָ האָט מיך אַרויסגעריסן פון טראָפּישן דרימל, און ריאָ דע זשאַנעיראָ האָט מיך אינגאַנצן אויסגעניכטערט. דאָ האָב איך שוין געטראָפן אונדזער ביסל יידלעך, אַ דעלעגאַציע פון דער ביבליאָטעק האָט מיך דערוואַרט, און מ'האָט זיך שטאַרק אינטערסירט, וואָס הערט זיך מיטן מאַנדאַט.

אויף דער נאַכט בין איך געזעסן אין אַ רעסטאָראַן אין ריאָ אויף דער הויפּט-גאַס, די אַבעגידאַ ריאָ בראַנקאָ, אַ גע-

מישטע געזעלשאַפט זיינען מיר געווען, אַ דייטש, אַן ענגלענדער און איך. שוואַרצע פּנימער אין ווייסע אַנצוגן האָבן אויסגעפּילט דעם זאַל. ס'איז געווען — א ו נ ד ז פאַרשטייט זיך — זייער דושנע, לופט האָט געפעלט צו אָטעמען, און אין דער הויך, ביים סופיט, האָבן ריזיקע ווענטילאַטאָרס ווי לעבעדיקע שלאַנגען געדרוישט, כדי צו פאַרשאַפן אַ ביסל לופט. יענע פרויען האָבן זיך אויך איינגעפונען, און פון אַ קעגנאיבערדיקן טיש האָב איך דערהערט מאַמע-לשון פון אַ רייך-געקליידעטער דאַמע... איך האָב מיך פאַרשעמט פאַר מיינע באַגלייטער...

ו

## ריאָ דע זשאַנעירא.

בראַזיליע פייערט דעם הונדערט-יעריקן יובילײ פון איר זעלבסטשטענדיקייט. דאָן פעדראָ דער ערשטער, וואָס האָט פאַרלאָזט די קעניגלעכע שטול פון פּאָרטוגאַל, געיאָגט פון נאַפּאָליאָנס חילות, איז געקומען קיין ריאָ דע זשאַנעיראָ, און דאָ האָט ער דערקלערט די זעלבסטשטענדיקייט און זיך אַליין האָט ער געלאָזט קרוינען פאַר דעם ערשטן קיסר פון בראַזיליע דאָס איז געשען דעם 5 סעפטעמבער 1822, און איצט, אין יאָר 1922, אונטער דעם רעזשים פון דער רעפּובליק, ווערט מיט גרויס פּאַראַד געפייערט דער יום-טוב, און דעם 5 סעפּ-טעמבער ווערט אָפיציעל געעפנט די וועלט-אויסשטעלונג.

עס רעט זיך נאָר אַזוי, אַז די אויסשטעלונג ווערט צו דעם טאָג געעפנט. אין בראַזיליע האָט מען צייט, אין בראַ-זיליע איילט מען זיך נישט. די אויסשטעלונג איז נאָך נישט פאַרטיק. טויזנטער הענט זיינען נאָך באַשעפטיקט מיט אַרבע-טן ערשט מיט א חודש צוריק איז איינגעפאַלן א גאַנצער פּאַ-

וויליאָן און צוואַנציק אַרבעטער זייַנען דערהרגעט געוואָרן, אויך נישט קיין מיליע, און קיינער קימערט זיך נישט אין דעם לאַנד וועגן אַזוינע קלייניקייטן. נישט נאָר צייט איז פאַראַן גענוג, נאָר אויך מענטשן גענוג, — 30 מיליאָן מענטשן באַוווינען דאָס ברייטע ווייטע לאַנד, און די שיפן ברענגען-צו נייע עמי־גראַנטן, און די נעגערס און מולאַטן פאַרמערן זיך, קיין עין-הרע. דאָס לאַנד האָט אַ ווילדע פרוכטבאַרקייט, דער הימל גיסט מיט וואַרעמקייט, דער ים — מיט פייכטקייט און רעגן, אַלץ גרינט און וואַקסט, און וועלקט אויך אַזוי גיך. און די מענטשן פאַרמערן זיך מיט גרויס שפע און שטאַרבן מאַסנווייז פון טובערקולאָז און סיפיליס, און אַנדערע היימישע קראַנקהייטן, וואָס נאָר בראַזיליע ווייסט פון זיי. דאָס קאָנטאָ-בוך פון דער נאַטור שטימט: אַ גרויסע הוצאה און אַ גרויסע הכנסה.

די אויסשטעלונג וועט מן-הסתם ערשט פאַרטיק זיין אין עטלעכע חדשים אַרום, אויב דורך דער צייט וועלן נישט איינפאַלן נייע פּאַוויליאָנען. אָבער מיר האָבן איצט אין ריאָ דע זשאַנעיראָ קריגס-צושטאַנד (אַזוי ווי איר הערט!), ווייל פאַר עטלעכע וואָכן ערשט האָט זיך אַ טייל פון מיליטער געבונטע־וועט, און אַ דעקרעט פון פרעזידענט וועט דערקלערן די אויס־שטעלונג פאַר אָפן.

דערווייל גייט אַ סדרה פון געסט. דעלעגאַציעס קומען־אָן פון אַלע לענדער. די קריגס-שיפן אין פּאָרט סאַלוטירן מיט שאָסן. דער ניי-געוויילטער פרעזידענט פון אַרגענטינע איז דורכגעפאָרן, די בעלגישע דעלעגאַציע מיטן באַרימטן בירגער־מייסטער פון בריסעל מוסיע מאַקס זייַנען דאָ, און אויך אַ בר־מינן איז אָנגעקומען צווישן די געסט: דער איידעם פון לעצטן קיסר פון בראַזיליע, דער פירשט ד׳אָ, אַן 80-יעריקער זקן, איז אַרויסגעפאָרן אויף דער שיף „מאַסיליאַ״ מיט זיין טאָכטער

און אייניקלעך. עס האָט זיך אים פאַרגלוסט צו וועקן די קריי־זערלעכע געפילן ביי דעם בראַזילישן פאָלק. אַמאָל, אַמאָל איז ער געווען פעלדמאַרשאַל פון בראַזיליע און האָט אָנגעפירט די מלחמה מיט פּאַראַגוואַיי. איז ער געפאָרן אויף דער עלטער, כּדי צו דערפרישן די אַלטע זכרונות, און אויפן וועג איז ער געשטאָרבן.

די קריגס־שיפן האָבן ווידער באַקומען די געלעגנהייט צו שיסן, און די בראַזילישע פאָנעז זיינען געווען האַלב־געזונקען אין טרויער. די רובריק פון די צייטונגען וועגן דער אויס־שטעלונג האָט געהאַט מיט וואָס אויסצופילן גאַנצע קאָלומנעס,— מען באַדאַרף צו זיין אַן איינגעשפּאַרטער אפּיקורס אויף צו זאָגן, אַז די אויסשטעלונג איז נאָך נישט אָפן.

אַ קלייניקייט: די דייטשן זיינען ניט רעפּרעזענטירט אויף דער אויסשטעלונג, זיי וועלן קיין פּאַוויליאָן נישט האָבן, כאָטש דער האַנדלס־פאַרקער מיט דייטשלאַנד האַלט אין איין וואַקסן. מען דערציילט, אַז די דייטשן האָבן געבעטן ביי דער רעגירונג אַ שטיקל פּלאַץ פאַר זיך אין דעם רעגירונגס־פּאַוויליאָן, האָט מען זיי אָפּגעזאָגט. מען שמועסט אויך, אַז די דייטשן האָבן בדעה צו מאַכן אַן אויסשטעלונג אויף אַ שיף, וואָס זיי וועלן צושיקן. איר דאַרפט צו געדענקען, אַז בראַזיליע איז געווען אַן אַלירטער, האָט דערקלערט מלחמה, און האָט פון קריגס־רויב באַקומען עטלעכע דייטשע שיפן. אמת, ערשט נאָך לאַנגע קריגערייען מיט פראַנקרייך, און ערשט נאָכדעם, ווי פראַנקרייך האָט די שיפן גענוצט צוויי יאָר, האָט זי זיי צוריקגעשיקט אין זייער אַ קלאָגעדיקן צושטאַנד. עס מאַכט נישט אויס. בראַזיליע איז סענטימענטאַל, און די פאַרערונג פאַר פראַנקרייך איז דאָ שטאַרקער, ווי אַלץ אויף דער וועלט.

איך מיין אָבער, אַז דער רייזנדער, וואָס איז אהער גע־

קומען אויף דער אויסשטעלונג, וועט נישט קיין חרטה האָבן. די נאַטור האָט דאָ שטענדיק די שענסטע אויסשטעלונג גע־מאַכט. בראַזיליע איז דאָס לאַנד פון ווונדער. און ריאָ דע זשאַנעיראָ, איז דער ווונדער פון אַלע ווונדער. די פּאַנאָראַמע, וואָס עפנט זיך דאָ פאַרן אויג, ביים אַריינפאָר צום פּאָרט, האָט זיין גלייכן נישט אויף דער וועלט. איר קומט אַריין צווישן אַ גאַנצן לאַבירינט פון קליינע בערגער, אָפּגעזונדערטע אינדזלען. לענג־אויס די ברעגן פון די בערג, טיילמאָל אַרויפגעקלעטערנדיק אויף זיי, שלענגלט זיך דער רייכער שטאָט־טייל, וואָס איז אַן אמתע אויסשטעלונג פון קליינע ווילעס אין די פאַרשיידנסטע סטילן. און אַלץ לעבט, אַלץ דוכט זיך צו האָבן אַ נשמה אין זיך: די פּאַלמען, די באַוועגטע וואַסער־מאַסן אין די שמאָלע דורכגאָסן, אפילו די בערג. זיי זיינען אַזוי צירלעך אויסגע־פאָרמירט, אַזוי אויסגעטאָקט און ווייך אויסגעשניטן, גלייך ווי אַן אַרכיטעקט זאָל זיי האָבן געמאַכט מיט דעם מיין צו גלעטן דאָס אויג. פאַר אַ מוסטער קאָן דינען דער נאָמען פון איינעם פון די בערג — „פּאָן דאָ אַסוגאַר", וואָס ס'מיינט: דאָס היטל־צוקער, און אַזוי ווי דאָס „היטל־צוקער", אַזוי זיינען אַלע בערג־לעך אויסגעגאָסן ווי פון אַ מייסטערס האַנט.

און פרילינג איז אין ריאָ דע זשאַנעיראָ. ס'איז איצט, אייגנטלעך, דער סוף פון ווינטער דאָ, און די בעסטע צייט פון יאָר. די ווינטן פון ים בלאָזן דורך די שפּאַלטן צווישן די בערג, ריאָ איז אַזוי ווי אַ ווילע אינמיטן ים, מיט גרויסע אָפענע פענסטער צו אַלע זייטן, פול מיט זון־שיין און רייך מיט קאָלירן.

אַזאַ געמיש פון ראַסן וועט איר ערגעץ נישט טרעפן. ווער האָט דאָס אויסגעקלערט, אַז ניו־יאָרק איז דער שמעלץ־טאָפּ פאַר ראַסן! יענער שמעלץ־טאָפּ האָט העכסטנס צו טאָן

מיט נאַציעס, מיט קולטורן, מיט שפּראַכן. בראַזיליע איז דער אמתער שמעלץ־טאָפּ פאַר ראַסן, פאַר בלוט-אויסמישונג. דריי ראַסן זיינען זיך דאָ צוזאַמענגעקומען: די רויטע, די איינגע-בוירענע; די שוואַרצע פון אַפריקע און פאַרשיידענע פעלקער פון דער ווייסער ראַסע. און דער מענטש האָט זיך דאָ נישט זשעניִרט, ער איז נישט געווען ווייל־עריש ביים פּאַרקער צווישן מאַן און ווייב. אונטער דעם טראָפּישן הימל איז די לופט דורכגעזאַפּט מיט עראָטיק, און די מענטשן האָבן הייסע געבליטן. דער רויטער מיטן ווייסן איז זיך צוזאַמענגעקומען, דער ווייסער מיט שוואַרצן, און דער שוואַרצער מיטן רויטן. הונדערטער יאָרן געדויערט שוין דער פּראָצעס, און איר קאָנט דאָ אָנטרעפן, ביים דורכגיין איין-איינציקע גאַס, אַלע מעגלעכע פאַרבן פון פּנים, אַלע שאַטירונגען, אַלערליי שטריכן, אַלערליי ציינער און קינבאַקן און אַלערליי האָר. איר זעט נאָך אַ נעגער פון ריי-נעם טיפּ מיט אַ גלאַנציק שוואַרץ פּנים, אַ העלן סקאַנדינאַווער, אַ ברייט ברוין פּנים מיט גלאַנציקע גלאַטע האָר פון אַן אינ-דיאַנער, און דערביי אַלערליי אויסמישונגען, אַלערליי קאָמבינאַ-ציעס, וואָס אַזאַ לאַנגער פּראָצעס פון בלוט-אויסמישונג האָט געקאָנט געבן. אָט זעט איר אַ מענטש, אינגאַנצן, דוכט זיך, אַ פאַרשטייער פון דער ווייסער ראַסע, נאָר פּלוצלונג גיט ער אַ פינטל מיטן אויג, און דאָס ווייסל פון אויג וואַרפט אַ מאָדנעם בליץ, און איר דערקענט דעם זון פון אַפריקע. אָט איז אַ קליין שול־קינד, האָט אַן אייראָפּעישע פאַרב פון פּנים, אָבער די האָר זיינען מאָדנע שוואַרץ און גלאַטיק, און דאָס ברייטע מויל דערציילט אייך וועגן אַ צומיש פון רויטן בלוט.

אַן אמתע נאַטור-אויסשטעלונג פון בלוט-פאַרמישונג האָט איר דאָ.

וואָלט איר געגלויבט, אַז יידן זיינען פעיק חתונה צו

האָבן מיט שוואַרצע? — דאָ, אין דעם לאַנד, זיינען פאַראַן אַ סך אַזוינע פאַלן. אַ בחור פון בעסאַראַביע ווינט־אָפּ אַ לאַנגע צייט אין אַ פאַרוואָרפן שטעטל, און צום סוף, נישט קאָנענדיק מער פאַרטראָגן די איינזאַמקייט, האָט ער חתונה מיט אַ האַלבער, צי אַ גאַנצער נעגערקע, און עס ווערן געבוירן קליינע שוואַרצע יידעלעך. איינער אַזאַ ייד האָט איצט איבערגעלאָזט אַן עגונה, אַ נעגערקע, מיט עטלעכע שוואַרצע קינדערלעך און איז אָפּגעפאָרן אַהיים קיין בעסאַראַביע. טוט זיך מעשים — אַזאַ סקאַנדאַל!

פיר בייטאָג הערט דאָ אויף די אַרבעט, די זון לייכט נאָך העל, און שוואַרצע פנימער אין העלן זייד געקליידט (נעגערקעס האָבן זייער ליב זיידנס), מיט פיינע טאַליעס, שפּאַצירן, ס'איז אַ ווילד געמיש פון שרייענדיקע פאַרבן: רויט, בלוי, גרין, און דאָס שוואַרצע פנים: ווו זענט איר? צי נישט אויף אַ בילדער־אויסשטעלונג פון פוטוריסטן?

די נאַטור גיט דאָ די שענסטע אויסשטעלונג און דאָס שענסטע קונסט־בילד.

ז

## די „טמאים“.

בוענאָס-איירעס האָט אַ טרויעריקן רום אויף דער יידישער גאַס.

אין די אָרעמע יידישע קוואַרטאַלן אין וואַרשע, לאָדז, אָדעס, וועט מען אייך אַ סך, אַ סך דערציילן וועגן איר; די דאָזיקע אָרעמע קוואַרטאַלן זיינען געווען די הויפּט-מערק, וווהין די הענדלער פון לעבעדיקע סחורה זיינען געקומען איינקויפן זייער „סחורה“; געגאַנגען איז די „סחורה“ קיין בוענאָס-איירעס.

יעדער איינקויף-מאַרק באַציט זיין סחורה פון אַן אַנדער פּלאַץ. דער בוענאָס-איירעסער מאַרק האָט געפירט זיין „סחורה“ פון וואַרשע, לאָדז, קראָקע, לעמבערג און אָדעס.

פון בוענאָס-איירעס ווייסט צו דערציילן אויך דאָס יידישע פאָלקס-לידל.

ווען איך האָב מיט פיל יאָרן צוריק געזאַמלט פאָלקס-לידלעך, האָב איך מיך נישט איינמאָל אָנגעשטויסן אויף דעם וואָרט „בוינע“, און האָב נישט פאַרשטאַנען די באַדייטונג.

איינע אַ ווערסיע פון אַ פאָלקס־לידל זאָגט:

„דיין טאַטע איז אַ סמאַראָוואָזניק א. אַז. וו.

און דיין שוועסטער איז אין בוינע״.

שפּעטער בין איך געוואויר געוואָרן, אַז אויפן לשון פון די פרויען־הענדלער ווערט בוענאָס־איירעס אָנגערופן „בוינע״.

אין שפּאַנישן ווערט דאָס וואָרט „בוינע״ (גוט) באַנוצט אַזוי אָפט, ווי אין ענגלישן דאָס וואָרט „וועל״.

די פרויען־הענדלער שטעלן מיט זיך פאָר אַ וועלט־אָרגאַניזאַציע, וואָס אירע נעצן זיינען אויסגעלייגט אין די ווייטסטע ווינקעלעך פון אונדזער ערד, אין יאַקאָהאָמאַ, קאַלקוטאַ, פּונקט אַזוי ווי אין פּאַריז, וואַרשע און בערלין, אַן אָרגאַניזאַציע מיט אַגענטן, קאַנטאָרן, גרויס־הענדלער און דעטייל־הענדלער, און זי האָט אויך איר „זשאַרגאָן״ און אירע באַזונדערע צייכנס און שיפרירטע דעפּעשן.

„בוינע״ באַצייכנט בוענאָס־איירעס.

פון וויטן מזרח מיט פּאַסיפיק ביז די ברעגעס פון טשילי, און פון סקאַנדינאַוויע מיטן אָקעאַן ביז אַרגענטינע — אויף אַלע גרויסע וואַסער־וועגן גייט דער האַנדל.

יידן, צו אונדזער גרויסער שאַנד, זיינען באַטייליקט אין דעם האַנדל נישט אין אַ קליינער מאָס.

כאָטש ס׳איז אַ טעות, אויב מען מיינט, אַז זיי זיינען די איינציקע, אָדער די ערשטע, אויף דעם געביט.

אין אַרגענטינע, לויט די ידיעות, וואָס איך האָב דאָרט געזאַמלט, פאַרנעמען דעם ערשטן פּלאַץ צווישן די פרויען־הענדלער די פראַנצויזן: די גרעקן פאַרנעמען דעם צווייטן פּלאַץ; ערשט אויפן דריטן קומען די יידן.

די געשיכטע איז, וואָס דער ייד האָט שוין אַזאַ נאַטור: ער וואַרפט זיך מער אין די אויגן אַריין און לאָזט זיך מער

הערן, ווי אַנדערע. דער נאַציאָנאַלער טעמפּעראַמענט גיט אים אויס.

אין חודש מערץ פון פאַריקן יאָר, ווען איך בין אָנגעקומען קיין בוענאָס-איירעס, האָב איך געזוכט מיט די אויגן אַרום מיר די רויטע אינדיאַנער, די אַלטע איינוווינער פון אַרגענטינע, און די „חברה-לייט״, די פרויען־הענדלער; איך האָב געמיינט, עס ווימלט פון זיי אַרום, אַז מען זעט זיי אומעטום. איך האָב אָבער קיין צייכן נישט געטראָפן — נישט פון אינדיאַנער און אויך נישט פון פרויען-הענדלער.

מינדעסטנס, האָב איך קיינעם פון זיי נישט אָנגעטראָפן די ערשטע טעג.

איך האָב געטראָפן יידן סוחרים, אַרבעטער, רעדאַקטאָרן, זשורנאַליסטן, גבאים און כלל-טוער, אַ פאַרצווייגט און זייער סימפּאַטיש, זייער פאָלקסטימלעך יידיש לעבן.

צי באַהאַלט מען נישט עפּעס פון מיר?

אַווּ זיינען זיי, די „חברה-לייט?״

נאָר זייענדיק אין לאַנד עטלעכע וואָכן, בין איך ערשט געוווּיר געוואָרן, אַז די יידישע קהילה פון בוענאָס-איירעס איז איינע פון די ריינסטע און אָפּגעהיטנסטע אין דעם זין.

אַן ערך 60,000 יידן געפינען זיך אין בוענאָס-איירעס, מיט אַן אייגענער גרויסער צאָל יידישע אָרגאַניזאַציעס פון אַלערליי מינים.

אַ „חברה-מאַן״ האָט ערגעץ נישט קיין צוטריט, אין קיין שום יידישע געזעלשאַפט ווערט ער נישט צוגענומען, קיינער וועט נישט וואַגן צו ווייזן זיך מיט אַזאַ פּאַרשוין אויף דער גאַס; אין יידישע שולן ווערן זיי נישט אַריינגעלאָזט; קיין נדבה ווערט פון זיי נישט אָנגענומען, און זייערע טויטע ווערן נישט באַגראָבן אויפן יידישן בית-עולם.

אָפּגעשייט זיינען זיי, אַרויסגעוואָרפן — „מחוץ למחנה“.
זייער נאָמען איז — די „טמאים“ (די אומריינע).
ווי אַ פּעסט מיידט מען זיי אויס.

אָבער די דאָזיקע פינסטערע פאַרשוינען, וואָס שטאַמען פון די סאַמע נידריקסטע ספערן נויטיקן זיך גראָד אין אַ שול און אַ בית-הקברות. די גרויסע מאסע זייערע איז אַבערגלויביש, פונקט אַזוי ווי גרויזאַם זיי זיינען. ראש-השנה און יום-כפור פאַלט אויף זיי אָן אַ מורא, און זיי שלאָגן זיך גאַנץ געשמאַק על-חטא אויף זייערע פאַרברעכערישע בריסטן.

אָבער דאָס זיינען זיי געצווונגען צו טאָן אין זייערע אייגענע שולן.

אַ ייד וועט צוזאַמען מיט זיי נישט דאַווענען.

און זייערע טויטע מוזן זיי פירן מיילן-ווייט פון דער שטאָט אַרויס, ווו זיי האָבן זייער אייגן בית-הקברות.

זייער צאָל איז איצט נישט גרויס. פון 3000 ביז 5000 פאַמיליעס ווערן זיי געשאַצט.

אָבער מען זעט זיי נישט, אַזוי ווי אַמאָל. זיי זיצן פאַרשטעקט אין זייערע נאָרעס.

אַמאָל אָבער איז דאָס אַנדערש געווען.

אַמאָל האָבן זיי פאַרנומען די גאַנצע געגנט אַרום די גאַסן קאָוואַזשע, כונין און אָבמו, דאָרט, ווו די יידישע באַפעלקערונג איז זייער געדיכט איצט.

בוענאָס-איירעסער יידן — דאָס זיינען געווען זיי. די אימיגראַציע איז נאָך געווען קליין, און אויף יעדן „וויטישן“ *) האָבן זיי געקוקט פון אויבן-אַראָפּ. זיי האָבן געפירט דאָס רעדל.

---

*) אַ „וויטישער“ ווערט אָנגערופן אויף זייער לשון איינער, וואָס בעהערט נישט צו זיי.

זיי האָבן טעראָריזירט די „וויטישע".

און מיט אַ יאָר 15 צוריק האָבן זיך אויף קאַוואַזשע אָפּגעשפּילט בלוטיקע געשלעגן. יידישע אָרגאַניזירטע אַרבעטער, סינדיקאַליסטן, האָבן אָנגעהויבן דעם קאַמף.

אָפּט, אָפּט פלעגט מען זיך שלאָגן מיט מעסערס. בלוט האָט זיך געגאָסן אין די גאַסן.

אין עטלעכע יאָר אַרום ווערט געשאַפן אַ גרויסע באַוועגונג צווישן די אָרטיקע יידן זיך אָפּצושיידן פון די פרויען-הענדלער.

עס ווערן צוזאַמענגערופן מיטינגען.

אויף די מיטינגען האָט מען פּראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס די אָרטיקע שפּאַנישע באַפעלקערונג און די שפּאַנישע צייטונגען גלויבן, אַז „כידיאָ" אָדער „רוסאָ" איז דאָסזעלבע, וואָס „רופיאַן" (אַ פרויען-הענדלער). מיר זיינען אַן אַרבעטנדע באַפעלקערונג, וואָס ווילן נישט האָבן געמיינזאַמעס מיט די אויסוואורפן.

„חברה-לייט" האָבן זיך געוועהרט. זיי האָבן געפּרוווט אויפצורייסן די פאַרזאַמלונגען. עס האָט נישט געהאָלפן.

אַ גרויסע יידישע דעמאָנסטראַציע, 10 טויזנט מאַן שטאַרק, איז אַוועק צו דער רעדאַקציע פון דער שפּאַנישער צייטונג „לאַ פּרענסאַ" און האָט געפאָדערט:

א) מען זאָל אויפהערן צו באַנוצן דאָס וואָרט „כידיאָ" אַלס אַ באַצייכענונג פאַר אַ „חברה-מאַן".

ב) מען זאָל אָננעמען שאַרפע געזעצן קעגן די פרויען-הענדלער.

די יידישע באַפעלקערונג האָט מיטן אינסטינקט פון זעלבסט-דערהאַלטונג דערפילט די סכנה, וואָס איר דראָט מצד די פרויען-הענדלער, און האָט זיי פאַרשטויסן, פאַריאָגט און

גענומען רייניקן אירע אייגענע רייען.

מיט זיבן אויגן האָט מען געקוקט, און מיט זיבן בעזימס האָט מען געקערט, עס זאָל קיין אָנדענק נישט בלייבן פון זיי, און קיין שום שפּור אין דעם יידישן לעבן.

נאָנטע קרובים האָבן זיך געשיידט, אַ זון האָט זיין אייגענעם טאַטן נישט געוואָלט דערקענען.

עס איז צו באַוואונדערן, מיט וואָסער אויסגעהאַלטנקייט, מיט וואָסער דיסציפּלין די אַקציע איז דורכגעפירט געוואָרן.

קיין שום איינזען, קיין שום רחמנות-געפיל האָט נישט געהאָלפן.

דראַמאַטישע סצענעס, שטאַרקערע נאָך ווי שלום אַש האָט באַשריבן אין „גאָט פון נקמה", האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויף דער סצענע פון לעבעדיקן לעבן אין בוענאָס-איירעס.

עטלעכע ביישפּילן:

אַ זון פון אַ „חברה-מאַן" איז אַן ערלעכער אַרבעטער. חברה-קדישא, ווו יעדער ייד איז פאַרשריבן, ווערט געוויר גענוי, צי דער זון האָט נישט קיין שום באַציונגען מיטן פאָטער. אַלע אינפאָרמאַציעס זאָגן, אַז דער זון האָט איבערגעהאַקט מיט זיין פאָטער, אַז ער פאַרדינט ערלעך זיין ברויט. ער איז אַ מיטגליד. ער שטאַרבט אויף דער גריפּע.

דער פאָטער קומט אַריין אין דעם צימער, ווו דער טויטער זון ליגט אויף דער ערד. ער וויינט.

צווישן די מיטגלידער פון דער „חברה קדישא", וואָס זיינען זיך מתעסק אַרום דעם טויטן, ווערט אַ צורודערנִיש. אַ „טמא" (אַן אומרייַנער) טאָר זיך נישט צורירן צו אַ מת. מען ווייסט נישט, וואָס צו טאָן. ביז איינער האָט דעם קוראַזש און רופט אויס:

„ווער עס געהער נישט צו דער חברה־קדישא, זאָל פאַר־לאָזן דאָס צימער!‟

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן גרויען קאָפּ און מיט רויטע פאַר־לאָפענע אויגן, טראָגט זיך דער פאָטער אָפּ.

אין צווייטן צימער האָט ער היסטעריש מיטן קאָפּ און שרייט, ווי אַ ווילדער געשחטענער אָקס:

— גאָט אין הימל! פאַר וואָס האָסטו אַזאַ אַלטן ח... יונג ווי איך, נישט גענומען, נאָר זיין כשרע נשמה?!

עס העלפט אים נישט. נישטאָ קיין רחמנות. אָפּעשיידט זאָלט איר זיין און פאַרשטויסן!

אַ צווייטער ביישפּיל:

אין באַהיאַ בלאַנקא אַ פּאָרט־שטאָט מיט אַ קליינער יידי־שער באַפעלקערונג, האָט דערגרייכט די ידיעה וועגן באַלפורס דעקלאַראַציע. יידן מאַכן אַ דעמאָנסטראַציע, מיט פענער, מיט מוזיק. די קריסטלעכע באַפעלקערונג שיקט פאָרשטייער צו באַ־טייליקן זיך.

אין דעם גרויזאַמען האַרץ פון אַן אַלטן רייכן פּרויען־הענדלער האָט עפּעס אַ סטרונע געגעבן אַ ציטער, ער קאָן נישט בלייבן אינדערהיים. עס ציט אים אויף דער גאַס אַרויס, ער וויל זיך מיטפרייען, ער האָט אָבער מורא זיך צו ווייזן דינגט ער אַן אויטאָ אַ פאַרמאַכטן און פאָרט נאָך.

אָבער דער עולם איז געוואויר געוואָרן דערפון. עס ווערט אַ טומל, מען רופט פּאָליציי. דער אויטאָ ווערט אַרויס־געפירט פון צוג. „פּאַרקירעווע, אויב דאָס לעבן איז דיר ליב!‟ — שרייט מען.

און ער דערווייטערט זיך.

נישט פריי זיך מיט אונדז צוזאַמען און נישט וויין מיט אונדז צוזאַמען.

אַן ערך צוויי שעה בין איך געפאָרן מיט טראַמווייען, ביז איך האָב דערגרייכט צו זייער בית-עולם.

די טייערסטע מאַרמאָרן, קאָסטשפּיליקע מצבות, און די אויפשריפטן זיינען אויף העברעיש און אויף יידיש, געשריבן מיט נח, מיט זיבן גרייזן.

דער „רב" זייערער איז, קענטיק, ווייניקער פאַכמאַן אין די דראָבנע אותיות, ווי זיי אין זייער פאַך.

צי זיינען אַלע אַזוי רייך, די הענדלער און די עקספּלאָ-אַטירטע פרויען, ווי אָט די מצבות זאָגן עדות? —

ניין, דאָס איז אַ טעות.

אויף דעם בית־הקברות, ווו אַ פּלאַץ קאָסט זייער טייער, ווערט באַגראָבן נאָר די „בורזשואַזיע" פון די פרויען-הענדלער. די קליינבירגער, די געהילפן און אַגענטן געפינען זייער רו-אָרט אויפן שטאָטישן בית-עולם, ווו אַלע נאָמענלאָזע ווערן באַגראָבן.

און דאָס פּראָלעטאַריאַט, די יונגע פרויען, וואָס שטאַרבן געוויינלעך אין עלטער פון 30 ביז 40 יאָר, ווערן בכלל אין ערגעץ נישט באַגראָבן. זייער געביין רוט נישט אין דער ערד.

זייערע קערפּערס גייען אַלע אין די אוניווערזיטעטן, ווו זיי ווערן געשניטן און צעלייגט „צום וווּל פון דער געזעלשאַפט".

## ח

### פרויען-הענדלער אויפן וועג.

אין דער צייט, ווען די יידישע באפעלקערונג אין בוע-נאָס-איירעס האָט אָנגעפירט דעם קאַמף קעגן די פרויען-הענד-לער, כדי זיך אָפצושיידן פון זיי, האָט די אַרגענטינישע רע-גירונג אויך אָנגענומען האַרטע געזעצן קעגן דעם האַנדל מיט לעבעדיקער סחורה.

דער „לעי פּאַלאַסיוס" (פּאַראַסיוס-געזעץ) לייגט אַרויף אַ שטראָף פון 6 ביז 10 יאָר שווערע טורמע אויף יעדן מאַן, וואָס נוצט אויס, אָדער טיילט זיך מיט די פּאַרדינסטן פון אַ פּראָסטיטוּירטער פרוי.

די שאַנד-הייזער זיינען אַזוי אַרום אָפּגעשאַפט געוואָרן. יעדע פרוי איז אָבער געבליבן באַרעכטיקט, זיך אַליין צו פּאַרקויפן.

דערמיט איז דערגרייכט געוואָרן אָט וואָס: די פּראָסטי-טוציע, וואָס איז ביז דאַמאָלט געווען קאָנצענטרירט אין געוויסע גאַסן, איז יעצט צעוואָרפן געוואָרן איבער דער גאַנצער שטאָט.

אין בוענאָס-איירעס וועט איר געפינען אויף יעדער „קוואַדראַ״ (בלאָק, אַ ריי הייזער פון איין גאַס צו דער צווייטער), אַ קאַפע-הויז, אַ געוועלב, וווּ מען פאַרקויפט לאָטעריע-צעטלעך און אַ קאָרידאָר העל בעלויכטן, וווּ איינע פון יענע פרויען רעזידירט.

נישט מער, ווי איינע.

אַזוי ווי אין בוענאָס-איירעס זיינען פאַראַן פיל טויזנט פראָסטיטויִרטע פרויען, קומט-אויס, אַז איר קאָנט נישט דורכגיין עטלעכע הונדערט שריט, נישט אָנצוטרעפן אַ נעסט פון פראָס-טיטוציע.

אונטער יעדער פרוי אַזעלכער שטייט איינער אַ חברה-מאַן, פאַרשטייט זיך, אַז געהיים — וואָס אים געהער די דירה און דאָס מעבל און ער נעמט צו די פאַרדינסטן.

און די פּאָליציי? און דער „לעי פּאַלאַסיוס?״

די פּאָליציי קריגט איר חלק, און דער „לעי פּאַלאַסיוס״ פיגורירט אין די געזעצן.

צווישן דער פּאָליציי און חברה-לייט הערשן אין פאַרשיי-דענע מדינות ענגע באַציונגען.

אין בראַזיל, צום ביישפּיל, איז פאַר די פרויען-הענדלער פאַראַן אַ ספּעציעלע שטראָף, אַן איבערבלייבעניש פון דער אינ-קוויזיציע. אַז מען כאַפּט אַזאַ בחור, מאַכט מען אים אַ קאַלטן טוש. מען שטעלט אים אונטער אַ שטראָם פון קאַלט וואַסער און אַזוי שטייט ער אין די מלבושים אַ שעה, צי צוויי. מען זאָגט, אַז דאָס זיינען אַזוינע יסורים, וואָס מען קאָן זיך קוים פאָר-שטעלן. פיל פאַרלירן דאָס לעבן, די רעשט בלייבן קאַליקעס אויפן גאַנצן לעבן.

און דאָך בליט דער האַנדל מיט לעבעדיקער סחורה אין בראַזיל, בליט און צעוואַקסט זיך, ווי די ביימער אין אורוואַלד,

און די שטראָף טרעפט וועלטן אינעם. נאָר אונעם, וואָס די פּאָליציי האָט מיט אים געהאַט עקסטרע חשבונות.

אינגריקנס, איז דאָס קיין נייס נישט. אויך ניו־יאָרק האָט וואָס צו דערציילן פון בשותפותדיקע מעשים צווישן דער פּאָליציי און „חברה־לייט".

און אויב „חברה־לייט" זיינען שטאַרק צוריקגעשטויסן געוואָרן די לעצטע יאָרן, אויב די האָבן פאַרלוירן זייער אַמאָליקע מאַכט, אויב דער „מסחר" איז בכלל געלעגן אין דער ערד, — זיינען נישט די אַרגענטינישע געזעצן און נישט די פּאָליציי־ישע אינקוויזיציע אין בראַזיל דערין שולדיק.

שולדיק איז געווען די וועלט־מלחמה.

דער פרויען־האַנדל, איז אַן אינטערנאַציאָנאַלער האַנדל. ער ווערט געפירט פון קאָנטינענט צו קאָנטינענט, איבער די ווייטע ימען, און ווי יעדער גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער האַנדל, נויטיקט ער זיך אין פרייהייט פון די ימען, אין פרייער אומגעשטערטער באַוועגונג, לייכטע, און ביליקע, קאָמוניקאַציע און טראַנספּאָרט.

די מלחמה האָט דעם מסחר רויִנירט און איצט לעבט ער ווידער אויף.

ביי די פּוילישע און רומענישע קאָנסולן אין בוענאָס־איירעס און ריאָ דע זשאַנעיראָ רייסט מען ממש אָפּ די טירן. „חברה־לייט" מאַכן וויזעס, פּעקלען זיך אין וועג אַריין.

און אין פּוילן הערן זיך ווידער מעשיות וועגן פאַרשוווּנדענע מיידלעך.

אויף די שיפן, וואָס גייען פון דרום־אַמעריקע קיין אייראָפּע, איז ווידער אַ באַוועגונג.

אַגענטן ווערן אַרויסגעשיקט.

מען פאָרט איינקויפן „סחורה".

די ערשטע שוואַלבן האָבן זיך שוין געלאָזט קיין אייראָפּע. די רעשט וואַרט אויף די רעזולטאַטן פון דעם אַוואַנגאַרד.

אין באַהיאַ, אַ פאָרשטאָט אין בראַזיל, האָט דאָס שיף „אָרלאַנדאָ", מיט וועלכן איך בין געפאָרן צוריק קיין אייראָפּע, אויפגענומען אַ פּאַסאַזשירקע פון צווייטן קלאַס, אַ הויכע, ריזיקע פרוי, גאַנץ עלעגאַנט געקליידט. זי האָט גערעדט פּליסיק און היכטיק פראַנצויזיש און ענגליש, און קיין זאַך וואָלט נישט געקאָנט וואַרפן אויף איר דעם מינדסטן חשד. זי האָט זיך העפלעך געגריסט, זייער גוט געהאַלטן זיך ביים טיש. נאָר איין זאַך איז אויפגעפאַלן: איר שטים, אַ רויע, שרייענדיקע, אווינע, וואָס דערמאָנט אין אַ געוויסער קאַטעגאָריע פרויען, וואָס פלוכן און שעלטן ביז צום הייזעריק ווערן. דערצו איז זי געווען אַ ריידעוודיקע, האָט געזוכט באַקאַנטשאַפטן, און איר גרילצנדיקע שטים האָט אַ גאַנצן טאָג געהילכט אויף דעם אויבער-דעק.

נאָך דעם ערשטן טאָג האָט זי מיר דערציילט, אַז זי פאָרט קיין בערלין און לאָנדאָן איינקויפן סחורה, אַז זי האָט אַ געשעפט אין באַהיאַ.

דעם צווייטן טאָג האָט זי, אפנים, געהאַט פאַרגעסן דעם שמועס (אָדער זי האָט געהאַלטן פאַר איבריק צו באַהאַלטן פון מיר) און זי האָט דערציילט מיר, אַז זי האָט אַ האָטעל אין באַהיאַ.

אומגערנוויליק האָב איך געמאַכט אַ גרימאַסע. מיר איז דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, אַז איב מען זאָל נעמען דעם ריזיקן קערפּער און אַרייַנשליידערן אין ים אַריין, וואָלטן די רויב-פיש געהאַט אַ גוטע סעודה, און פאַר די מענטשן וואָלט עס קיין אומגליק זיכער נישט געווען. איך האָב אָבער נישט אויסגעגעבן מיינע געדאַנקען און האָב מיך פאַרהאַלטן צו איר גלייכגילטיק, נישט צו פאַרלירן איר צוטרוי.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך האָב פאַר מיר אַ הענד־לערקע פון דער ערשטער קאַטעגאָריע.

אין אַ שעה אַרום האָבן מיר שוין געשמועסט יידיש. זי איז פון לאָדזש.

זי האָט שוין גענוג אַרומגעבלאָנקעט אויף דער וועלט. אַלט איז זי אַ יאָר 40. צו צוואַנציק יאָר אַוועק פון לאָדזש און אויסגעווען אין לאָנדאָן, אין אַרגענטינע און איצט פירט זי אַליין אַ הויז אין באַהיאַ.

„נאַרישע פרויען, — האָט זי פאַרטרוילעך גערעט, — לאָזן זיך אויסנוצן פון די מענער. אַ מאַן זאָל אַרבעטן, אַנישט גיי דיר געזונטערהייט. מיינער האָט ליב געהאַט אויסצוברענגען. אַראָפּגעקומען צו מיר פון וואַרשע און האָט געמיינט, ס׳איז אַמאָליקע צייטן. איך זאָל אַרבעטן און אים אָנשטופּן דעם בייזן האַלדז. אַ מכּה דיר! איך האָב אים דורכגעטריבן. ער איז אַנטלאָפן, ווו דער פעפער וואַקסט, אַנישט וואָלט ער שוין דאָרט פאַרפוילט געוואָרן ערגעץ... וואָס איז? הפקר אַ וועלט? אַ פרוי אַרבעט נעבעך שווער און ביטער...

אַזוי האָט זי גערעט און איר שטים האָט רוי זיך צעלעגט איבערן דעק פון שיף. און צום סוף האָט זי מיך געפרעגט, פון וואַנען איך אַליין בין.

— אַ וואַרשעווער, — האָב איך געזאָגט.

— טאָ מוזט איר קענען מיין מאַן.

זי האָט מיר אָנגערופן זיין נאָמען.

— ווו וווינט ער? — האָב איך געפרעגט באַשיידן.

— ע, איר מוזט אים קענען; יעדער קען אים אין וואַרשע.

— וואָס איז זיין באַשעפטיקונג?

— לאַנגע פינגער, — האָט זי געענטפערט קורץ.

איך בין אפילו פאַרשעמט געוואָרן, וואָס איך קען נישט

אַזאַ וואַרשעווער באַרימטקייט, ווי שמואל טורבאַטש, וואָס זיין באַשעפטיקונג איז „לאַנגע פינגער" (אַ קעשענע־גנב), און זי האָט געגנבֿעט פֿאַרלוירן צו מיר דעם צוטרוי.

עס זעט אויס, אַז זי האָט זיך נישט פֿאַרגעשטעלט, אַז פֿון דרום-אַמעריקע קיין איירָאָפּע זאָל אַ וואַרשעווער פֿאָרן און זאָל נישט געהערן צו אירע לייט.

דעם גאַנצן וועג דערנאָך האָט זי מיך אויסגעווייכט.

איבריקנס, זיינען אין צווייטן קלאַס געווען נאָך צוויי זייער שווייגנדיקע פֿערזאָנען, וואָס האָבן דערוועקט געוויסע חשדים.

און אין דריטן קלאַס האָט שוין געווימלט פֿון זיי. די פֿאַרהאַרטעוועטע פּנימער, די אָנגעשטרענגטע בליקן, זייער גאַנץ באַנעמען האָט נישט געלאָזט דעם מינדסטן ספק, אַז זיי געהערן צו די פֿאַרטרעטער פֿון אינטערנאַציאָנאַלן ווייסן האַנדל.

אַ שטיק פֿינף האָב איך אָפּגעציילט.

וואַרשע, קראָקע און לעמבערג, היט אייערע טעכטער! די רויב-פֿייגל האָבן זיך גענומען לאָזן צוריק פֿון יענער זייט ים.

שוין אויפֿן שיף איז געגאַנגען דער האַנדל. איינער פֿון די הענדלער האָט מיט זיך מיטגעפֿירט אַ „ווייב" און האָט זי פֿראַנק און פֿריי פֿאַרקויפֿט צו די שפּאַניער און פּאָרטוגעזער, וואָס זיינען געפֿאָרן דריטן קלאַס.

שיפֿן גייען און קומען. די שיף-קאַרטן קיין דרום-אַמעריקע זיינען שטאַרק ביליק, דער האַנדל לעבט-אויף.

באַלד וועלן זיך ווידער דערהערן יאָמער-געשרייען פֿון דער יידישער גאַס.

דאָס אַרגענטינישע יידנטום גרייט זיך, ווי איך האָב געהערט, צו דעם שרעקלעכן קאַמף מיט דעם שרעקלעכן מסחר, נאָר באַזונדער האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט די געזעל-שאַפֿט פֿון די פּוילישע יידן אין בוענאָס-איירעס, מיטן נאָמען:

„אגודת-אחים", וואָס איז ספּעציעל געגרינדעט געוואָרן אויף אָפּצוהיטן די ריינקייט און אָפּצושיידן זיך פון די חברה-לייט.

עס ווערן געשיקט פּאָסטנס, אָפּצוּוואַרטן די אימיגראַנטן ביים שיף.

ווייל דאָ, ביים לאַנד, געשיט געוויינלעך דער טראַגישער סוף פון דער פאַרפירטער פרוי.

איר באַשערטער און באַגליקער ווערט פלוצלונג פאַרלוירן, טראָגט זיך אָפּ שטילערהייט, די פרוי בלייבט אַליין. דער קרבן צאַפּלט זיך אין נעץ. דעמאָלט קומט עפּעס אַ ייד מיט אַ ברוּ-דיקער באָרד און איז זיך מרחם, ברענגט אַ בריוול פון פאַר-שווונדענעם מאַן און פאַרנאַרט זי צו זיך.

דאָ איז בויטיק אַ וואַכנדיק אויג.

אָבער דאָס איז נישט גענוג.

כל-זמן דער פוילישער קאָנסול אין אַרגענטינע וועט נישט קומען צו-הילף און פאַרבינדן זיך מיט דער „אגודת אחים", כל-זמן די פּאָליציי אין פוילן און די גאַנצע געזעלשאַפט וועט זיך נישט נעמען ענערגיש צו באַקעמפן די „חברה-לייט", קאָן מען נישט האָפן אויף ערפאָלג.

## ט

### מען בענקט אין בוענאָס-איירעס.

ביז צו דער מלחמה האָבן יידן געלעבט אין בוענאָס-איי-רעס אויף דערוויל. אין דער טיפּעניש פון הארץ האָט יעדער געהאַט אַ באַהאַלטענע האָפענונג: אָט-אָט וועט זיך דאָס רעדל אַ קער טאָן, עפּעס וועט געשען, און מען וועט צוריקפאָרן אהיים.

אויף דערוויל האָט מען געלעבט, אויף דערוויל האָט מען חתונה געהאַט און אויף דערוויל האָט מען אפילו קינדער חתונה געמאַכט. מען איז רייך געוואָרן, די געשעפטן זיינען זיך צעוואַקסן, אָדער מען איז פאַרשוואַרצט געוואָרן אין א „טאַ-זשער" (שאַפּ, וואַרשטאַט), אָדער מען איז גאָר געשטאָרבן אויף טובערקולאָז. די קעפּ זיינען גראָ געוואָרן, און מען האָט גע-וואַרט, און מען האָט געבענקט.

עס איז אַ בענקשאַפט, אַ נישט-קלאָרע, אַ נישט-באַשטימטע, פון מענטשן, וואָס דאָס מזל האָט זיי פאַרטראָגן העט-ווייט, אונטער אַ פרעמדן הימל און פרעמדע שטערן. מעג דער הימל זיין

ווי טיף בלאָ, מעגן די שטערן ביינאַכט בלאַנקען ווי העל דאָ אין אַרגענטינע — דאָס האַרץ נאָגט.

און שווער איז איינצולעבן זיך מיטן געדאַנק, אַז אָט טאַקע דאָס איז עס, אָט דאָ בלייבט מען, דאָ וועט מען אָפּלעבן דאָס ביסל באַשערטע יאָרן.

ווייל קיין אַרגענטינע איז דער עמיגראַנט פאַרטראָגן געוואָרן געוויינלעך פון עפּעס אַ שטראָם, אַהער איז ער פאַרוואָרפן געוואָרן. זעלטן איינער פון די ערשטע עמיגראַנטן איז געקומען מיט זיין אייגענעם ווילן, מיטן אייגענעם באַשלוס. אָדער ער שטאַמט פון דער ערשטער „באַראָן הירש-עמיגראַציע" און איז געקומען מיט אַ „פּאַרטיע", אָדער ער איז געלאָפן פון די פּאָגראָמען, אָדער עס האָט געפעלט אויף אַ שיפס-קאַרטע קיין ניו-יאָרק, אָדער אַן אַגענט פון אַ שיפס-געזעלשאַפט האָט אים פאַרנאַרט. כמעט יעדער האָט אַ געשיכטע, עפּעס אַ פּאַסירונג.

דער גאַנצער ישוב איז נאָך יונג, פריש, גרין, מען זעט נאָך אָן אַ — — — איר דערקענט נאָך אין דער אימיגראַציע די באַזונדערע כוואַליעס: די פון באַראָן הירש סוף אַכציקער יאָרן, די כוואַליע פון 1905 און גאָר די לעצטע פאַר דער מלחמה. עס איז אַזוי ווי מען גראָבט אין דער ערד, און אָנשטאָט איין-אייניציקער מאַסע, זעט מען אַ שיכט אָנגעלעגט אויף אַ שיכט, נאָר נישט פאַרמישט.

אויפן סאַמע דנאָ ליגט דער שיכט פון די „טמאים". קיינער ווייסט נישט, וועך און ווי אַזוי האָבן זיי געפונען דעם וועג אַהער.

אויב בענקען, מוז מען זאָגן, אַז אַממייסטנס בענקט דער פּוילישער ייד, ווייל צו זיין אַ פּוילישער ייד אין אַרגענטינע איז אַ שטיקל אָפּקומעניש. ליטוואַקעס און אפילו בעסאַראַבער באַציען זיך צום פּוילישן ייד פון אויבן-אַראָפּ. עפּעס קרימט

מען מיט דער נאָז און מען מאַכט אַ זויערע מינע ביי די ווער־טער: „דער? ער איז אַ פּױלישער". צי דערפאַר, וואָס אַ גרוי־סער פּראָצענט פון די פּרויען־הענדלער שטאַמט פון פּוילן, און מען געדענקט די זינד פון די שולדיקע פאַר די אומשולדיקע?

אַ גרויסע ראָלע שפּילט דאָ דער פאַקט, וואָס דער ליט־וואַק איז אַ וויל־קענער און גרויסט זיך שטאַרק דערמיט. דער פּוילישער גילט פאַר אַן עולם־הזהניק. ער האָט ליב אַ ברידער־לעכע סעודה, מיט געבראָטענע גענדזלעך און וויין, און האָט ליב צו טאַנצן אַ „שער" אויף חתונות, אַ זינג צו טאָן און אַ קלאַפּ צו געבן אויף די פּלייצעס.

ביי אַזאַ סצענע פון פּוילישער לייכטזיניקייט ציען זיך אָן ביים ליטוואַק די מוסקולן פון פּנים נאָך שאַרפער, נאָך רוגזי־דיקער. זיין ערנסטער און סטאַטעטשנער כאַראַקטער קאָן דאָס נישט פאַרטראָגן:

„אַ פּוילישער" — ברומט ער.

דערצו נאָך האָט דער פּוילישער ייד אַ שטיקל שוואַכ־קייט צו זיין היים. קיינער איז נישט אַזוי צוגעבונדן צו דעם היימישן ווענדל און טייכל, צו דער היימישער נאַטור, ווי ער.

מיך האָט אויפגעזוכט אַ ייד פון וואָלאָמין, אַ פּיצעלע שטעטל ביי וואַרשע. ער איז שוין אַ יאָר 20 אין לאַנד: למען השם, איך זאָל אים זאָגן, צי דאָס קליינע וועלדעלע, — איג־גאַנצן עטלעכע הונדערט בזשאָזשעס האַרט ביי דער באַן־ליניע — צי עס שטייט נאָך דאָרט? נישט ווייט פון דאָרט האָט ער געוווינט.

— דאָס וועלדל — האָב איך אים געזאָגט — האָבן די דייטשן אויסגעהאַקט בשעת דער אָקופּאַציע.

— אַ כאָלערע אויף זייערע קעפּ! — האָט ער געשאָלטן. ער האָט געמיינט, אַז די דייטשן זיינען פּיינע לייט, ער האָט

זיך נישט געריכט, אַז זיי זאָלן טאָן עפּעס אַזוינס.

און אַ ייד, וואָס האָט געהאַלטן אַ גאָרקייט אין וואַרשע און לעבט אויך שוין אין לאַנד אַ יאָר 15, און האָט גאָרנישט דער-לייגט צו אַרגענטינע, ווייזט מיר אויף, אַז ס'איז קיין מדינה נישט. אינדערהיים אַ ווייסל — איז דאָך אינדערהיים אַ ווייסל — איז דאָך דאָ אויף וואָס אַ קוק צו טאָן, אין דער היים, אַז מען האָט אָפּגעקאָכט צוויי פונט פיש, האָבן זיי פאַרשמעקט די גאַנצע גאַס. דאָ קאָכט מען פודן גאַנצע און ס'איז נישטאָ קיין געשמאַק. די פירות האָבן נישט קיין ריח און דאָס פלייש האָט קיין טעם נישט. ביי אונדז, איר געדענקט? אַ שטיקל געבראָטן קעלברענס, ס'איז צעגאַנגען אין מויל...

אַז ער איז דערוויייל אַלט געוואָרן, און די נערוועז פון דער נאָז און פון גומען זיינען ביי אים דערוויייל טעמפּ גע-וואָרן — דאָס פאַרגעסט ער.

ער האָט געלעבט אויף דערוויייל, און פרעגט אים בחרם, ווען ער איז אַלט געוואָרן.

אָבער עס איז געקומען די מלחמה, די וועלט איז געוואָרן אָפּגעשניטן. די אַלטע היים איז איבערגעקערט געוואָרן, די האָפ-נונג זיך אומצוקערן — איז פאַרשוווּנדן, און אַן אינערלעכע שטים האָט אויסגערופן ביי יעדן אין האַרץ די ווערטער פון אַלטן נביא:

„בויט הייזער, פלאַנצט וויינגערטנער".

און מען האָט זיך גענומען איינפונדעווען.

בוענאָס-איירעס, ווי איך האָב שוין אָנגעמערקט, האָט זייער אַ שיין פאָלקס-לעבן. יונג-שוואַכלעך, אָבער סימפּאַטיש.

צוויי טעגלעכע צייטונגען, וואָכנבלעטער, אַ יידיש טעאַטער, פיל ביבליאָטעקן, אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס, חברות און פאַר-באַנדן, פורומע, פאָלקסטימלעכע און ראַדיקאַלע.

דער מאַסן־מענטש שטייט דאָ אויף אַ העכערער שטופע, ווי די ערשטע עמיגראַנטן קיין צפון־אַמעריקע.

די ערשטע איינוואַנדערונג קיין ניו־יאָרק און טשיקאַגאָ האָבן נישט געהאַט הינטער זיך איינדערהיים אַ דור פון אַרבעטער־באַוועגונג, פון יידישער ליטעראַטור, פון יידישע צייטונגען.

דער איינוואַנדערער קיין אַרגענטינע שטאַמט פון אַ שפּעטערן דור. אינדערהיים איז מען שוין דורכגעגאַנגען אַ געוויסע דערציונג, אָדער מען האָט געהערט צו אַ פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע, אָדער געווען אַ מיטגליד פון אַ ביבליאָטעק.

די יידישע מאַסע איז אין פאַרלויף פון דעם דור קולטורעל אויסגעוואַקסן, און דאָס פילט זיך שטאַרק אין דעם טאָן, אין דעם כאַראַקטער פון פאָלקס־לעבן, אין זיין געשמאַק.

כאָטש אָרעם איז דאָ אַלץ אין פאַרגלייך מיט ניו־יאָרק, די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, אַזוי ווי די קולטורעלע. אָרעם און קרענקלעך אַ ביסל. נישטאָ דער לעבעדיקער פּולס, דער שטאַרקער לעבנס־אימפעט, וואָס די אַנגלאָ־זאַקסישע ראַסע האָט איבערגעפלאַנצט קיין צפון־אַמעריקע און האָט אָנגעשטעקט דערמיט אַלע איבעריקע איינוואַנדערער פון אַנדערע נאַציעס.

אָנשטאָט וויסקע טרינקט מען קאַווע. אָנשטאָט בייס־באָל שפּילט מען אויף לאָטעריי־צעטעלעך און אויף פערד־וועטעגישן, און מען פאַרשפּילט פאַרמעגנס.

די שפּיל־מאַניע איז דאָ אַן אומגליק, רויגירט דאָס פאָלקס־פאַרמעגן. דער אָפּגעשפּאָרטער גראָשן, וואָס גייט אין אַנדערע לענדער אין די שפּאָר־קאַסעס, ווערט דאָ אויסגעגעבן אויף אַ צעטעלע. כמעט יעדן טאָג שפּילט אַ לאָטעריי, און הונדערטער טויזנטער וואַרטן אויף דער „גראַנדע" (דאָס גרויסע געווינס). מען הונגערט, מען לאָזט ווייב און קינדער הונגערן און מען שפּילט. די שפּיל־מאַניע, איז אַן ערגערע קללה, ווי

דער ביטערער טראָפּן.

בוענאָס-איירעס האָט אויפגעבויט דער דרום-מענטש, פאַר־וועמען די „פּלאַסאַ" (דער שטאָט-גאָרטן, סקווער) איז אַ גוטע היים, דער הימל איז אַ דאַך. דאָס לעבן שפּילט זיך אָפּ אין די גאַסן, אין די קאַפעס, אַהיים קומט מען נעכטיקן, אָדער שיצן זיך פון אַ שלאַקס-רעגן, ווען דער טראָפּישער הימל צע־שפּילט זיך און גיסט, ווי פון צעבערס.

דערפון ליידט דאָס פאַמיליע-לעבן זייער שטאַרק; ווייל זעלטן אַ מענטש האָט דאָ אַ גוט איינגעאָרדנטע היים. יידן, פאַרשטייט זיך, מוזן דאָס שפּירן נאָך מער ווי אַנדערע.

די שפּאַנישער האָבן מיטגעבראַכט זייער סיסטעם פון בויען. פון אַריינגאַנג קומט איר אין אַ פיר - עקיקן קאַסטן, צווישן פיר מויערן, געוויינלעך נאָר איין שטאָק הויך. אויבן איז אָפן, דער אונטן איז אויסגעפלאַסטערט מיט שטיינער. דאָס איז דער הויף. דאָ קומען זיך אַלע צוזאַמען, דאָ פאַרברענגט מען דעם גאַנצן טאָג, ווייל די צימערן זיינען קליינע, ענגע, מייסטנס אָן טאָג-ליכט, אָן פענסטער און נאָר דינען ווענטלעך טיילן אָפּ איין צימער פון צווייטן. אין אַזאַ הויף וווינען זעקס-זיבן פאַמיליעס, אַלע טירן גייען אַרויס אין „הויף" אַריין. יעדער איז ביי אַלעמען אויף די אויגן, וואָס איינער קאָכט, איז ביי יעדן אין דער נאָז... דאָ ליבט מען זיך, דאָ קריגט מען זיך. דאָ כאָוועט מען קינדערלעך, אַלץ ביי אַלעמען און פאַר־אַלעמען אין די אויגן.

עס איז נישט אונדזער היים, וווּ דער מענטש ווערט אַרומ־גענומען מיט דער אַטמאָספערע פון היימלעכקייט.

פאַרברענגט טאַקע דער מאַן אין גאַס, לויפט טרינקען אַ קאַווע, גייט אויף אַ פאַרזאַמלונג. די פרויען זיצן איינ־געשפּאַרט.

ווייל דער מנהג פון לאַנד גיט דער פרוי זייער ווייניק פרייהייט. אַ יונגע פרוי, ווער שמועסט נאָך אַ מיידל, דאַרף אַליין נישט גיין אויף דער גאַס. גיין מיט אַ בחור שפּאַצירן איז קאָמפּראָמיטאַציע. אין אַ קאַפע-הויז אָטר אַ דאַמע זיך נישט ווייזן.

און דער הימל איז דאָ אַ טיף-בלויער, ווינטן בלאָזן וואַרעמע, די לופט רייצט, און דער מענטש ווערט דאָ פריער צייטיק. יידישע טעכטער וואַקסן דאָ שיין און געראָטן, פאַרברענט פון דער זון, און היציקער נאָך זיינען זייערע בליקן.

זעט איר טאַקע שוואַרץ-חנוודיקע מיידלעך, צעבליט און מיט גליענדיקע אויגן, נאָר... מיט טונקעלע שוואַרצע פאַסן אַרום די אויגן.

די נאַכט פאַלט צו, די לופט ווערט קילער, קוקן אַרויס פון טירן און פענסטער אומעטיקע פאַרבענקטע פנימער פון יונג-פרויען, און איר קאָנט מיינען, אַז איר געפינט אייך ערגיץ אין מזרח, אין דער טערקיי, צי אין פערסיע.

און אַז ס'דערנענטערט זיך אַ יונגערמאַן, בלייבט ער שטיין אויף די טרעפלעך, זי — אין קאָרידאָר, צי ער פאַרן פענסטער, זי — אונטערן פענסטער מיט די אייזערנע קראַטן, און אַזוי שמועסט מען.

לאַנג און פאַרטרויליך שמועסט מען.

י

## אין דער פּאַמפּאַ.

אויף דרום-זייט פון בוענאָס-איירעס העט-ווייט ביז צום „שוואַרצן טייך“ אויף דרום און ביז צו די בערג אויף מערב, ליגט אויסגעשטרעקט די פּאַמפּאַ אין איר גאַנצער פּאַרלאָזנקייט. דינער ווערט דער שיכט זאַמד, וואָס באַדעקט דעם שטיין, און ערטערווייז טראָגט דער ווינט אַוועק דעם זאַמד, באַווייזט די פּאַמפּאַ איר נאַקעט שטיינערן לייב, אָבער נישט אויף לאַנג. ווייל אומרויק איז די געגנט, די ווינטן שפּאַצירן הפקר-ווילד, יאָגן זיי ווידער אָן וואָלקנס זאַמד, כּדי די פּאַמפּאַ זאָל נישט שלאָפן נאַקעט.

ביימער זעט מען דאָ זעלטן, און די, וואָס מען זעט, האָבן אַן עלנט אויסזען: קרום, לאָם, נידריק. הונדערטער פון מיילן פאָרט מען דורך, און דאָס אויג ווערט מיד צו קוקן אויף דער גראָז-געלער איינטאָניקייט. נאָר וואָס די ערד איז כּסדר „אַלאַמבּירט“, ד. ה. פאַרצוימט מיט צוויי, צי דריי דראָטן, אָנגעצויגענע אויף די הויקערדיקע פּלעקלעך האָלץ, אַ

סימן, אַז דער מענטש האָט די ערד אַריינגענומען אין זיין רשות, און אַלס אַ סימבאָל פון צוגעהעריקייט, אַזוי ווי אַ קדושין-רינג, האָט ער איר אָנגעטאָן די „אַלאַמבראַ". נישט באַאַקערט און נישט באַזייט האָט ער זי, נישט אויסגערויכט די ווילדע גראָזן; און די מוראַשקעס, אין הונדערטער און טויזנטער נעסטן, צעשפּרייטע איבער די ברייטע פעלדער, פירן דאָרט אַ ווירט-שאַפט פון ווער ווייסט וויפיל מיליאָנען יאָר. ווייל וווּ די ערד איז אַ ביסל נידריקער, קאָנט איר זען טויזנטער בערגלעך אָנ-געשיטע ערד. דאָס זיינען אויסגעשטאָרבענע שטעט פון די קליינע באַשעפענישן. זיי האָבן שוין לאַנג אַוועקגעוואַנדערט פון די פעלדער, אָבער די ערדענע טורמעס, וואָס זיי האָבן אָנגעוואָרפן, כדי צו ראַטעווען זיך פון וואַסער, זיינען געבליבן שטיין, אַזוי ווי רעשטן פון אַן אַלטער קולטור. הונדערטער טויזנטער העקטאַר ערד ליגן נאָך ווילד—„טיעראַ ווירכען" הייסט עס דאָ, (קרקע בתולה, אויף העברעיש), אָבער פאַרנומען איז אַלץ, אַלץ האָט אַ באַלעבאָס, און טראָגט דעם צייכן פון צוגע-העריקייט — די „אַלאַמבראַ".

טויזנטער קי און פערד פּאַשען זיך צווישן די „אַלאַמ-בראַס". עפּעס ווי פאַרשעמט האַלטן זיי די קעפּ אַראָפּגעלאָזט און קייען. ווייל אַוועק, אַוועק זיינען די גוטע פעטע יאָרן פון דער מלחמה, ווען דער ווערט פון בהמות איז כסדר געשטיגן, און מענטשן האָבן אויף זיי געמאַכט גרויסע פאַר-מעגנס. איצט איז זייער פּרייז מוראדיק געפאַלן. וואָס מער אַ קאָלאָניסט האָט בהמות, אַלץ מער דלות איז ער. בלאָנקען זיי זיך אַרום פאַרלאָזט, קיינער וויל זיי נישט אָנקוקן, און זיי פרעסן נאָך אויף דאָס פאַרבליבענע פאַרמעגן פון זייערע באַלעבאַטעם.

אָרעם פי! ווי לאַנג איז, ווי מען האָט זיי געפיטערט אויף

די פעטע פעלדער פון דער גרינער אַלפאַלבאַ, און מען האָט צוגעזען די טראָגבדיקע קו, וואָס האָט געטראָגן יעדע אַ „הונ־דערטער״ אין אירע געדערים. אייראָפּע האָט זיך געשלאָגן, אַר־גענטינע האָט געליפערט פלייש, — איצט איז אַ קריזיס אין לאַנד. מען פאַרגעסט אָנצוטרינקען דאָס פי, און שטאַרבט עס אַוועק, קימערט זיך קיינער נישט. די „קאַראַמשאַס״, אַ מין רויב־פייגל פון דער אָדלער־משפּחה, פּיקעט אויף דאָס פלייש פון דעם געפאַלענעם פי אין דער פּאַמפּאַ. מחנותווייז באַלאַגערן זיי די פּגירה, פרעסן־אויף דאָס פלייש און לאָזן רוען די ביינער, און ווייט און ברייט ווי די פּאַמפּאַ איז, זעט איר דאָ און דאָרט ווייסע פלעקן: דאָס איז דאָס געביין פון דעם געפאַלענעם פי, וואָס בריט זיך אויף דער זון, געשווייגט פון רעגן, און עס ווערט פּאָלירט און ווייס.

זאָלן זיי רוען, די צעוואָרפענע ביינער אויף די ברייטע פעלדער! ווייל די אייגנטאָניקייט איז דאָ אַזעלכע, אַז עס בעמט אַזש קלעמען ביים האַרץ, און דער בליק זוכט אויף וואָס זיך אָפּצושטעלן. אַ פרייד באַפאַלט דעם פאָרנדיקן אין וואַגאָן, ווען ער דערזעט פון ווייטן, ווי עס טראָגט זיך אים אַנטקעגן דאָס ראָד פון דער ווינט־מיל, וואָס פּאָמפּעט וואַסער פון אונ־טער דעם שטיין אַפער. דאָס איז דער סימן פון אַ ישוב. אַ „גאַלפּאָן״ באַווייזט זיך, אַ מין שטוב, צעזאַמענגעשטעלט פון בלעכענע ווענט. עטלעכע פאַרקרימטע, לאָמע, קוים זשיפּענדיקע ביימלעך, און היידאַ אַוועק! ס'בילד איז פאַרשוווּנדן, ווידער ציט זיך די פּאַמפּאַ מיט די מרה־שחורהדיקע בהמות און פערד. פון ווייט אַהער לויפן אָן אַ פּאָר רעלסן און שניידן דורך קווער, אויפן פלאַכן באָדן, אומדזער וועג. דער ענגלישער אינ־זשענער (די באַנען געהערן דאָ כמעט אַלע צו די ענגלענדער) לייגט דורך דעם אייזערנעם וועג אין דער פּאַמפּאַ אויפן סאַמע

איינפאַכסטן אופן. דער וועג ציט זיך גלייך, גלייך, גלייך, נישט קיין בערגל, נישט קיין טאָל, נישט קיין וואַסער שטערט אים; טרעפן זיך צוויי ליניעס, שניידן זיי זיך דורך, און לויפן ווייטער זייער גראַדן וועג.

די פּאַמפּאַ איז שטענדיק דורשטיק, שטענדיק גאַרט זי צום רעגן. ווען די גרינע שלאַנגען, מייסטנס נישט-גיפטיקע, קריכן-אַרויס פון די נאָרעס און באַווייזן זיך אויף דעם אויבער, פלאַך, איז אַ שמחה ביים קאָלאָניסט: דער רעגן וועט קומען· די שלאַנגען האָבן דערשמעקט די פייכטקייט פון דער לופט, און זיי זיינען אויך שוין מיד פון דער טריקעניש. ברעכן דעם אַלטן פּאָטער די ביינער און ער קרעכצט אַ גאַנצע נאַכט קומט דער זון אינדערפרי אָנזאָגן די בשורה זיין שכן: עס קלויבט זיך אויף רעגן.

אַרגענטינע ליידט זייער שטאַרק פון פאַרפלייצונגען ווען דאָס טראָפּישע געוויטער צעשפּילט זיך, קאָן דער בליץ יאָגן און דער דונער אָפּקנאַלן טעג נאָכאַנאַנד, און דער הימל גיסט אָן אויפהער. עפּעס מבולדיקעס איז פאַראַן אין די רעגנס. דאָ אָבער, אין דער צענטראַלער פּאַמפּאַ, טרינקט די ערד דעם רעגן און איז קיינמאָל נישט זאַט, טרינקענדיק. דורשטיק פאַרשלינגט דער זאַמד דאָס וואַסער, און בעט נאָך און נאָך. דער דאָזיקער זאַמד האָט אין זיך אַ כּוח אַרויסצוגעבן אַ גוט גערעטעניש, מיט שפע קאָן ער אָפּשיטן צענטנערן ווייץ, ווען ער האָט זיין מאָס רעגן, און עס פּאַסירט נישט קיין אומגליק. ליידער, טרעפט דאָס זעלטן, איין מאָל דורך 3 יאָר; דעמאָלט אָבער לעבט אַלץ און אַכט אויפן לאַנד און אין שטאָט. דער קאָלאָניסט, וואָס האָט ערשט נישט לאַגג געהונגערט, קויפט אַהיים מחזורים פאַר זיך, צירונג פאַרן ווייב, זיידענע זאָקן פאַר די טעכטער. דער פאַרט פון באַהיאַ-בלאַנקאַ ווערט

דירעוודיק און רוישיק. אפילו די בהמות הויבן-אויף די קעפּ, און זיי מרוטשען נישט מער אַזוי טרויעריק אויף זייער ביטערן גורל און דעם שלעכטן קריזיס.

זעלטן-זעלטן, איין מאָל דורך עטלעכע יאָר, ווערט אַהער פאַרטראָגן אַ ביסעלע שניי. יידישע קינדערלעך, געבוירן אין דער פּאַמפּאַ, וואָס האָבן קיין שניי אין זייער לעבן נישט אָנ-געזען, לויפן-אריין אין שטוב דערשראָקן און מיט ציטערדיקע שטימען דערציילן זיי די נייס, וואָס זיי האָבן געזען:

— מאַמעליו, פייגעלעך פאַלן פון הימל!

אַ געזונט אויף זייערע קעפּ, אויף די יידישע קאָלאָניסטישע קינדערלעך פון דער פּאַמפּאַ! איך האָב זיי געזען, קינדערלעך פון 8 ביז 13 יאָר, יינגלעך און מיידלעך, רייטנדיק אויף די פּאַמפּאַ-פערדלעך, צו צוויי אויף אַ פערדל, איינס האַלט אַרומ-געוויקלט די הענט אַרום דעם צווייטן, און זיי האָבן גאַלאָפּירט, אַז אַ שטויב איז אויפגעגאַנגען צום הימל און האָט פאַרדעקט דעם האָריזאָנט. דאָס שענסטע בילד איז דאָס, דער פאַרבנ-סטער איינדרוק, וואָס די פּאַמפּאַ האָט מיר געגעבן.

דער לערער פון דער קאָלאָניע האָט מיר צוגעגרייט דעם סיורפּריז ביי מיין אָנקומען. די קינדער קומען געוויינלעך אין שולע אַריין אויף פערדלעך, ווייל די הייזער שטייען צעוואָרפן אויף אַ שטרעקע פון עטלעכע קילאָמעטער; די פערדלעך פאַשען זיך ביז די קינדער לערנען-אָפּ און רייטן אַהיים. היינט, לכּבוד מיין אָנקומען, האָט מען איבערגעהאַקט די לעקציע, און דאָס ביסל קליינוואַרג האָט זיך געלאָזט גאַלאָפּירן מיט אימפּעט מיר אַנטקעגן. מען האָט געקאָנט מיינען, אַ רעגימענט רייטער קומט-אָן; ערשט פון שטויב וויקלען זיך אַרויס אָפּגעברענטע פּנימלעך פון יידישע קינדער. איך קוק זיי אָן: אָרעם-געקליידעטע, מיט צעשויבערטע האָר, די צעפּלעך האָבן זיך אויפגעלאָזט ביי די מיידלעך, ביי

די יינגלעך זיינען די היטלעך פאַררוקט אָן אַ זייט — אונדזערע יענקעלעך און שרהלעך, געבוירענע סטעפּ-קינדער, אַרגענטינישע קאָזאַקלעך און קאָזאַטשקעס, פלינק אויף די פערד און מיט דער יידישער שפּראַך אין זייער מויל.

היימישער איז מיר געוואָרן אין דער פּאַמפּאַ...

## יא

### פאַרכאַפּט פון פּאַמפּערא.

אין דער יידישער קאָלאָניע, „מאָנטעפּיאָרע“ מיטן נאָמען זיינען מיר געזעסן אַ רעדל מענטשן אין שטוב פון אַ יידישן לערער און האָבן געטרונקען „מאַטע“. „מאַטע“, דאָס איז דער נאַציאָנאַלער געטראַנק פון די אַרגענטינער. פאַרפאַרטיקט פון אַ היימישער פלאַנצונג, וואָס ווערט אויפגעבריט ווי טיי, אָבער צום שפּאָט פון אַלע אייראָפּעישע היגיענישע באַגריפן, טאָר די „מאַטע“ נישט דערלאַנגט ווערן אַ גאַסט באַזונדער אין אַ גלאָז, צי אין אַ טעפל... די „מאַטע“ ווערט געזופּט פון דער „באַמביזשאַ“ אַרויס, אַ מין הילצערנעם בעכער, דורך אַ רערל, געוויינלעך אַ זילבערנעם, און דאָס גאַנצע קלאַפּערגעצייג, די „באַמביזשאַ“ צוזאַמען מיטן רערל, וואַנדערן אַרום פון איין מויל צום צווייטן. אַז דער לעצטער האָט אויסגעזופּט זיין חלק, קומט עס ווידער אָן צום ערשטן, און אַזוי זופּט מען און מען זופּט שעהן נאָכאַנאַנד, מען פאַרגעסט די אומעטיקייט און איינזאַמקייט פון דער „פּאַמפּאַ“, דעם היימישן סטעפּ.

דאָס ערשטע מאָל בין איך געזעסן אין אזא רעדל פון „מאַטע"-טרינקער אַרום די גליענדיקע קוילן און זידיקן טשייניק, וואָס אויף דעם אייזערנעם געשטעל. עס האָט מיר גוט געטאָן און איך האָב געזופּט מיט חשק פון דער „באָמביזשאַ" יעדעס מאָל, ווען די ריי איז געקומען אויף מיר.

ווייל אין דרויסן האָט זיך צעשפּילט דער „פּאַמפּעראָ" און האָט אָנגעיאָגט גראָע וואָלקנס, און האָט געשמיסן קאַלטע טראָפּנס אויף די שויבן און האָט געמאַכט ציטערן און שוידערן דאָס אָרעמע פּי, וואָס דרייט זיך דאָ אַרום, אויף גאָטס באַראָט, אונ־טערן פרייען הימל, טאָג ווי נאַכט, און ווייסט קיינמאָל נישט פון קיין שטאַל און פון קיין דאַך איבערן קאָפּ. דער גרויסער ברוינער הונט מיט אַן אויסגעצוואָגענער פעל, מיט אַן אומעטיק אַראָפּגעלאָזטן צק האָט זיך געשפּאַרט אין שטוב אַריין, און אַלע מינוט, ווייל ער האָט זיך צופיל געפּלאָנטערט אונטער די פיס, האָט מען אים אַרויסגעיאָגט.

עס איז אַ בייזער ווינט אָט דער „פּאַמפּערא", אַ גוטער מענטש זאָל אים נישט קענען! ער קויקלט זיך אַראָפּ פון די שניי־בערג אין דרום־מערב, שפּאַצירט איבער דער צענטראַלער „פּאַמפּאַ", יאָגט אָן וואָלקנס זאַמד, פאַרשיט די אויגן פון מענטש און פי, דער הימל בלייבט בלוי, די זון בלאַנקט און ער וואָיעט ביטער: מאָדנע וואָיעט ער, יעדער בלאָז זיינער גייט פון אונטן אַרויף, און איר פילט בחוש, אַז דאָס איז אַן איינגעזעסענער בעל־דבר, ער האָט נישט בדעה אויפצוהערן. קאַלט און שניידיק לויפט ער אַזוי הונדערטער פון מיילן איבער דעם פלאַכן לאַנד, וווּ קיין וואַלד, קיין באַרג, קיין שטאָט האַלט אים נישט אויף — אין אַרגענטינע זיינען די ווינטן ביי זיך אין אינדערהיים — ביז ער פאַרציט ערגעץ אין צפון־מזרח דעם בלאָען אַרגענטינישן הימל מיט אַ פינסטערן גראָען דעק, צעשפּילט זיך

אין אַ געוויטער, אָדער שמייסט קאַלטע טראָפּנס טעג נאָכאַנאַנד.

מיך האָט דער „פּאַמפּערא“ פאַרכאַפּט אין דער אָרעמער קאָלאָניע, פאַרלאָזט פון גאָט און לייט. די יק״א־באַאַמטע האָבן דאָ גענאָסן אַ פּעטן ביסן ביים איינקויפן די ערד; אַרויסגעגאַנגען איז די קאָלאָניע דערצו מיטן לינקן פיס. דאָס מזל האָט דאָ ביטער צוגעשפּילט צו די מעשים פון דער יק״א: באַלד אין ערשטן יאָר פון דער גרינדונג געהאַט אַ פאַרפלייצונג, די קאָלאָניסטן האָבן זיך דערפילט אָפּגענאַרט און פאַרפירט און נידערגעשלאָגן און האָבן אַראָפּגעלאָזט די הענט און פאַרלוירן די קעפּ. נישט ווייט פון דאַנען בליט און געדייט די רייכע קאָלאָניע „מאָזעסוויל“ — די צירונג פון די יידישע קאָלאָניעס; „מאָנטעפיאָרע“ אָבער איז פאַראָרעמט, פאַרוואָרלאָזט, אַפּאַטיש־נידערגעשלאָגן: אויסגעלאָשן זיינען דאָרט די אויגן, נישט זיכער די בליקן, און איינער אויפן אַנדערן איז אָנגעשטויסן.

איך האָב צוליב דעם „פּאַמפּערא“ געמוזט פאַרבלייבן דאָ לענגער, ווי איך האָב גערעכנט, און האָב אפילו מיין באַלייטער — אַ יונגער קאָלאָניסטישער זון פון מאָזעסוויל, נישט געקאָנט זען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַן אַנדער הויז, ביי אַ צווייטן קאָלאָניסט, אַ קילאָמעטער ווייט פון מיר, און דאָס בייזע וועטער און דער ליימיקער באָדן, וואָס איז געוואָרן קלעפּיק, ווי אַ געדיכטע קאַשע, האָט אונדז צעשיידט, נישט צוצוקומען איינער צום אַנדערן.

זיינען מיר געזעסן, די קאָלאָניסטן פון די נאָנטע הייזער, געטרונקען „מאַטע“ און גערעט וועגן דער טרויעריקער לאַגע פון דער קאָלאָניע און ווי אַזוי מען קריכט אַרויס פון דער לאַגע.

אין דער „טשאַקאָ“ (וואַלד־געביט) זאָל מען געבן, ווייט אַרויף צו צפון, ווו די רעגירונג טיילט כמעט בחנם ערד.

און מען האָט זיך דערציילט איינער דעם אַנדערן וועגן דעם לעבן דאָרט אין אורוואַלד, ווו די פּאַמפּאַ הערט אויף. אויף די וועגן, וואָס פירן אַהין, ציען מתנות פון דייטשן, אויס־געמאַטערטע און פאַראָרעמטע, כדי צו פאַרנעמען דאָס לאַנד דאָרט. פון גאָט געבענטשט איז דאָרט דער באָדן, דער היי־שעריק פּרעסט נישט די פּראַצע פון מענטש, און אַלערליי תבואות, בוימוואָל און אַרבעס געדייען דאָרט. דייטשן און איטא־ליענער גייען אַהין, און מיר דאָ זיצן און פוילן ביי דער „יק"א"...

— אָבער הייס מוז דאָרט זיין, נישט אויסצוהאַלטן, — האָט ווער אַריינגערעט.

דאָ האָט זיך דער יידישער לערער געגומען אונדז צו דערקלערן, אַז מיר האָבן אַ טעות. דאָרט, ווו די „פּאַמפּאַ" הערט אויף, ווערן אויך די קלימאַטישע באַדינגונגען געמילדערט, ווייל די וועלדער לאָזן נישט צו, אַז ווינטן, די הייסע, ווי די קאַלטע, זאָלן בלאָזן אַזוי פריי און אומגעשטערט.

די גאַנצע „פּאַמפּאַ" האָט זיך אויסגעלייגט אויף אַ שטיין, באַדעקט אויבן אויף מיט אַ שמאָלן שיכט ערד, און גלייך איז זי. די ביימער צעברעכן זייערע וואָרצלען אָן דעם שטיין, וועלקן און שטאַרבן.

ער האָט אונדז אויסגעמאָלט דאָס גאַנצע בילד, ווי אַזוי די פּאַמפּאַ האָט זיך צעלייגט פון די קאַרדיזשערן ביז צום אַטלאַנטיק, און מיר האָבן זיך איינגעהערט. ער האָט גערעט מיט גרויס חשק אונטער דעם אַקאָמפּאַנימענט פון זודיקן טשיי־ניק און דעם כסדרדיקן ציטערן פון די שויבן.

די טיר האָט זיך געעפנט, דער הונט האָט אַריינגעשטעקט זיין קאָפּ, ווי ער וואָלט אויסשפּירן, צי לסוף וועט מען אים פאַרט נישט געבן אַן אָפּרוי און אַ שוץ צוזאַמען מיט די מענטשן

נאָך אים האָט זיך באַוויזן אין זיין גאַנצער גרויס, פאַרנעמענדיק דעם גאַנצן חלל פון דער טיר, אַ מאַנספּערשוין פון אַ יאָר 30, אַ שווערער, אַ גרויסער, אַן אָנגעלאָדענער אין אַ זייער אָפּגע־טראָגענעם פּאַלטאָ.

מען האָט אים מיר פאָרגעשטעלט אויף שפּאַניש. דאָס איז געווען דער לערער פון שפּאַניש אין דער שול, אַ „קרע־אָזשע" (אַן איינגעבוירענער), אָנגעשטעלט פון דער רעגירונג.

זיין היסטאָריע איז מיר שוין געווען באַקאַנט פון אַ פריערדיקן שמועס וועגן אים. ער איז אַ מין טיפּ פון אַן אַר־גענטינישן פאָלקס־לערער אין דער פּאַרוואָרפענער פּראָווינץ. ער ווערט שלעכט באַצאָלט, אָבער אַ סך ווערט פון אים אויך נישט געפאָדערט. נישט שטענדיק קריגט ער אויסגעצאָלט זיין געהאַלט. אַנדערע זיינס גלייכן ווערן פויל, נאַכלעסיק און טרינקען; אונדזערער איז אָבער געווען אַן אינטעליגענט, האָט פיל געלייענט, און איז דערצו געווען אַ סאָציאַליסט.

צוליב זיין סאָציאַליזם און צוליב דעם, וואָס ער האָט אויסגערעדט אויף גאָט, האָט ער באַקומען אַ דיסציפּלינאַרע שטראָף, און פון אַ שטעטל איז ער פאַרזעצט געוואָרן אין אַ קאָלאָניע פון די „כודיאָס" (יידן). אָנגעהערט האָט ער זיך וועגן די „כודיאָס" אַלערליי ווונדערלעכע זאַכן, דהיינו, אַז ביי אַ יידן איז דאָ אַ סימן, אַ מין איבערבלייבעניש פון אַ האָרן אויפן שטערן, אַז צו געוויסע צייטן פון יאָר עסן זיי זייערע אייגענע קינדער (אַ מין ווערסיע פון עלילת־דם). און עס איז אים געווען גאַנץ פריקרע אויפן האַרצן, ווען ער האָט געמוזט נעמען זיין האַנט־רענצל מיטן לייג־בעטל און איבערוואַנדערן צו די „כודיאָס". היינט שטעלט אייך פאָר זיין איבעראַשונג, אַז ער האָט דאָ אָנגע־טראָפן מענטשן, וואָס שטייען קולטורעל פיל, פיל העכער ווי זיינע בירגער פון דעם שטעטל, מענטשן, וואָס האָבן אים פאַר־

שטאַנען און וואָס ער האָט זיי פֿאַרשטאַנען, מענטשן, וואָס האָבן אַן אינטערעס פֿאַר זיינע ביכער, און מכּוח סאָציאַליזם איז דאָך נישטאָ וואָס צו ריידן! אין דער אָרעמער יידישער קאָלאָניע האָט ער זיך באַקענט אפילו מיט די אַנאַרכיסטישע טעאָריעס.

מיט אים האָט פּאַסירט ממש, ווי אין חומש שטייט: זיי האָבן עס געמיינט צום שלעכטן און גאָט האָט עס געלענקט צום גוטן. ער האָט זיך דאָ זייער גוט געפֿילט צווישן דער פֿאַר־האָרעוועטער אָרעמער מאַסע, ווו זיין אָפּגעטראָגענער פּאַלטאָ איז נישט געווען קיין אומכּבֿוד, ווו מען האָט רעספּעקטירט זיינע רייד, זיינע גרויסע, אומגעהויער גרויסע ברילן, און זיינע ביכער.

ער האָט זיך צוגעוועצט מיט קענטיקן פֿאַרגעניגן צו דעם רעדל אַרום די גליענדיקע קוילן און האָט גענומען זופּן פֿון דער באָמבּיזשאַ. לכּבֿוד דעם נייעם גאַסט האָט מען זיך דערמאָנט אָן עסן, און ברויט מיט היימישן קעז איז געוואָרן סערווירט, וואָס דער עולם האָט געגעסן גאַנץ געשמאַק.

דער יידישער לערער האָט ווידער אָנגעהויבן זיין לעקציע וועגן דער נאַטור און וועגן דעם בוי פֿון באָדן אין דער פּאַמפּאַ. דאָ האָט דער שפּאַנישער לערער אים אָבער איבער־געהאַקט. געוויר ווערנדיק, אַז איך בין אַ שרייבער און קום פֿון אייראָפּע, האָט ער זיך געשטעלט פֿאַר זיין אויפֿגאַבע, מיך איבערצוצייגן, אַז דאָס וויגעלע פֿון אדם־הראשון, פֿון ערשטן מענטש אויף דער ערד, איז געשטאַנען טאַקע דאָ, אין דער פּאַמפּאַ. ער האָט מיר גענומען מאָלן שאַרבנס, פֿאַרמען פֿון מענטשלעכע ביינער, פֿאַרשיידענע געצייג פֿון דער שטיין־עפּאָכע, וואָס מען האָט געפֿונען, גראָבנדיק דאָ אין באָדן... ער האָט גערעדט לאַנג און מיט היץ און טעמפּעראַמענט, ווייל ער האָט דאָס געהאַלטן פֿאַר זיין פּאַטריאָטישע אויפֿגאַבע, איבערצוצייגן

די גאַנצע וועלט, אַז אַרגענטינע איז דאָס וויגעלע פון דער מענטשהייט.

איך האָב מיך געלאַנגווייליקט, און די „מאַטע" האָט אויף מיר אָנגעיאָגט אַ שלעפעריקייט, די אויגן האָבן זיך גע־קלעפּט, אָבער איך האָב מיך באַמיט צו זיין העפלעך און צו האָרכן געדולדיק.

דאָס איז געווען דער ערשטער אַרגענטינער, פון די עכטע „קרעאָזשעס", וואָס איך האָב באַגעגנט, און אַ כּלל האָב איך געהאַט און אַזוי האָט דאָס מיר יעדער מענטש אין בוענאָס־איירעס געזאָגט פאַר מיין אָפּפאָרן אין דער פּראָווינץ: מיטן „קרעאַזשע" מוז מען זיין אויף דער וואַך, ער איז אַ גוטהאַר־ציקער מענטש, אַן איבערגעגעבענער און אַ פיינער, אַזוי לאַנג ווי דו באַליידיקסט אים נישט. טאָמער אָבער רירסטו אָן זיין כּבוד, דעמאָלט היט דיך פאַר דיין לעבן, ער קאָן דיר געבן מיט אַ מעסער אין אַ זייט.

און כאָטש אונדזער לערער האָט נישט אויסגעזען אויף איינעם, וואָס וועט זיך לויפן שלאָגן, און כאָטש די סכּנה פון אַ מעסער אין אַ זייט האָט דאָ נישט עקזיסטירט, האָב איך דאָך געהאָרכט און באַטראַכט די פיגורן, וואָס ער האָט געצייכנט, ביז די נאַכט איז צוגעפאַלן און מען האָט אָנגעצונדן די לאָמפּ.

דער ווינט אין דרויסן האָט זיך נאָך מער צעהוליעט, ער האָט געבוימען שטאַרק שוין רייסן די לאָדן און האָט מוראדיק געפּיפן איבער די ברייטע פעלדער. מען האָט געפילט שוין אין שטוב, ווי ער שפּאַצירט אַרום, דורכרייסנדיק זיך דורך די שפּאַרעס, און מיין לערער האָט אַלץ גערעדט און געצייכנט פיגורן.

— שטאַרקע ווינטן ביי אייך, — האָב איך איבערגעהאַקט.

אָבער ער האָט מיט אַ פּאַטריאָטישן פּאַטאָס אָפּגעלייקנט מיינע ווערטער, געשמאַצקעט מיט דער צונג צוויי מאָל „צאַצאַ", לויטן היימישן שטייגער, אַלס צייכן אויף ניין, און האָט געזאָגט:

— נישט באַדייטנדע ווינטן, וואָס גייען דורך. אַרגענטינע האָט אַ מעסיק, אַ הערלעך, אַ געזונט קלימאַט.

ווידער האָט מען אָנגעגאָסן די באַמביזשאַ און זי האָט גענומען וואַנדערן פון מויל צו מויל אין רעדל.

מיין לערער האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אין איין ריידן און און איין איבערצייגן.

אין אַרגענטינע, נישט ערגעץ ווי אַנדערש, אין אַרגענטינע, האָט זיך באַוויזן דער ערשטער מענטש, אָפּשטאַמענדיק פון דער בראַזילישער מאַלפּע.

— גוט. זאָל זיין — האָב איך געזאָגט, ווענדיק אים דערצערנען — איר האַלט דאָס פאַר אַ גרויסן יחוס? איך נישט. זאָגט מיר, ליבער, פאַרוואָס איז דער אַרגענטינישער הימן אַזוי משונהדיק לאַנג? —

מער האָט נישט געפעלט. באַלד האָבן זיך אָנגעצונדן די אויגן פון דעם נאַטשאָ-סאָציאַליסט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט. ווער ווייסט, וואָס דערפון וואָלט אַרויסגעקומען, ווען די קאָלאָגיסטן וואָלטן אים נישט אַלע צוזאַמען גענומען באַרויקן.

## יב

## די קרוין פון די יידישע קאָלאָניעס.

איך בין אָנגעקומען קיין מאָזעסוויל אין רעכטן מיטן אַרגענטינישן ווינטער, אין חודש יוני. דער הימל איז געווען פארוואָלקנט, און די בלאָטע איז געווען טיף און געדיכט, אָבער מיטאַמאָל — אַזוי ווי דאָס איז דער שטייגער אין אַרגענטינע — האָט זיך געשטעלט אַ הייס וועטער. אַז איך בין אויף צומאָרגנס אויפגעשטאַנען, האָב איך נישט דערקענט דעם פּלאַץ, וואָס האָט מיך ערשט נעכטן אַזוי בלאָטיק און וואָלקנדיק אויפגענומען. פון דער בלאָטע איז געוואָרן אַ האַרטער שטיין, וואָס די זון האָט איבו איצט געהאַלטן אין איין אָנגליען, און ער האָט גען פּלאַצט אונטער דער וואַרעמקייט, וואָס האָט ווי אַ שטראָם גע־גאָסן פון בלאָען — אַרגענטיניש־בלאָען — הימל אַראָפּ. און ביי־מער, דיקע און צעוואַקסענע, אויף דעם שטאָט־סקווער (פּלאַסאַ), דינע אוני גרינינקע — אַרום דער ליטווישער שול — האָבן מיר

געגעבן די אילוזיע פון עפּעס אַ פאַרגעסענעם פלוצלונגען פרי־ לינג, ווען ער פלעגט זיך אַריינכאַפּן אין מיין געבורטס־שטעטל פאַר פסח גאָר אומגעריכטערהייט, און איך האָב גערעדלט מצות מיט אַזוי פיל קוראַזש און פרייד.

כדי נאָך מער צו פאַרשטאַרקן די אילוזיע, האָט פונקט דאָ, עטלעכע טריט ווייט פון מיין וווינונג, אַן אַלט־מאָדישער רבי, אין אַ קאַפּל און מיט אַרויסגעהאָנגענע ציצית, געקנעלט מיט חדר־יינגלעך די סדרה פון וואָך; משונה־גרויסע הענער האָבן מיט גדלות אויסגעפּיקעט פון דער ערד, און קודלאַטע הינט, יידישע הינט, האָבן זיך געוואַרעמט אויף דער זון און האָבן מיר, דעם פרעמדן, קוים געשענקט אַ פוילן בליק.

און די יונגען פון דער שטאָט זיינען געקומען צו מיר,— זאָלן זיי מיר מוחל זיין די קאָלאָניסטישע זין, די מאָזעסווילער אינטעליגענץ, וואָס איך רוף זיי אָן מיט דעם וווּלגאַרן נאָמען: „יונגען"! ווייל אין מיין זכרון שווימען זיי אַרויס איינגעפאַסט אין דעם ראַמען פון יענעם זוניקן טאָג: גרויסע, געזונטע, בלוט־ שפּראָצנדיקע יונגען. די ערד איז דאָ פרוכטבאַר און די אַל־ פאַלפאַ איז גרין און פעט, און די בהמות, וואָס פיטערן זיך אויף איר, זיינען פון די בעסטע אין אַרגענטינע. און דער מענטש איז אויך דאָ געראָטן, פיזיש און גייסטיק.

וועגן וואָס האָבן מיר אַלץ נישט גערעדט! וואָס הערט זיך אין דער אַלטער היים? זיינען מיר שטאַרק רויבירט פון דער מלחמה? פאַרוואָס פייניקט מען אונדז אַזוי? און וואָס מאַכט די יידישע ליטעראַטור? איז דאָ אַ גוט יידיש טעאַטער? שרייבט מען בייע ווערק? וואָס מאַכן עפּעס די שרייבערס?

---

זאָל עס דאָ דערמאָנט ווערן: דער אינטערעס פאַר דער יידי-שער ליטעראַטור, וואָס איך האָב געטראָפן אומעטום אויף מיין רייזע אין אַרגענטינע און בראַזיליע, איז פאַר מיר געווען גאָר אַ גרויסע און אַנגענעמע איבעראַשונג. יעדע יידישע קהלה, ווי קליין זי זאָל נישט זיין, כמעט יעדער גרעסערער „פונקט" פון אַ קאָלאָניע, וווּ נאָר עטלעכע מנינים יידן זיינען נאָר פאַראַן, איז דאָס ערשטע — אַ ביבליאָטעק, אַ ביבליאָטעק און אַ בית-עלמין — דאָס זיינען די צוויי אינסטיטוציעס, וואָס קענען גרוי-פירן אַרום זיך אַלע, דעם ציוניסט, ווי דעם אַנאַרכיסט, און דער פרומער שליסט זיך אויך אָן, ווייל די יידישע ליטעראַטור איז אין די ווייטע לענדער פאַר די פאַרוואָרפענע יידן, מייסטנס פאָלקס-מענטשן, געוואָרן אַ שטיק הייליקייט, אַ מין „דבר שבקדושה". דער שרייבער, אומגעאַכטעט דערויף, צי מען האָט אים געלייענט, צי נישט, צי ער איז צוגענגלעך און פארשטענד-לעך פאַר די פשוטע מענטשן, צי נישט — דערמיט אַליין נאָר וואָס ער איז אַ שרייבער, איז ער אַ שטיק פאָלקס-העלד און מען דאַרף אים כבוד אָפּגעבן. שטייט דאָך זיין בוך אין דער „הייליקייט", אין דער ביבליאָטעק, אונטער די גלעזערנע שויבן, פון דער ספרים-שאַנק!

ווען יידישע שרייבער — אַזוי האָב איך ביי מיר אַליין נישט איין מאָל געטראַכט — וואָלטן וויסן, וואָסער ראָליע זיי שפּילן און וואָסערע נאַציאָנאַלע פונקציע זיי פילן-אויס אין דער נשמה פון די מאַסן, וואָלטן זיי דערשראָקן געוואָרן פאַר דער גרויסער אחריות, וואָס זיי טראָגן אויף זיך...

אין דעם רוישיקן, זוניקן, לאַכנדיקן ריאָ-דע-זשאַנעיראָ, פונקט אַזוי ווי אין סערעס, אַ פאַרוואָרפן שטעטל אין אַרגענ-טינע, ווו עטלעכע מנינים אָרעמע יידן לעבן, און אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך, האָבן מיך יידן אָפּגעוואַרט און געפירט

מיך מיט גרויס פּאַראַד אין דער ביבליאָטעק אַריין. וואָס איז? ווער פון זיי קען מיך, און וועמען פון זיי קען איך? מיט וואָס האָב איך פאַרדינט אָט דעם כבוד? דערמיט — וואָס מען האָט נאָכגעזוכט אין קאַטאַלאָג און מען האָט געפונען מיין נאָמען דאָרט פאַרצייכנט.

דינינקע יידישע ביכלעך, אָן אָרעמע ליטעראַטור, געדרוקט אויף שלעכט פּאַפּיר, אָן פּראַכט-אויסגאַבן, אָן ענציקלאָפּעדיעס, אָן שום אויסערלעכן גלאַנץ, וואָס זאָל אימפּאָנירן, — און דאָך האָבן די יידישע פאָלקס-מענטשן דאָס ביסל אָרעמקייט אַזוי פאַרבונדן מיט זיך, אַז ס'מוז יעדן איינעם רירן ביז צו די טי־פענישן פון זיין נשמה.

זייערס, אייגענס איז דאָס, און אַרום איז אַזאַ ווילד-פרעמדער ים, — קלאַמערט מען זיך אַרום דעם.

אָבער מאָזעסווילער יוגנט זאָלט איר נישט פאַרגלייכן מיט וועמען עס איז! דאָ וועט איר געפינען דאָס לעצטע יידישע ביכל פון דעם מאָדערנסטן און דעם לעצטן „התקופה", און ביידע ווערן געלייענט און דעבאַטירט. מאָזעסווילער יוגנט שפּילט זייער אַ גרויסע ראָליע אין גייסטיקן לעבן פון גאַנצן אַרגענטינער יידנטום, די ריזיקע שיין-געוואַקסענע יונגען האָבן אַ גאַנץ שיינע גייסטיקע אַנטוויקלונג, און אַז מען באַטראַכט, אַז די יידישע ליטעראַטור האָט אין זייער גייסטיקן וווקס געשפּילט די הויפּט-ראָליע, קאָן מען זיך דערמיט באמת אַ ביסל גרויסן..

---

מאָזעסווילער יוגנט איז שטאָלץ אויף זייער נייעם ישוב. דער גרעסטער טייל פון די איבער 300 קאָלאָניסטן האָבן שוין אויסגעצאָלט דער יק"א. דער אַרגענטינער קריזיס האָט אויך דאָ געמאַכט חורבות, מענטשן האָבן פאַרלוירן ריזיקע פאַרמעגנס,

אָבער דערשלאָגענע, ארויסגעשטויסענע זיינען כמעט נישטאָ. מען הערט נישט דאָ, אַז עמעצער זאָל פאַרקויפן די ערד פאַר שפּאַניער וואָס ס'האָט, ליידער, פּאַסירט מיט זייער פיל אין דער קאָלאָניע מאַוריציא.

מאָזעסוויל פאַרמאָגט דעם בעסטן קאָאָפּעראַטיוו, נישט נאָר פון די יידישע קאָלאָניעס, נאָר פון גאַנץ אַרגענטינע. אין מאָזעסוויל לעבן יידן פרומע, הייננטמאָדישע, ראַדיקאַלע, ליטוואַקעס און בעסאַראַבער איר קאָנט דאָ געפינען אַן אָפּשפּיגלונג פון אַלץ, וואָס מאַכט אויס די גייסטיקע דערנערונג פון יידן, אין מען האָט זיך צוזאַמענגעלעבט. מחלוקת קומען דאָ פאָר ע טן. מאָזעסוויל פאַרמאָגט אַ ביסל לעבן-הומאָר, וואָס דאָס איז דער בעסטער אויסגלייכער צווישן מענטשן.

— קומען ביי אייך נישט פאָר קיין מחלוקתן אין די שולן אַזוי ווי עס פירט זיך ביי יידן? —

און מען האָט מיר דערציילט אַזאַ מעשה: אַ קאָלאָניסט האָט זיך געפילט שטאַרק באַליידיקט, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געקראָגן קיין פּעטע עליה. ער האָט גענומען בונטעווען קעגן קהל. האָבן די גבאים גענומען און אָנגעהויבן אים פּי-טערן מיט שלישי, יעדע וואָך צו שחרית און צו מנחה האָט מען אים געגעבן שלישי, אַזוי לאַנג ביז דער בונטאָווטשיק האָט זיך איבערגעגעסן און האָט זיך נישט געוויזן מער צום דאַווענען. עס האָט אים אָ געכאַפּט אַ שרעק פאַר דעם שלישי... פון דע-מאָלט-אָן טרעפט נישט מער, אַז די צעטיילונג פון עליות זאָל אַרויסרופן קריגערייען.

מאָזעסוויל האָט הומאָר, און מאָזעסוויל האָט אויך לאַנגע, לאַנגע קילאָמעטער גוטע וועגן, באַפלאַנצט פון ביידע זייטן מיט ביימער, וואָס דאָס איז אויך אַ סימן פון גוטן הומאָר. ווו דער מענטש איז גוט אויפגעלייגט, לאַכט ביי אים דאָס פּנים.

און די אויגן, און עס לאַכט זיין וווינונג, זיין פעלד און זיין וועג. אין אַ זייט פון דער קאָלאָניע וווינט אַ גרופּע פאַרוואָרלאָזטע קאָלאָניסטן: דיזעלבע ערד, דיזעלבע באַדינגונגען, אָבער אָן מזל און אָן גליק. זיינען דאָ אויפן וועג קאַלוזשעס וואַסער, און אַ פגירה פון אַ פערד ליגט אויסגעצויגן אין מיטן וועג און קיינער רוימט זיי נישט אָפּ. און קיין אָנצייכן פון קיין בוים זעט איר נישט און די קאָלאָניסטן קוקן פון אונטער די ברעמען אַפער מיט חשד און די „אַלאַמבראַ” איז איבערגעריסן און אַלץ פאַלט פון די הענט.

און ווידער פאָרט-אַרויס די „סילקע”, דאָס וועגעלע אויף צוויי רעדער, און עס טראָגט אונדז ווייטער דורך גרינע פעלדער. טייל ערטער ווערן איצט באַאַקערט און באַזייט. איר דאַרפט מיך יעצט נישט נאָכצופרעגן אויף דער לאַגע פון די קאָלאָניסטן אין יעדער גרופּע באַזונדער; איין בליק פון אויג איז גענוג. ווו דער וועג איז אין אָרדענונג, ווו ביימער זיינען פאַרפלאַנצט, ווו איר מערקט קיין אָפּגעלאָזנקייט נישט, דאָרט, זייט וויסן, האָט זיך אַ משפחה פעסט איינגעפלאַנצט און פאַרקניפּט איר גורל מיט דער מאָזעסווילער ערד.

און ווי לאַנג איז, ווי אויף מאָזעסוויל האָט מען געמאַכט מיט דער האַנט, ווי אויף אַן אומגליקלעכן דורכפאַל! די לאַגע פון די קאָלאָניסטן איז געווען אָן שום האָפנונג. יאָר-איין, יאָר-אויס האָבן זיי געאַקערט און געזייט און יאָר-איין און יאָר-אויס איז געקומען דער היישעריק און האָט אָפּגעפרעסן און נישט געלאָזט קיין רעשט. מאָזעסוויל ליגט אויף צפון, אין דער פּראָווינץ סאַנטאַ-טע. דער היישעריק, וואָס האָט זיינע נעסטן אין די וועלדער פון טשאַקאָ און פּאַראַגוואַי, קומט אַהער הונגעריק און מאַכט ראָ זיין ערשטן אויפנטהאַלט. ער פרעסט-אָפּ די אַרויסגעשפּראָצטע זריצה און שטאַרבט אַוועק. אָבער פאַרן טויט לאָזט ער איבער

דעם נייעם דור, איינגעגראָבן אין דער ערד, אין פאָרם פון אייערלעך, צו 80 אויף איין מאָל, פון וואַנען עס שטאַמט דער צווייטער דור — דער קריכנדיקער היישעריק. ער נעמט אַרויס קריכן פון בלעטער. און אויף הונדערטער קילאָמעטער איז די ערד פול מיט אים, קיין ליידיק אָרט איז נישטאָ! און ער קריכט צו צפון, צו זיין היים צוריק, און פון אים איז קיין רעטונג און קיין באַהעלטעניש נישטאָ. וואָס זיין טאַטע-מאַמע, דער פליענדיקער היישעריק, האָבן איבערגעלאָזט, דאָס פרעסט ער אויף. די זריעה, וואָס איז ווידער אויפגעגאַנגען און איז הויך געוואַקסן, ווערט פאַרשוואונדן, די ביימער בלייבן שטיין אָן אַ פיצל גרינס... נאָר דער, וואָס איז געווען אין אַרגענטינע, קאָן פילן די ווערטער פון נביא און זיין צער, ווען ער דערציילט די שרעק פון היישעריק.

אַ לוסטיקער פורמאַן איז געווען אין דער קאָלאָניע מאָזעסוויל מיט 20 יאָר צוריק. אינדערהיים געווען אַ שמייסער. דאָ איז ער געוואָרן אַליין אַ בעל-עגלה. דערציילט מיר אַן אַלטער קאָלאָניסט, ווען ער איז אָנגעקומען, איז ער געפאָרן מיט דעם בעל-עגלה פון דער סטאַציע צו זיין פעלד. דער בעל-עגלה האָט זיך געריבן די הענט פאַר נחת. „געלויבט צו גאָט, פרנסה וועט זיין", — האָט ער געזאָגט, — „היינט קומט א י ר צופאָרן, פאָרן אַנדערע אַרויס; אין עטלעכע חדשים אַרום, וועל איך אייך אָפפירן צו דער באַן, וועלן אַ נ ד ע ר ע קומען, אַבי עס פעלן נישט קיין יאַטען".

אָט אַזוי האָט מען זיך געוויצלט אויפן חשבון פון די נייע קאָלאָניסטן. וועלכע שטיינער האָט מען זיי געלייגט אויפן האַרצן ביי זייער אָנקומען.

כמעט ווי אַ צופאַל איז עס געווען, וואָס האָט געראַטעוועט די לאַגע: איינער אַן אַדמיניסטראַטאָר האָט אַראָפּגעבראַכט

די זוימען פון דער אַלפאַלבאַ און צעטיילט צווישן די קאָלאָניסטן און געהייסן זיי פאַרזייען די ערד דערמיט. די קאָלאָניסטן האָבן זיך געבונטעוועט. אַ נייע גזירה איז אַרויס, — האָבן זיי געשריען, — צו פאַרזייען אַלפאַלבאַ, אָבער די, וואָס האָבן פאַרזייט, האָבן געשניטן 6 מאָל אַ יאָר, און ווען דער היישעריק האָט אויפגעפרעסן, האָט עס אין 8 טאָג אַרום ווידער אַרויסגעשפּראָצט. אויפן צווייטן יאָר זיינען כמעט אַלע פעלדער פון מאָזעסוויל פאַרזייט געוואָרן מיט אַלפאַלבאַ, וואָס האָט נאָך די מעלה, וואָס מען דאַרף עס זייען נאָר איין מאָל אין 7 ביז 10 יאָר. אויפן באָדן פון דער אַלפאַלבאַ, וואָס איז דאָס בעסטע פוטער פאַר די בהמות, האָט מאָזעסוויל אַנטוויקלט אַ פּי־האָדאָוואַניע, וואָס איז איינע צווישן די ערשטע און בעסטע אין אַרגענטינע, און וואָס איז דער יסוד פון איר וווילשטאַנד.

פאַרנאַכט איז עס געווען. די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו מערב, אונדזער פערדל האָט אונדז פריילעך געטראָגן אַהיים פון דעם אַרומפאָרן אין די ווייטע „פונקטן“. אַרגענטינישע פערד זיינען פריילעכע, פרייע באַשעפענישן. זיי ווייסן נישט פון קיין דאגת־פרנסה, זיי פיטערן זיך אַליין אויף דער לאָנקע און ווייסן נישט פון קיין פאַמעלעכן גאַנג. אַן אויטאָמאָביל האָט אונדז אויסגעמיטן, איז פאַרביי, אָבער ער האָט צוריק פאַרקערעוועט און דעריאָגט אונדזער „סילקע“. פון דעם אויטאָמאָביל איז אַרויס אַ שפּאַניער, אַ פאַרטרעטער פון אַ געשעפט, און האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן דער „סילקע“ און האָט עפּעס גענומען לאַנג איינטענהן מיט דעם אָנפירער פון דעם קאָאָפּעראַטיוו, וואָס איז געזעסן נעבן מיר. מיינער ענטפערט אים קאַלט, מיט אַ וואָרט, מיט אַ מאַך מיט דער האַנט, מיט אַ ניין, און יענער שרייט ווייטער, חורשט אַריין, כאַפּט אַרויס אַ בליישטיפט און רעכנט, און קאָכט זיך, מעשה לאַדזשער

קאָמי-וואָיאַזשער. ענדלעך האָט מיין שכן באַוויליקט אים צו ענטפערן, ער זאָל קומען מאָרגן, מיט וואָס דער שפּאַניער איז, קענטיק, געווען זייער צופרידן.

דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך געזען די פּאַרקערטע יוצרות: אַ גוי אַ קאָמי-וואָיאַזשער, און אונדזערער אַ יונגערמאַן אין דער ראָליע פון אַ קאַלטן פּאַרמער, וואָס האַלט אין איין זאָגן: „טשעפּע זיך אָפּ!".

ביים נאַכט-עסן, אַז מען האָט מיך געפרעגט, ווי געפעלט מיר עפּעס מאָזעסוויל, האָב איך געענטפערט:

— אַ שאָד, וואָס נאָר איין מאָזעסוויל איז פאַראַן; 50 מאָזעסווילס האָבן געדאַרפט צו זיין!...

— און עס וואָלטן געקאָנט זיין, — האָט מען מיר געענטפערט, — ווען נישט די שלימזלדיקע הענט פון דער יק"א און אירע קאָרופּירטע באַאַמטע!...

יג

## מעשיות פון פאטאגאניע

פלעזיאָזאַוור—איך קאָן דעם נאָמען נישט אַרויסרעדן ריכטיק, און איך בין נישט ערוב, אַז כ׳האָב אים ריכטיק אויסגעלייגט. נישט איך, נישט איר, נישט אפילו די אַרגענטינישע געלערטע וואָס זוכן אים, ווייסן צו זאָגן, וואָס דאָס איז פאַר אַ חיה און ווי זי זעט אויס.

בסך־הכל עקזיסטירט דער פלעזיאָזאַוור נישט מער אויף אונדזער ערד; אַ סברא איז פאַראַן, אַז ער האָט געלעבט מיט עטלעכע מיליאָן יאָר צוריק. עס זאָל זיין פון די באַשעפענישן פון פאַרן מבול, צי פון פאַר דעם אייז־פעריאָד, — געגוויערס וועגן דער משונהדיקער חיה דאַרפט איר צו פרעגן ביי די געאָלאָגן, וואָס גראָבן־אויס דאָס געביין פון פאַרשיידענע פאַרשווּנדענע באַשעפענישן, און שטעלן זיך פאָר אין דער פאַנטאַזיע, ווי די באַשעפענישן האָבן אויסגעזען, וואָס זיי האָבן געגעסן, ווו זיי האָבן געלעבט, ווי אַזוי זיי האָבן זיך פאַרמערט און ווי אַזוי זיי זיינען אויסגעשטאָרבן.

איר קאָנט טרעפן ערגעץ אין אַ מוזיי אַ סקעלעט פון אַזאַ באַשעפעניש, קינסטלעך צוזאַמענגעשטעלט. ביים אַריינגאַנג צום בערלינער אַקוואַריום איז אויסגעמויערט אַ ריזיקע חיה, האַלב קראָקאָדיל, האַלב פייגל, הויך ווי אַ צוויי-שטאָקיק הויז, און דערביי שטייט געשריבן, אַז לויט ווי די געלערטע זאָגן, האָט די חיה געלעבט מיט 20 מיליאָן יאָרן צוריק.

אָבער די פאַרשווונדענע באַשעפענישן געהערן אַלע צו די לאַנג-אויסגעלאָשענע צייטן פון אונדזער ערד, זיי געהערן צו דער וויטנשאַפט.

אין אַרגענטינע האָט די אַמביציע צו פאַרמאָגן ל ע ב ע ד י ק ע פלעזיאָזאַוורן. די דרום-געגנטן פון אַרגענטינע זיינען ווייניק אויסגעפאָרשט. דער קלימאַט איז דאָרט קאַלט, דער קאָנטיגענט ווערט אַלץ שמאָלער, און ווינטן, זאָגט מען, זאָלן דאָרט בלאָזן פון די שניי-בערג אַראָפּ אַזוינע שטאַרקע, אַז זיי הויבן-אויף שטיינער און טראָגן זיי אין דער לופט. מען דערציילט אויך, אַז די גאַנצע געגנט, פּאַטאַגאָניע מיטן נאָמען, האָט זייער פּרוכטבאַרע שוואַרצע ערד; אַז נאָך דער ענגליש-בורישער מלחמה האָט אַ גרופּע בורן געמאַכט אַ פּרווו צו קאָלאָניזירן זיך דאָרט און איבערצופלאַנצן די בורישע נאַציע אַהער, כדי צו אַנטלויפן פון ענגלישן יאָך; דער פּרווו פון קאָלאָניזאַציע האָט זיך געזאָלט איינגעבן, נאָר די בורישע פאָרשטעער האָבן נישט געקאָנט דורכקומען מיט דער אַרגענטינישער רעגירונג וועגן אויטאָנאָמישע רעכט. פאַרשיידענע ווילדע מעשיות ווערן דערציילט וועגן דעם לאַנד. אין יענער געגנט זאָל זיך געפינען אַ געוויסער קריגערישער אינדיאַנישער שבט, וואָס איז באַרימט דערמיט, וואָס זיינע מענטשן זיינען די העכסטע אויף דער וועלט, און אומגעהויער שיין געבויט זאָלן זיי זיין. יעצט האָבן זיי זיך אָפּגעטראָגן ווייט, אויף מערב, אין די בערג, כדי אויסצו

מיידן דאָס טרעפן זיך מיט די אייראָפּעער. בשעת די שבטים פון שטאַם גאַראַני, וואָס האָבן באַזעצט די געגנט אויף צפון-מזרח, פון בוענאָס־איירעס ביז קיין פּאַריגאַווייַ, זיינען מער אַ נידדיקע ראַסע, וואָס איז זיי געווען גרינג אויסצוראָטן, צו אַסי-מילירן דורך בלוט-מישונג, צו צווינגען זיי צו אַרבעטן אין די צוקער-פּלאַנטאַציעס אין טוקומאַן און אין די זילבער-גרובן פון באָליוויאַ — האָט יענער שבט פון די ריזיק-גרויסע מענטשן אויף דרום זיך נישט אונטערגעגעבן. ביי זיי איז אַ מנהג עד היום, אַז אַ פרוי, וואָס האָט זיך איבערגעגעבן אַ ווייסן, ווערט געהרגעט...

פאַרשיידענע אַנדערע מעשיות ווערן דערציילט, וועגן פּאַ-טאָגאָניע, און צווישן זיי וויל איך דאָ איבערגעבן איינע, וואָס איז אומבאַדינגט וואָר, ווייל זי האָט פּאַסירט גראָד אין דער צייט, ווען איך בין געווען אין אַרגענטינע.

פאַראַן דאָרט, ווי אומעטום אין אַרגענטינע, באַזיצער פון גרויסע שטחים ערד, וואָס נויטיקן זיך אין מענטשלעכע הענט, ווערן אַהין פאַרנאַרט עמיגראַנטן און מען זאָגט צו גילדענע בערג, און ווען זיי קומען אויפן פּלאַץ, זיינען זיי געצוווּנגען צו אַרבעטן, ווי שקלאַפן. די קאָנטראָלע פון דער צענטראַל-רעגירונג דערלאַנגט נישט אַזוי ווייט, און אפילו ווען מען ווייסט יאָ אין בוענאָס-איירעס פון די אַרבעטס־באַדינגונגען דאָרט, מאַכט מען זיך נישט וויסן... די לאַטיפינדיסטן האָבן נאָך איצט אפילו, נאָכדעם ווי די ראַדיקאַלן האָבן אַרויסגעריסן די מאַכט פון די הענט פון די „קאָנסערוואַטאָרן", די גרעסטע דעה אין לאַנד...

האָט פּאַסירט, אַז די „פּעאָנען", די לוין-אַרבעטער, האָבן געמאַכט אַ שטרייק. די לאַטיפינדיסטן זיינען געצוווּנגען געווען נאָכצוגעבן, ווייל קיין רעגירונגס-מיליטער האָט זיך נישט געפונען אויפן אָרט.

דער נצחון פון די „פּעאָנען", איז אָבער נישט געווען אויף לאַנג. אַ לאַטיפינדיסט איז אַראָפּגעפאָרן קיין בוענאָס-איירעס, געמאַכט אַ געוואַלט וועגן אַ געפערלעכער רעוואָלוציע, וואָס האָט אויסגעבראָכן, אַ רעגימענט רייטער איז אַראָפּגעשיקט געוואָרן, און דער סוף איז געווען אָט אַזוינער:

אַן ערך 800 אַרבעטער דינען צעשאָסן געוואָרן, און ס'זיינען צוריקגעשטעלט געוואָרן די באַדינגונגען פון פאַר דער „רעוואָלוציע".

איך דערצייל די מעשה, נישט אום צו מאַכן אַ שלעכטן שם אויף דער וועלט דער אַרגענטינישער רעפּובליק. אַזוינע זאַכן פּאַסירן אויך ערגעץ אַנדערש-ווו. אַרגענטינע איז אַ גאַנץ גוט איינגעריכטעטע רעפּובליק; פון די דרום-אַמעריקאַנישע — אפשר די קולטורעלסטע, נאָר מאַלע וואָס ס'פּאַסירט נישט אַלץ אין אַ מאָדערנער רעפּובליק, בפרט נאָר אין אַזוינע ווייט-פאַרוואָרפענע געגנטן, ווי פּאַטאַגאָניע.

איבריקנס, ווערן פון צייט צו צייט אַראָפּגעשיקט ספּעציעלע וויסנשאַפטלעכע עקספּעדיציעס אויסצופאָרשן פּאַטאַגאָניע.

די מיטגלידער פון די עקספּעדיציעס ווערן גוט באַצאָלט, די ראַדיקאַלע פּאַרטיי טיילט שטעלעס אירע אָנהענגער. אַזוי, למשל, זיינען גאַנצע לעגיאָנען אָנגעשטעלטע באַשעפטיקט מיט פּאַרטייליקן דעם היישעריק, און די קאָלאָניסטן ווייסן נישט, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון... די פּאַרטייליקער, וואָס טוען נאָר אָן צרות. עס איז מער נאָך ווי יושרדיק, אַז אויך מענער פון דער וויסנשאַפט זאָלן געניסן פון דער ברייטער האַנט פון דער רעגירונג.

די עקספּעדיציע, וואָס איז געשיקט געוואָרן אין דער צייט, ווען איך בין געווען אין לאַנד, האָט געהאַט די אויפ-

גאַבּע אויסצופאָרשן, צו געפינען און צו ברענגען לעבעדיקער־הייט, אויב מעגלעך, דעם לעבעדיקן פּלעזיאָזאַוור.

אַלע צייטונגען האָבּן דערציילט דאָס וווּנדער: אין די בערג דאָרט האַלט זיך נאָך עד־היום אויף אַ חיה, גרויס ווי אַ הויז. עפּעס זאָל האָבּן געקומען אַ מענטש און דערציילט, אַז ער האָט זי אַליין געזען מיט די אייגענע אויגן. זי האָט גע־געבן אַ מרוקע, האָט די ערד געציטערט, ווי בשעת אַ גרויסן דונער. די וויסנשאַפטס־לייט, צווישן זיי דער דירעקטאָר פון זאָאָלאָגישן גאָרטן, האָבּן גענומען אויספאָרשן דעם מענטש. ער האָט אָנגעגעבּן אַלע סימנים, און די וויסנשאַפטס־לייט האָבּן באַ־שלאָסן, אַז דאָס איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי די פּאַר־מבולדיקע חיה, וואָס איז שוין פאַרשווּנדן פון דער גאַנצער ערד אַן ערך אַ מיליאָן יאָר, און נאָר אַרגענטינע האָט דעם כבוד צו האָבּן נאָך אַ לעבעדיקן עקזעמפּלאַר.

וואָסער נאַציאָנאַלער שטאָלץ!

די צייטונגען האָבּן טאָג־איין, טאָג־אויס געשריבּן לאַנגע אַרטיקלען און צוגעגעבּן בילדער, און די רעגירונג האָט באַווי־ליקט דאָס געלט אויף אַן עקספּעדיציע.

ביי מיין אַוועקפאָרן האָט די עקספּעדיציע אַלץ נאָך גע־ווײלט אין פּאַטאַגאָניע.

באַריכטעט איז געוואָרן אָט־וואָס:

קיין לעבעדיקן פּלעזיאָזאַוור איז נאָך נישט געלונגען צו געפינען, אויך נישט די טריט־שפּורן אין שניי. אָבער באַמערקט האָט מען, אַז פאַרשיידענע קליינע יעזשאָרעס אין די בערג ווערן אויסגעטריקנט, אפילו אַזוינע, וואָס זיינען אָנגעצייכנט אויף דער קאַרטע, און וואָס דאַרפן זיין פול מיט וואַסער, שטייען איצט ליידיק, דאָס וואַסער איז פאַרשווּנדן.

איז דערפון געדרונגען, אַז די פּלעזיאָזאַוורן האָבּן גע־

שטילט זייער דורשט ביי די יעזשאָרעס, אַזוי לאַנג געטרונקען, ביז זיי האָבן זיי אויסגעזופט און געלאָזט טרוקן.

אָט אַזוי איז וויסנשאַפטלעך באַגרינדעט געוואָרן, אַז אַר־גענטינע פאַרמאָגט לעבעדיקע באַשעפענישן, וואָס אונדזער ערד האָט זיי שוין נישט אָנגעזען עטלעכע מיליאָן יאָר.

## יד

## 30 יאָר קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע*).

אַרגענטינע! אַמאָל איז דאָס געווען אַ וואָרט, וואָס האָט אָפּגעהילכט אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך, ווי אַ רוף אויסגעלייזט צו ווערן, אַ וואָרט, וואָס האָט געמאַכט ציטערן יידישע הערצער מיט פרייד און דערוואַרטונג און האָפנונג. אַזוי ווי אַ פרייער ליבער ווינט אין פרילינג האָט דורכגעשפּאַצירט אין אַ״ע יידישע מקומות אַ בשורה: אַ לאַנד פאַר יידן, אַ לאַנד פאַר יידישע ערד־אַרבעטער, אַן אויסלייזער איז אויפגעשטאַנען, דער באַראָן הירש! יידן איז באַשערט אויפגעפרישט און אויפגעריכט צו ווערן, פטור צו ווערן פון אַ לעבן, פול שאַנד און נויט, גזירות און פּאָגראָמען.

*) אונטער דעם טיטל איז דערשינען אין בוענאָס-איירעס אַ גרויס בוך פון מעמוארן, געשריבן פון ה׳ אלפּערזאָן. דאָס בוך האָט געמאַכט אַן אומגעהייער גרויסן איינדרוק אין ביידע אמעריקעס. עס ווערט איצט איבערגעדרוקט אין איראָפּע אונטער מיין רעדאַקציע און דאָס אַרטיקל ווערט צוגעגעבן דערצו אַלס הקדמה.

קהל-לייט האָבן זיך געקהלט (דאָס וואָרט כּלל-טוער איז נאָך דעמאָלט נישט געווען אין געברויך), שרייבער האָבן גע-שריבן, די צייטונגען האָבן געמאַכט אַגיטאַציע, ווער פאַר, ווער קעגן. דער „המליץ" מיט דער „הצפירה" האָבן זיך גע-אַמפּערט. טומלערס האָבן געטומלט, בעל-דרשנס האָבן געדרשנט, אינטעליגענטישע פאַרשפּיצטע קעפּ האָבן זיך געפּלפּולט: צי איז אַרגענטינע אַ קאָנקורענץ צו ציון, צי נישט. מיט איין וואָרט, אין דער יידישער עפנטלעכקייט האָט אַרגענטינע פאַרנומען עט-לעכע יאָר נאָכאַנאַנד זייער אַ חשובן אָרט.

און מיטאַמאָל איז אַלץ שטיל געוואָרן, אַרגענטינע איז פאַרגעסן געוואָרן, אַזוי ווי קיינמאָל נישט געווען. מען וואָלט געקאָנט זאָגן: ס'איז פאַרזונקען געוואָרן אין תהום פון פאַר-געסנקייט. פלינק און געשיקט און ענערגיש איז דער יידישער אינטעליגענט און דער יידישער קהל-מענטש, בשעת מען דאַרף אויפצורודערן דעם עולם, בשעת מ'דאַרף פונקען אויפצופלאַקערן אויף פייערס, ווען מען דאַרף זיך קאָכן, לויפן, רעשן, אַגיטירן. אָבער דיזאָזיקע פלינקייט איז, לײַדער, פיל מאָל נישט מער ווי געררייצטע בערוועען — נעווראַסטעניע. ווי שטרוי צינדט זיך אָן דאָס קהלשע טעמפּעראַמענט ביי אים און ווי אַ שטרוי ווערט עס פאַרלאָשן. מען האָט אַ צייט לאַנג גערעשט און געשטורעמט און געפּלפּולט זיך וועגן אַרגענטינע, און מיטאַמאָל איז נמאס געוואָרן.

דאָס אַלץ איז אָבער געווען נאָר דער אויבערפלאַך פון דער באַוועגונג, דער שוים פון די כוואַליעס. ביז צו דער טי-פעניש פון דער יידישער פאָלקס-פּסיכיק, ביז צו די יידישע פאָלקס-מאַסן האָט די באַוועגונג דערלאַנגט און דאָרט עפּעס אָפּ-געריסן. קרעמער פון גראָדנער גובערניע, ישובניקעס פון בעס-סאַראַביע הערן אויס, זיינען זיך מישב, באַשליסן, און גייען,

גייען מחנות גאַנצע, הונדערטער און טויזנטער, צו אַ ניי לאַנד, צו אַ נייעם לעבנס-שטייגער, צו אַן ערלעכער און בכבודיקער פרנסה. געזונטע יידישע פאָלקס-מענטשן, מיט ברייטע פּלייצעס, יונג נאָך און פול מיט בטחון, לאָזן זיך אין וויטן וועג אַריין. און עס באַגעגנט זיי אַ ברייטע וויסטעניש, אַזוי ווי דער ים אומבאַגרעניצט און אַזוי ווי דער ים איינטאָניק, אַ ווייטער סטעפּ ווי אַ טיש גלייך, באַוואַקסן מיט ווילדן גראָז. אָן אַ שפּור פון מענטשלעכן ישוב, אָן אַ צייכן פון קולטור. דאָ האָבן זיי צו פאַרבלייבן, זייער לעבן אויסצולעבן.

דאָס לאַנד איז אומבאַקאַנט, דער קלימאַט אַזוי ווילד און שווער, די ווינטן זיינען אַזוי שרעקלעך, און הונדערטער פּורעניותן און שטרויכלונגען וואַרטן אויף זיי — אויף די פּיאָנערן, געשיקט צו מאַכן פון אַ מדבר אַ פרוכטבאַר לאַנד.

פאַר זיי איז נישטאָ קיין צוריק. זיי קאָנען זיך נישט, אַזוי ווי דער יידישער קהל-מענטש, אַזוי ווי דער יידישער אינ-טעליגענט, פאַרקערעווען, איבערלייגן, אָדער פאַרגעסן, ס'איז אַ האַרטער און ערנסטער ענין, אַ פראַגע פון עקזיסטענץ.

ווען דער יידישער נערוועזישער אינטעליגענט האָט שוין צען מאָל געביטן זיינע טעאָריעס, איז ער, דער פאָלקס-מענטש, געבליבן דאָרט, אין דער ווייטער פּאַמפּאַ, געראַנגלט זיך, גע-אַרבעט, ער איז בייגעקומען די שווערע און האַרטע באַדינגונגען, אָדער זיי האָבן אים צעריבן, און האָבן אים צוריקגעשיקט אין שטאָט אַריין אַ צעקאַליעטשעטן און אויסגעזויגענעם. וויל די בעסטע יאָרן, די יינגסטע, האָט ער שוין איבערגעלאָזט אין דער קאָלאָניע.

אַן ערך 3500 יידישע קאָלאָניסטישע פאַמיליעס זיינען איצט פאַראַן אין אַרגענטינע. נישט אַלע זיינען גוט איינגעפונ-דעוועט; אַ טייל פון זיי מאַטערן זיך נאָך עד-היום, אַרבעטן

אונטער די שווערסטע באַדינגונגען, און ראַנגלען זיך אומזיסט מיט דער קאָרופּציע, וואָס האָט איר גלייכן נישט, אַ קאָרופּציע, אַן אומפאַרשעמטע, וואָס האָט פאַקטיש די גרויסע אידעע פון באַראָן הירש געמאַכט צו-נישט. דער גרעסטער טייל אָבער פון די קאָלאָניסטן, נאָכדעם ווי זיי זיינען איבערגעקומען די שווערע און האַרטע יאָרן, זיינען איצט כמעט איינגעפונדעווטע באַלע-באַטים, און פיל פון זיי זיינען פאַרמעגלעך.

30 יאָר זיינען אַריבער. פון די פּיאָנערן זיינען פיל אויסגעשטאָרבן, נאָך מער זיינען זיך צעלאָפן, דאָס גאַנצע „ערב-רב”, וואָס שלעפּט זיך נאָך יעדער ערנסטער באַוועגונג, איז סוף כל סוף פאַרשוואונדן. די יק״א האָט אָפּגעשטעלט אין אַרגענטינע איר קאָלאָניסטישע טעטיקייט, אירע באַאַמטע זיינען איצט באַשעפטיקט מיט דער איינציקער פראַגע: ווי אַזוי אַרויס-צוציען וואָס מער פּראָפיט פון דער אַרגענטינע-„אונטערנעמונג”. און דאָך, ווען איר פאָרט איצט נאָך אַרום אין די ווייטע פאַרוואָרפענע פונקטן פון די קאָלאָניעס, וועט איר דערשטוינט צו טרעפן נאָך עד-היום ביי אַ יידישן געזונטן פאָלקס-מענטש, דאָ, צי דאָרט, דעם אַלטן אידעאַליזם. די ווערטער, וואָס האָבן געקלונגען הייליק און הויך מיט 30 יאָר צוריק, די ווערטער וועגן ערלעכער אַרבעט, וועגן בכבודיקער פרנסה איף דער ערד א. אז. וו., וואָס זיינען אַזוי אָפּגעבליז קירט געוואָרן אין פאַרלויף פון דער צייט און עס האָט זיך געדוכט, אַז דער שימל האָט זיי אויפגעגעסן,—אָט די ווערטער לעבן נאָך דאָרט, אין דער ווייטער פּאַמפּאַ, ערגעץ אין דעם מויל פון אַ באַ-יאָרטן קאָלאָניסט, און דאָס זיינען נישט ווערטער, נאָר מעשים, יאָרן פון לאַנגער האָרעוואַניע. נויט און איינגעשפּאַרטקייט ליגן אונטער זיי.

איך בין זיכער, אַז דאָס בוך, וואָס ווערט איצט צוגע-

טראָגן דעם יידישן לעזער, וועט מיט איין מאָל אָפּרייניקן דעם שטויב פון פאַרגעסנקייט, וואָס אונטער אים ליגט דער גאַנצער ענין אַרגענטינע באַגראָבן פאַר דעם יידישן אינטעליגענט.

איך וואָלט געוואָלט וואָס ווייניקער ריידן וועגן די ליטעראַריש-בעלעטריסטישע מעלות פון ה׳ אַלפּערזאָנס בוך. פאַר מיר איז דאָס געווען אַ יידישער ראָבינזאָן-קרוזאָ. איך האָב עס געלייענט און איבערגעלייענט און האָב נישט געהאַט גענוג ווערטער אויף אָפּצודאַנקען דעם מחבר פאַר די אמת-גליקלעכע שעהן, וואָס די לעקטור האָט מיר געגעבן. דאָס איז מער ווי אַ שילדערונג, ווי מעמואַרן: דער אמת אַליין אין זיין באַקעטקייט ווערט דאָ דערהויבן צו דער מדרגה פון קונסט... איך וויל אָבער נישט פאַרלויפן דעם לעזער דעם וועג, זאָל ער לייענען און אַליין משפּטן.

דער סטיל פון ה׳ אַלפּערזאָן איז נישט „ליטעראַריש״. אין אונדזער צייט איז דאָס אַ מעלה, נישט קיין חסרון. ס׳איז אַ צייט, ווען אונדזער יידיש ווערט „רעפאָרמירט״, פאַרקלוגלט און פאַרשפּיצט מיט דער אייגענער פלינקקעפּלדיקייט, וואָס מיט איר פלעגט מען אַמאָל בויען די „טעאָריעס״. מענטשן אָן שום שפּראַך-געפיל האָבן גענומען ברייט באַלעבאַטעווען... אין אַזאַ צייט איז פּשוט אַ פאַרגעניגן צו הערן ווידער דעם ריינעם קלאַנג פון אונדזער לשון, זיין ריטם, דאָס פליסיקע, נישט געקינצלטע לאַנג-אָטעמדיקע יידיש פון אַ ייד אַ בכבודיקן, וואָס קאָן דערציילן אַ מעשה.

און אָט טאַקע צוליב דעם האָב איך מיר נישט דערלויבט אַ סך צו ענדערן אין דעם סטיל, כאָטש ער ליידט טיילמאָל דערפון, וואָס ער איז שוין צופיל פאַרעלטערט, טיילמאָל דייטש-מעריש. סוף-כל-סוף איז נישט דאָס איינציקע וואָרט, דער איינציקער אויסדרוק דער עיקר, נישט זיי געבן דעם קאָלאָריט

און טאָן און נישט אָן זיי איז אָפּהענגיק די גאַטירלעכקייט פון דער שפּראַך. דער בוי, דער ריטם, דער אָטעם — דאָס אי־ אַלץ, און בנוגע דעם אינערלעכן קלאַנג איז אַלפערזאָנס סטיל איינער פון די בעסטע.

## א

## דייטשלאַנד נאָך דער מלחמה.

דאָס אויסגעמאַטערטע אייראָפּע, האָט הײַיאָר געהאַט אַ שײַנעם זומער און אַ ביסל גערעטעניש אויף די פעלדער. וועגן וואָס זאָרגט אַ מענטש הײַנטיקע צײַטן, אויב נישט וועגן אַ פולער מאָס קאַרטאָפל און מער ברויט אויף דער ברויט־קאַרטע? אַזוי אַרום קומט אויס דעם מענטשן פון דער גרויסער שטאָט צו פאַראינטערעסירן זיך מיטן וועטער און מיט דער גערעטעניש און צו זײַן נענטער צו דער נאַטור. יאָ, די וועלט־מלחמה האָט אירע גוטע זײַטן. זי האָט אונדז נענטער געבּרענגט צו דער נאַטור, דאָס מיינט מען, זי האָט אונדז געגעבן אַ שליידער צוריק אויף אַ 200 יאָר, און די הייסע באַגערן פון זשאַן זשאַק רוסאָ און לעוו טאָלסטאָי הויבן אָן מקוים צו ווערן. מיר גייען צוריק צו דער פרימיטיווּיטעט.

מילא, דער זומער, ווי דער זומער. אין דייטשלאַנד איז טאַקע אַ גערעטעניש אויף קאַרטאָפל, דאָס איינציקע מיטל צו דערנערן, וואָס מוז סטייען אי אַנשטאָט ברויט, אי אַנשטאָט

פלייש און מילך און פעטס. די צרה איז אָבער מיט די שפּע־קולאַנטן. קאַרטאָפל־שפּעקולאַציע! אַזוי שרייט שיידעמאַן, דער פירער פון די מערהייטס־סאָציאַליסטן. דאָס געשריי האָט מען אויפגעהויבן צוליב דעם, וואָס די מערהייטס־סאָציאַליסטן האָבן זיך ווידער פאַרבענקט צו די בענקלעך ביי דעם רעגירונגס־טיש, וווּ זיי זיצן איצט נישט. די מערהייט־סאָציאַליסטן האָבן שוין איינמאָל פאַרזוכט דעם טעם פון רעגירן. אָבער נאָך די בייע וואַלן, בשעת זיי זיינען היפּש געשלאָגן געוואָרן, האָבן זיי גע־נומען תשובה טאָן, האָבן זיך דערמאָנט זייערע רעוואָלוציאָנערע קינדהייט־יאָרן, און האָבן נישט געוואָלט אַריינגיין אין אַ רעגי־רונג צוזאַמען מיט די רעאַקציאָנערן. איצט האָט מען זיך גע־נומען קראַצן אין קאָפּ, טשעפּן און קרימען זיך. אין בערלינער שטאָט־ראַט מאַכט מען שיער נישט רעוואָלוציעס, און אַלע ווייסן „וואָס דאָס מיידעלע וויל" — צוריק אַריין אין דער רעגירונג.

דער זומער איז טאַקע געווען אַ שיינער, אָבער דער אָסיען האָט זיך פרי געשטעלט. אין מיטן חודש אלול האָבן שוין גע־נומען בלאָזן קאַלטע ווינטן. בערלין האָט שטאַרק געליטן פון דער וועלט־מלחמה. אַז איר קומט היינט אַריין קיין בערלין נ[illegible]ך די יאָרן פון דער מלחמה, באַפאַלט אייך אַ גרויל. אומע־טום זעט איר דעם מאָראַלישן חורבן. שמוציקע גאַסן, אָפּגע־לאָזנקייט, אַ טונקעלע באַלייכטונג ביינאַכט, און די מענטשן, — אַך, די מענטשן! שאָטנס! גרינע, געלע, ביי[נ]יקע פּנימער און פאַרלאָשענע אויגן. די דאָזיקע מענטשן זיינען ערזאַץ־מענטשן, וויל יאָרן־לאַנג דערנערן זיי זיך שוין נישט מיט קיין עכטער מענטשלעכער שפּייז, נאָר מיט פאַרשיידענע ערזאַצן, אַזוי לאַנג, ביז זייער אָרגאַניזם אַליין איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן ערזאַץ. דאָס דייטשע פאָלק, אין גרויסן און גאַנצן, ווערט עד־היום געשפּייזט זייער שלעכט. מילך איז לגמרי נישטאָ, פּוטער—

20 גראַם אַ וואָך, אומגעבער אַזויפיל. וויפל איך פאַרבראַכט אויף איין מאָלצייט.

ס'איז אַ גרויע וועלט אין בערלין. ווו איז אַהינגעקומען די שטייפקייט פון שוצמאַן, דאָס געקלינגערײַ מיט די יונקערשע שפּאָרן, די פעסטע טריט פון בירגער, דאָס ברייטע, אַ ביסל גאַרישע, לאַכן פון די פרויען? — מענטשן, וואָס וווינען דאָ די גאַנצע צייט פון דער מלחמה, באַמערקן דאָס נישט, וואָס דאָס הייסט פאַר אַ פאָלק פאַרלירן אַ מלחמה. ווער אָבער עס האָט בערלין געזען פאַרן קריג און זעט זי איצט ווידער, דער דער־קענט זי נישט. אַרונטערגעקומען! דער גאַנג און דאָס ריידן, דער גאַנצער אַרט טראַכטן און לעבן איז מעשה־יורד. די דייטשע דיסציפּלין, די באַרימטע ביוראָקראַטיע, וואָס האָט פון קיין „כאַבאַר" נישט געוווּסט — אַלץ דאָס געהערט צו דער פאַר־גאַנגענהייט.

די ברייטע אַלעען פון שאַרלאָטענבורג זיינען געבליבן, און די ביימער, וואָס באַדעקן ממש אַלע גאַסן. און ווען דער תשרי־ווינט האָט גענומען בלאָזן, פאַרשטאַרקט זיך נאָך מער דער אומעט. אַ גאַנצן טאָג פאַלן די בלעטער. ווי עפּעס רעשטלעך פון אַ צעשלאָגענער אַרמעע דרייען זיי זיך אַרום אין דער לופט, און פאַלן סוף־כל־סוף אַראָפּ אויף דער ערד אָן אַ תקומה. די זון קוקט אַרויס פון אונטער אַ וואָלקן, נאָר די שטראַלן וואַרעמען נישט און ברענגען קיין טרייסט נישט. עס דוכט זיך, זיי וואַרפן אַ בלוטיק־רויטן אָפּגלאַנץ אויף דער וועלט. וואָס שוי־דערט מיך? צי האָט מיך דער פריער אָסיען־ווינט געפּאַקט, אָדער האָט מיך אַרומגענומען דער צער פון אַ פאָלק? —

אַ געשלאָגן פאָלק און... איך האָב זיך דערמאָנט אָן די אייגענע יידישע צרות.

איך בין אַנטלאָפן פון די מענטשן צו די חיות. בערלין

האָט אַ זאָאָלאָגישן גאָרטן, וואָס איז געווען איינער פון די שענסטע אויף דער וועלט. געווען! ווייל אפשר אַ העלפט עקזעמפּלאַרן זיינען אויסגעשטאָרבן, נישט געקאָנט איבערהאַלטן די שווערע ציטן. דעם מענטשלעכן אָרגאַניזם האָט מען געקאָנט צוגעוויינען און צופּאַסן צו אַלערליי „ערזאַצן", די חיה האָט זיך נישט געוואָלט לאָזן אויסנאַרן, און איז אַוועק פון דער וועלט. גאַנצע אָפּגעצוימטע שטיקער ערד. ווו די דאָזיקע נפטרים פלעגן שפּאַצירן אונטער די קראַטן, שטייען איצט ליידיק און טייל פון זיי... זיינען פאַרזייט מיט קרויט, צי מיט אַנדערע ירקות. די דייטשע אויסגערעכנטקייט, וואָס נוצט אויס יעדן אַרשין פרייע ערד, באַוווּנדערט, און דאָך מאַכט זי, טאַקע דאָ, אין זאָאָלאָגישן גאָרטן, עפּעס אַ מאָדנעם דריקענדיקן איינדרוק. פאַראַן אַ פאָלק, אַ ביסל ווייטער צו מזרח-צו, וואָס ליידט איצט הונגער-נויט אויף אַ שרעקלעכן אופן, מער נאָך ווי דאָס דייטשע, און ביי דעם דאָזיקן פאָלק שטייען גאַנצע וויאָרסטן און מיילן גוטע פרוכטבאַרע ערד נישט באַאַרבעט — דאָס איז רוסלאַנד. און דאָך איז די זון פון טרייסט און האָפנונג פאָרט נעענטער... אָדער אפשר האָב איך אַ טעות?

אָט זאָגן אַלע באַקאַנטע, וואָס לעבן דאָ, אַז אין פאַרלויף פון לעצטן יאָר איז אין דייטשלאַנד פאָרגעקומען אַזאַ ענדערונג צום גוטן. דאָס לאַנד האָט זיך אַזוי גיך צוריקגעשטעלט אויף די פיס, אַז נאָך אַ יאָר צענדליק, און זיי וועלן באַהערשן די וועלט. דאָס איז אויך וואָר, ווייל עס איז איצט שווער זיך פאָרצושטעלן, צו וועלכער שטופּע פון אויסגעמאַטערטקייט און דערשלאָגנקייט דאָס פאָלק איז געקומען באַלד נאָכן צוזאַמענבראָך.

די געבליבענע עקזעמפּלאַרן אין זאָאָלאָגישן גאָרטן געהערן דעם אַביסינישן לייב און לייבין, וואָס אַמוזירן זיך זייער גוט אין זייער ריזיקער שטייג. דאָס פּאָר-פאָלק האָט

שלום-בית. די אויפשריפט דערציילט, אַז די דאָזיקע חיות האָט די נעגוס געגעבן אַ מתּנה „זיין מאיעסטעט דעם קייזער און קעניג, וואָס האָט אַלערגנעדיקסט באַוויליקט, אָוועקצוגעבן עס אַ מתּנה דער שטאָט בערלין". די רעפּובליק האָט די אויפשריפט נישט אַראָפּגענומען, פּונקט אַזוי ווי זי האָט נישט משנה השם געווען קיין איינע פון די גאַסן און פּלעצער, וואָס טראָגן קייזערלעכע, קעניגלעכע און גרויס-הערצאָגישע נעמען. אַ שאָד דער רויער מאַטעריאַל, וואָס דאַרף אָוועקגיין אויף אַ ניי בלעכל. מאָרגן קאָן צוריקקומען די מאָנאַרכיע, און ווידער נייע קאָסטן. די דייטשן זיינען אַן אויסגערעכנט און אַ שפּאָרזאַם פאָלק.

איך בין אַרויס פון זאָאָלאָגישן גאָרטן און שפּאַצירט איבער דעם קורפירשטנדאַם. פון דער קירך האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען פון די גלעקער. אין פוילן האָט מען די גלעקער צוגענומען און געגאָסן פון זיי האַרמאַטן, אין בערלין זיינען זיי געבליבן. די פולע קלאַנגען פון אַ ריזיקן גלאָק האָבן זיך געדוכט צו פאַרנעמען דעם גאַנצן שטח. איך בין געגאַנגען פאַרטראַכט, נאָר מיר אַנטקעגן איז געקומען אַ קליין פאַרשווינדל, מיט אַ דאַרינקן פּנים, מיט פאַרלאָשענע אויגן, און רעט צו מיר, אָדער צו זיך, נערוועיש:

„די בעלן, בעלן, בעלן!!"

און דער דאָזיקער דייטש האָט די ווערטער אַרויסגערעדט מיט אַזויפיל נערוון, די ציטעריקע הענט האָבן זיך דערביי באַוועגט אַזוי אויפגערעגט, אַז איך האָב געהערט אין זיינע ווערטער דעם גאַנצן פּראָטעסט קעגן גאָט און הימל, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין זיין איינגעפאַלענער ברוסט און איינגעטריקנטן בויך. דערויף האָט עדות געזאָגט דער ברייטער פאַלטאָ, וואָס איז אַרומגעשווומען אויף אים, אין וועלכן מען האָט דאָס פאַרשווינדל געקאָנט אפשר צוויי מאָל איינוויקלען.

וואָס „בּילן" זיי נאָך? וואָס דרייט מען אים אַ קאָפּ? וואָס לאָזט מען אים נישט צו רו מיט זיינע צרות? —

ווי די באַזיגטע!

צוויי טויזנט יאָר זיינען שוין אַריבער זינט „איכה" איז געשריבן געוואָרן. איך האָב דעם „איכה" דורכגעלעזן, ווי אַ שטיק רעאַל לעבן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. נישט פיל האָט זיך געענדערט דורך דער צייט. מען האָט געזאָגט: ציוויליזאַציע, קולטור, פאַרפיינערונג פון די מענטשלעכע געפילן, — דאָס אַלץ איז געווען נאָר אויף דעם אויבערפלאַך. איין טיפע דערשיטערונג—און דער ווינט האָט פאַרטראָגן די אַלע חלומות, דער זיגער איז זיגער, און דער באַזיגטער האָט איינצובויגן דעם קאָפּ, צו טראָגן דעם יאָך, צו אַרבעטן שווער און צו זיין אונטערטעניק. און פון צייט צו צייט ווייזט מען די רוט, און מען הייסט אַ קוש טאָן...

## ב

## וער „אמת״ וועגן באָלשעוויזם

מען לייענט אַזויפיל וועגן סאָוויעט-רוסלאַנד, און מען ווייסט סוף-כל-סוף אַזוי ווייניק דערפון. צוויי מענטשן זיינען צוריקגעקומען פון רוסלאַנד, זיי האָבן דאָסזעלבע געזען, דאָסזעלבע מיטגעלעבט, מער נאָך: זיי דערציילן כמעט דאָסזעלבע, אָבער פון יעדן איינעמס רייד טראָגט איר אַרויס פונקט דאָס פאַרקערטע: איינער זעט אַ גן-עדן מיט... פאַרשטייט זיך, גרויסע אומאַנגענעמלעכקייטן, אַ ביסל הונגערט מען צו, אַ ביסל טעראָר. עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ איז נאָר אויף דערווייל... דער צווייטער דערציילט אייך פון אַ גיהנום אויף דער ערד, אַ וועלט לויטער רשעים, שווינדלער, פאַרפירער און אויסוואורפן. עס פאַרשטייט זיך — אין סדום זיינען דאָ עטלעכע צדיקים, זיינען זיי משוגעים און פאַנאַטיקער.

מענטשן זיינען בכלל סוביעקטיוו, דאָס מיינט מען, זיי זיינען נישט געניגט צו זען די זאַכן אַזוי ווי זיי זיינען, נאָר אַזוי ווי עס פּאַסט אַמבעסטן און האַרמאָניזירט מיט זייער

מיינונג און זייער אינערלעך לעבן. אָבער אין קיין שום פאַל טרעט דער סוביעקטיוויזם פון דערציילער נישט אַרויס אַזוי שאַרף, ווי בשעת ער רעט וועגן באָלשעוויזם. דאָ דערגייט דער סוביעקטיוויזם אַזוי ווייט, אַז איינער זעט פונקט פאַרקערט, וואָס דער אַנדערער. דאָסזעלבע בילד שפּיגלט זיך אָפּ ביי איינעם אין די אויגן ווייס, ביים צווייטן — שוואַרץ.

ווו איז דער אמת? — פרעגט איר.

דער ענטפער איז, אַז ווען מיר שטייען פאַר אַזויבע באַוועגונגען, ווי דער באָלשעוויזם, איז נישט שייך צו זאָגן, ווו דער אמת איז: דער אמת איז דאָרט, ווו דער גלויבן איז. און דער גלויבן אין אַ בעסערער צוקונפט, איז פריער פאַר אַלץ אַ באַדערפניש, אַ באַגער צו גלויבן, אַ נישט-געשטילטער דורשט צו גלויבן.

מיט גרויס אינטערעס בין איך געגאַנגען הערן דעם רע-פעראַט פון פּראָפעסאָר באַלאָד וועגן סאָוויעטן-רוסלאַנד. דאָס איז געווען אין אַן ענגן קרייז פון געלערנטע און פּאָליטישע טוער, אין דעם סאָציאַל-וויסנשאַפטלעכן קרייז, וואָס פאָן גער-לאַך איז זיין פאָרזיצער. בסך-הכל זיינען געווען אַ 30—40 מענטשן. עס זיינען אָנוועזנד געווען די פירנדיקע פערזענלעכ-קייטן פון די אומאָבהענגיקע, פון די קאָמוניסטן און פון די מער-הייטס-סאָציאַליסטן.

פּראָפעסאָר באַלאָד איז אַ באַרימטער געלערנטער. ער האָט צו דאַנקען זיין וועלט-באַרימטקייט זיין בוך „דער צוקונפטס-שטאַאַט". ער איז איינער פון די ערשטע קענער פון די עקאָנאָמישע וועלט-פאַרהעלטענישן. לויט זיינע איבערצייגונגען א סאָציאַליסט, אָבער אָן פּאָליטישן טעמפּעראַמענט. אַפילו אין די צייטן פון ווילהעלם דעם צווייטן האָט מען אים נישט דערוויייטערט פון אוניווערזי-טעט, אַזוי ווי ס'איז געשען מיט אַנדערע פּראָפעסאָרן-סאָציאַ-

ליסטן — אַ צו האַרטע נוס צום צעקנאַקן געווען.

פּראָפ. באַלאָד איז אַן אַלטער קענער פון רוסלאַנד, נאָ-הערשט פרייַ די רוסישע שפּראַך, און ערשט נישט לאַנג האָט ער דאָרט פאַרבראַכט צוויי חדשים. ער איז געווען בשעת די שלום-אונטערהאַנדלונגען צווישן רוסלאַנד און פינלאַנד אין מאָסקווע אַלס זאַך-פאַרשטענדיקער פון פינלאַנדס זייט.

געוויס האָט די אָביעקטיוויטעט אַליין, פּראָפ. באַלאָדן, רופט מען „אַ גייענדיקע ענציקלאָפּעדיע פון ד. טן און צוואַנציקסטן", דער גרינדלעכער זאַכלעכער טאָן פון געלערנטן, די פאַקטן, די ציפערן, דאָס ריידן אָן שום פניות — דאָס אַלץ האָט אייך געגעבן דאָס רעכט צו האָפן, אַז אָט, אָט וועט איר פּאַקן דעם אמת טאַקע אַליין, אַרום האַלבע נאַכט בין איך אַרויס פון לאָקאַל, און פויסטס ווערטער האָבן געקלונגען אין מיינע אויערן:

„אונד איך בין זאָ קלוג אַלס ווי צו פאָר".

און אַ רעפעראַט איז דאָס געווען עפּעס זעלטן; זעלטן קאָנט איר הערן זיין גלייכן, פול מיט פאַקטן, אויסרעכענונגען, גלענצענדע ביישפּילן און פאַרגלייכענישן. אָבער דער „אמת"..-יאָ דער „אמת" האָט זיך נישט געלאָזט אָנטאַפּן. פּראָפּ. באַלאָד האָט אים אַליין נישט געהאַט אין זיין רעפעראַט. ער האָט גע-זען אַלצדינג: אַ שרעקלעכע געגנוואַרט, אומגעהויער גרויסע מעגלעכקייטן; ער האָט געזען אי וואָס די פאַרביסנסטע שונאים פון באָלשעוויזם, אי וואָס די פאַנאַטישסטע אָנהענגער זעען, און בסך-הכל, אַז מען זעט אַלץ — ווייסט מען גאָרנישט.

ווערט זיך דאָס סאָוויעטן-רוסלאַנד לאַנג האַלטן?

און ער ענטפערט אייך: נישט צו זען אין רוסלאַנד קיין שום כוח, וואָס זאָל קאָנען אומוואַרפן דאָס באָלשעוויסטישע סיס-טעם. און ער באַווייזט אייך מיט פאַקטן, אַז קיין בורזשואַזיע איז נישטאָ, דער פויער איז מינדסטנס נייטראַל, און די אַרבע-

טער זיינען צום גרעסטן טייל אָנהענגער. דער באָלשעוויזם ווער-וואַרשיינלעך, אָנהאַלטן לאַנגע, לאַנגע יאָרן. פון דער צווייטער זייט — קאָן זיין, אַז ער זאָל אין איין שיינעם פרימאָרגן צוזאַ-מענפאַלן ווי אַ קאָרטן-שטיבל.

ווידער אַ ריי פאַקטן: דער טעראָר. אין איין חודש האָט מען דערשאָסן 960 מענטשן. די שטאַרקע אומצופרידנהייט פון אַלע, די אייזערנע צוואַנג, וואָס קוועטשט כסדר, אָן אויפהער. איין צופאַל, און איר קאָנט האָבן אַ צוזאַמענבראָך.

פינף טויזנט רובל אַ טאָג, האָט ער באַקומען — דערציילט ער אייך — פאַר דעם געלט האָט ער נישקשה געלעבט, און ווען ער איז נאָך צוויי חדשים אַרויסגעפאָרן קיין ריגע, האָט ער געהאַט נאָך אָפּגעשפּאָרט אַ פערטל מיליאָן. פאַר דעם געלט האָט ער געקויפט אין ריגע — אַן אַנצוג און אַ פּאָר שטיוול, און קיין געלט איז אים מער נישט געבליבן. דאָס גיט אייך אַ באַגריף פון דעם ווערט פון געלט אין רוסלאַנד.

— ווי זעט אויס די נאָנטע צוקונפט?

אָט באַווייזט ער אייך מיט ציפערן אין דער האַנט, אַז לויט דעם אומגערעטעניש, וואָס איז היי-יאָר געווען אין רוס-לאַנד, איז מעגלעך, אַז 20 מיליאָן מענטשן זאָלן אויסשטאַרבן פאַר הונגער.

פון דער צווייטער זייט דערציילט ער אייך וועגן די גוואַלדיקע אָנשטרענגונגען, וואָס ווערן געמאַכט אויסצומיידן די קאַטאַסטראָפע. צווישן אַנדערן איז זייער אינטערעסאַנט אַ גראַנד-יעזער, אמת-באָלשעוויסטישער פּלאַן, וואָס האַלט ביי פאַרווירק-לעכט ווערן, און וואָס ווען ער זאָל טאַקע דורכגעפירט ווערן, איז די גאַנצע דערנערונגס-פראַגע פאַר די שטעט פאַרענטפערט.

דער פּלאַן באַשטייט אין דעם, מען זאָל נישט דאַרפן אָנקומען צום פויער. צו דעם צוועק פרווט די סאָוויעטן-רעגי-

רונג אויף אַ שטח פון עטלעכע מיליאָן קוואַדראַט העקטאַר איינצופירן אַ סאָציאַליסטישע לאַנדווירטשאַפט. די ערד זאָל דאָרט באַאַרבעט ווערן לויט די נייסטע מעטאָדן, אויף דעם ראַציאָנאַלן אופן, אַזוי, אַז זי וועט ברענגען דאָס פּילפאַכיקע, וואָס די ערד ברענגט דורכשניטלעך אין רוסלאַנד. די אַרבעטער באַקומען זייער אויסקומען, אַזוי ווי אין דער פאַבריק. די מלוכה איז דער באַלעבאָס פון די פּראָדוקטן. אַ גאַנצע ריי ציפערן וועגן דעם צושטאַנד פון דער לאַנדווירטשאַפט, וועגן די מעגלעכקייטן פון באָדן ברענגט ער אייך, צו באַווייזן, אַז דער פּלאַן איז זייער און זייער אַ פּראַקטישער. אויב די ערשטע פּראָבע אַליין זאָל געלינגען, קאָנען צוויי-דריטל פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג דערנערט ווערן.

גראַנדיעז?! דער פאַרנעם איז ווייט...

אָבער צי וועט מען עס קאָנען דורכפירן?

אָט הערט איר שרעקלעכע זאַכן וועגן דער פאַרדאָרבנקייט פון דער ביוראָקראַטיע, וואָס איז די ערגסטע אין דער וועלט. זיי באַקומען לעכערלעכע קליינע פּענסיעס, אין סאָוויעטישע רובלס. יעדער באַאַמטער האָט עטלעכע שטעלעס. כאַבאַר ווערט גענומען, טראָצדעם, וואָס דערפאַר דראָט טויט-שטראָף. עס העלפט נישט, נישט נאָר פּריוואַטע מענטשן, נאָר אינסטיטוציעס, רעגירונגס-אינסטיטוציעס, זיינען טיילמאָל געצוווּנגען צו צאָלן כאַבאַר. ווען, למשל, אַ נאַציאָנאַליזירטע פאַבריק האָט דרינגענד בויטיק מאַטעריאַלן, איז עס דער איינציקער וועג, וואָס פירט גלייך צום ציל. די טשערעזוויטשייקע איז אויסגעוואַקסן אין אַ צווייטע רעגירונג, זי איז פיל מעכטיקער, ווי אַלע פאָלקס-קאָמיסאַרן מיט לענינען בראש. זי טוט, וואָס איר געפעלט און קימערט זיך נישט וועגן קיין שום דעקרעטן. לענינס אַ פריינט איז געוועזן אַרעסטירט, און צוויי חדשים האָט געדויערט, ביז

ער האָט איס אַרויסבאַקומען, כאָטש ער האָט אומאויפהערלעך זיך וועגן דעם געסטאַרעט.

אָט איז אַ ביישפּיל פון דער אָרדנונג. די באַפעלקערונג האָט שרעקלעך געפרוּוירן פאַריקן ווינטער, האָט מען גענומען האַקן, וואָס ס'האָט זיך געלאָזט, די וועלדער (ראָשצשי), די הילצערנע הייזער. זיינען אָבער נישט געווען קיין זעגן, מיט וואָס צו זעגן דאָס האָלץ. גייט אַרויס אַ דעקרעט, אַז ווער ס'האָט זעגן, זאָל פאַר קיינעם קיין מורא נישט האָבן, זאָל זיי ברענגען, און ער וועט קריגן באַצאָלט אין גאָלד. אויף צו־מאָרגנס ברענגט מען זעקס טויזנט זעגן. ביינאַכט קומט די טשערעזוויטשייקע און אַרעסטירט אַלע, וואָס האָבן געבראַכט די זעגן — פאַר שפּעקולאַציע. אויף צומאָרגנס ברענגט מען קיין איין זעג נישט מער. דער עולם פרירט. אין עטלעכע וואָכן אַרום געפינט מען צופעליק הונדערט טויזנט זעגן. ווו, מיינט איר? נישט ביי אַ שפּעקולאַנט, חלילה, נאָר טאַקע אין אַ רעגי־רונגס-סקלאַד. דאָרט זיינען זיי געלעגן, און קיינער האָט נישט געוווּסט פון זיי. אַמאָל האָט מען דעם גאַנצן סקלאַד נאַציאָ־נאַליזירט, און מען האָט אפילו נישט געמאַכט קיין פאַרצייכעניש, וואָס דאָרט געפינט זיך.

שרעקלעך! צי זיינען די מענטשן פעיק אויפצובויען אַ וועלט?

דערציילט אייך ווידער פּראָפ. באַלאָד, אַז אויב ערגעץ אויף דער וועלט האָט מען אַ זין פאַר גרויסע זאַכן, וואָס זאָלן קאָנען די רויִנירטע וועלט שטעלן אויף די פיס, איז עס נאָר רוסלאַנד. ווידער אַ ריי פאַקטן וועגן די גרויסע פאַרבערייטונגס־אַרבעטן פון טיכטיקע אינזשעניערן אויסצונוצן די וואַסער־קראַפט פון די טייכן אָנשטאָט קוילן, און וועגן אַנדערע ריזיקע „פּראָיעקטן".

ער האָט אויסגעמאָלט אַ בילד מיט טיפע פינסטערע פאַרבן,
אָבער ליכטיקע פלעקן האָבן זיך דורכגעוואָרפן, און סוף-כל-סוף
איז געווען:

— ווער קאָן עפּעס זאָגן?

„יאָ עס וועט זיין אַ רעגן, באַשטימט וועט זיין אַ רעגן
און... אפשר נישט".

ביי דעם איז מען געבליבן.

אַ משונהדיקער ענין — דער באָלשעוויזם.

## ג

## וועגן „דאַדאַיזם".

דאָס גייסטע, דאָס לעצטע וואָרט פון דער קונסט, הייסט איצט אין דייטשלאַנד „דאַדאַיזם". וואָלט „דאַדאַ" (אַזוי רופט ער זיך אַליין) געווען, אָדער פּרעטענדירט צו זיין, אַ נייע ריכטונג אין דער קונסט, וואָלט זיך אפשר נישט געלוינט אויף אים אָפּ־צושטעלן. מיר זיינען אַזוי זאַט מיט די אַלע „ריכטונגען", און וויניקער ווי אַלע אַנדערע האָט „דאַדאַ" אויפצווייזן אויף שאַ־פונגען, וואָס זאָלן האָבן עפּעס אַ ווערט. צווישן אַלערליי ריכ־טונגען געפינט זיך געוויינלעך איינער אַ טאַלענטירטער, און דער איינציקער, ווען ער גיט אייך זיין צייטיק ווערק, דערזעט איר, אַז ער געהערט צו קיין שום ריכטונג נישט, אויסער צו דער גרויסער און גאַנצער „קונסט־ריכטונג". דאָס שפּיל חזרט זיך איבער יעדע 3, 5, 10 יאָר, און ס'טראָגט יעדעס מאָל אַן אַנדער נאָמען.

„דאַדאַ" איז אָבער, אין תוך גענומען, נישט קיין קונסט־ריכטונג, ער איז אַ לעבנס־פילאָזאָפיע, איך וואָלט געזאָגט: אַ

מלחמה-פילאָזאָפיע, דיזעלבע סיבות, וואָס האָבן אַרויסגערופן קריגס-ברויט, קריגס-געלט, מלחמה-גבירים, האָבן אונדז געבראַכט די נייסטע מלחמה-קונסט-פילאָזאָפיע מיטן נאָמען „דאַדאַ". עס באַשאַפט זיך דער איינדרוק, אַז אייראָפּע ליגט ווי אַ מת און ס'ווערט ווערעמדיק. אין באַזיגטן לאַנד זעט מען די דערשיינונג שאַרפער, ווי ערגעץ אַנדערש-וווּ.

לאָמיר דערווייל לאָזן די פילאָזאָפיע. וואָס איז דאָס אַזוינס „דאַדאַ"? פון וואַנען נעמט זיך דאָס וואָרט און וואָס איז זיין באַדייטונג? דער נאַיווער דאַדאַיסט, דער גרינער, וואָס האָט געהערט עפּעס קלינגען אין וואַלד און עס דוכט זיך אים אַז מיט דעם נייעם, נייסטן וועט ער קאָנען באַפרוכטן זיין אינעוועלעכע אימפּאָטענץ, — ער קנייטשט טיפזיניק דעם שטערן און דערקלערט אייך מיט אַ שטילער שטים: דאַדאַ איז נישט קיין וואָרט, באַדייט גאָרנישט, נאָר דאָס אימיטירט די קלאַנגען פון א קינד, וואָס הויבט ערשט אָן צו ריידן און שטאַמלט: „דאַ-דאַ". דאָס וואָלט געהייסן, ווען מען זאָל עס וועלן איבערזעצן אויף אַ מענטשלעכער שפּראַך, אַז די דאַדאַיסטן זוכן די נאַיווקייט, די אוממיטלבאַרקייט, די פּרימיטיווּיטעט; אַז די קולטור-שפּראַך מיט אירע געקינסטלטע אויסדרוקן, די מאָדערנע טעכניק פון דער מאַלעריי מיט דער פּערספּעקטיוו זיינען זיי דערעסן געוואָרן, און זיי ווילן צוריק צו דער נאַטור. עס איז אָבער נישט פאַראַן קיין גרעסערע לעכערלעכקייט, ווי אַריינלייגן אין דאַדאַיזם אַזוינע כוונות. אַן אמתער דאַדאַיסט וועט דער ערשטער אויסברעכן מיט אַ גרויס געלעכטער. קודם-כל, וואָס איז דאָס פאַר אַ פאַרעלטערטע מאַניע צו האָבן דאָגמעס? דאָס לעבן איז פליסיק, פאַרענדערלעך, ווייסט נישט פון קיין שום דאָגמעס, אַ פּשיטא שוין פון אַזאַ מין דאָגמע, ווי פּרימיטיוויטעט.

וואָס־זשע פּאָרט באַדייט „דאַדאַ״? געכעכט איז דער גרי־
נער: עס באַדייט גאָרנישט, — אַזויפיל נאָר, אַז דער שפּיצ־
בירגער זאָל פרעגן, זאָל עפענען מויל און אויערן, זאָל ווערן
נייגיריק און זאָל לויפן אויף דאַדאַיסטישע אויסשטעלונגען און
פאָרלעזונגען, ווי אויף אַ בייז וווּנדער.

אָט האָט איינער פון די דאַדאַיסטן אויסגעזאָגט פון חדר,
ווי אַזוי דאַדאַ איז געקומען אויף דער וועלט, און פון וואַנען
דאָס וואָרט שטאַמט.

אין דער שווייץ זיינען זיך אין דער צייט פון דער
מלחמה צונויפגעקומען עטלעכע יונגעלייט, אַן איטאַליענער,
רומענער, פראַנצויז, אַ דייטש און אַ גאַליציאַנער ייד. זיי האָט
פאַרייניקט — נישט קיין אידעע — אַ טאַט־זאַך, אַ פאַקט: אַלע
זיינען זיי אַנטלאָפן פון די קריגספירנדע לענדער, זיי האָבן
קיין שום חשק נישט געהאַט צו שטאַרבן אין די אָקאָפּעס, אָדער
בלייבן הענגען אויף שטעך־דראָטן מיט אָפּגעהאַקטע הענט און
פיס. זיי זיינען אַלע געווען יונג, לעבנס־לוסטיק, לעבנס־דורש־
טיק. איך האָב קיין פרעטענזיעס דערפאַר נישט צו זיי. בפרט
נאָך, וואָס זיי האָבן אַלע געהאַט עפּעס אַ שייכות מיט דער
קונסט: איינער אַ מאָלער, דער צווייטער אַ מוזיקער, דער דרי־
טער אַ דיכטער. מען איז זיך צונויפגעקומען אין אַ קאַפע,
מען האָט זיך אויסגערעט אויף דער וועלט מיטן שפּיצבירגער
און געשאָלטן דעם נאַציאָנאַליזם. דאָס האָט אָבער נישט גע־
שטילט דעם הונגער, און דער יקרות איז געוואָרן גרעסער. האָט
מען געמאַכט מיט אייגענע כוחות אַ קאַבאַרעט. מען האָט פאָרגע־
לייענט, געזונגען, געשפּילט. דאָס געשעפט איז אַוועק נישט
שלעכט, ווייל אויף דער שווייץ האָט דעמאָלט אָנגעהויבן צו
רעגענען מיט גאָלד פון אַלע מלחמה־לענדער; די ערשטע „שיבער״,
די ערשטע שפּעקולאַנטן האָבן זיך גענומען ווייזן אויף גאַס

וועלט, און מען האָט נישט געהאַט ווי דאָס געלט אויסצוברענגען. מען האָט גענומען דאָס געשעפט פאַרברייטערן און אַ יונגע פראַנצויזישע דאַמע איז איינגעלאַדן געוואָרן צו זינגען. צום ערשטן אויפטריט האָט מען געזוכט אַ פּאַסיקן נאָמען, וואָס זאָל קלינגען עפּעס לייטיש. די יונגעלייט — די צוקונפטיקע דאַדאַיסטן — האָבן זיך נישט געבראָכן די קעפּ; זיי האָבן גענומען אַ פראַנצויזיש ווערטערבוך און געבלעטערט, ביז זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף „דאַדאַ" (אויף פראַנצויזיש אַ הילצערן פערדל).

דאַדאַ — עס קלינגט שיין, קורץ און עס אינטריגירט. נישט נאָר די דאַמע, נאָר דער גאַנצער ליטעראַרישער קאַבאַרעט איז באַלד געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען „דאַדאַ", און פון דאַנען האָבן זיך פאַרשפּרייט די דאַדאַיסטן אויף דער וועלט.

אָט די געשיכטע גיט אַ שטיקל אַריינבליק אין דעם תּוך פון דאַדאַיזם. דער דאַדאַיסט האָט, קודם-כּל, ליב דעם עפעקט, אַלץ איינס פון וועלכער אַרט: די רעקלאַמע איז גוט, די סענסאַציע, און אַלע וועגן, וואָס פירן צום „ציל": צו פאַרטומלען דעם שפּיצבירגער און האַרציק צו לאַכן פון אים. די פלעקן אויף זייערע „בילדער" דאַרפן מאַכן גאַפן דאָס פּובליקום: זאָל איינער דעם אַנדערן פרעגן, וואָס דאָס באַדייט, זאָל מען שיטן, דעסטאָ בעסער — אַזוי-אַרום ווערט מען באַרימט.

נאָר דאָס זיינען דאָך איינפאַכע זשוליקעס! — וועט איר זאָגן. ניין, נישט קיין *איינפאַכע*. די דאַדאַיסטן האָבן דערביי אַ פילאָזאָפיע, און דאָס איז דער קערן פון דער גאַנצער זאַך. דאָס איז די אינטערעסאַנטע מלחמה-ערשיינונג, אויף וואָס עס לוינט זיך אָפּצושטעלן.

דער דאַדאַיסט האָט זיין טעאָריע. ער רייסט אַראָפּ די

קדושה, וואָס הילט איין אַלץ, וואָס האָט צו טאָן מיט קונסט, און מאַכט אונדז קוקן ווי עפּעס דורך אַ נעבל אויף די קינסט־לער, ווי אמאָל אויף די פּריסטער און זייער געהיים־טועריי אין די טעמפּלען פון די אַלטע געטער. וואָס איז דאָס פאַר אַ הייליקייט, וואָס איז דאָס פאַר אַן איבערפּאַרטייִשקייט פון קינסטלער! וואָס זיינען דאָס פאַר אַ פּרעטענזיעס אויף אייביקייט און אַבסאָלוטעס! אַ שווינדל איז עס, אין בעסטן פאַל — אַ כי־מערא, אַן איינגערעדעניש. דער קינסטלער אַרבעט פאַר דער בורזשואַזער וועלט, און זי האָט דעם צוועק צו — פאַרדינגען געלט, דאָס איז דער רעאַלער אמת. אין דער פעאָדאַלער צייט האָט דער קינסטלער געאַרבעט פאַרן פירשט, פאַרן פריץ, כדי צו געניסן זיין גנאָד; איצט אַרבעט ער פאַר דער בורזשואַזיע, כדי אַרויסצובאַקומען פון איר דעם צעטל אויף לעבנס־מיטל און געניוס, וואָס הייסט געלט. דרייט נישט קיין קאָפּ מיט פוסטע ריידערייען! — שרייען זיי — איר שטייט נישט איבער דער דאָזיקער פּראָזאַישער וועלט פון קויף און פאַרקויף, איר שטייט נישט אָן אַ זייט פון גרויסן מאַרק, ווו אַלע סחורות ווערן אויס־געטוישט, ביירערט איר זענט אין דעם לעבן, אַ טייל פון אים.

די דאָזיקע קריטיק איז, בלי ספק, אַ ריכטיקע, ד. ה. זי האָט אין זיך די מאָס פון אמת, וואָס מאַכט זי על־כל־פּנים אינטערעסאַנט און צווינגט צו טראַכטן. דער דאַדאַיִסט איז אָבער נישט קיין קריטיקער, און אוודאי נישט — קיין מוסר־זאָגער. ער ציט אַרויס פּראַקטישע קאָנסעקווענצן פון זיין טעאָריע. ווי־באַלד, אַז דאָס בילד האָט דעם צוועק צו באַקומען ברעקלעך פון טיש פון דער בורזשואַזיע, וויבאַלד קיין באַדערפעניש, אויסער דער בייגעריקייט פון שפּיצבירגער, דערפילט עס נישט,— צו וואָס נאָך באַמיען זיך און מאַכן נאַרישע עקספּרעסיאָניסטישע אָנשטעלן און כוונות? דער דאַדאַיִסט מאַכט עס פּשוטער. ער

דעקלאַמירט, ער סוגעסטירט, ער צווינגט צו ריידן וועגן זיך, ממילא איז ער באַרימט, ממילא איז דער „צוועק" דערגרייכט. קיין אונטערשייד איז נישט פאַראַן; פאַרן אָפּגעמער פון קונסט איז דאָס בעצם גלייך. ער דאַרף „אַ באַרימטן" נאָמען און האָט אים.

„קלאַפּ אויף דער פּויק און האָב קיין מורא נישט, דאָס איז די גאַנצע חכמה פון שלעגעל" — האָט היינע געזאָגט.

און די דאַדאַיסטן פּויקן טאַקע אויף אַלע פּויקן, און עס איז אַ געלייאַרם מיט זיי אומעטום... דאָס איז דער ציניזם פון בירגערלעכן לעבן, אַריינגעפּירט אין דער ספערע פון קונסט.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער צייט, וואָס מיר לעבן אין איר. די גרויסע מאַטעריעלע קאַטאַסטראָפע פון אייראָפּע איז פאַרבונדן מיט נאָך אַ גרעסערן גייסטיקן חורבן. די אָפּגע-טער זיינען געשטאָרבן, און מען מאַכט זיך לוסטיק איבער זיי. ווו איז די אידעע פון דער בירגערלעכער וועלט, ווו איז אַ שפּור פון אַן אידעאַל? פראַנקרייך האַלט זיך נאָך קראַמפּהאַפט מיט ביידע הענט פאַר דעם אַלטן נאַציאָנאַליסטישן אָפּגאָט, אָבער דער ריח פון אַ פּגר טראָגט זיך שוין לאַנג, אויך דאָרט, פון דער „אידעע". אומעטום אין אייראָפּע, אין ענגלאַנד, אי-טאַליע איז וואַקלעניש, נישט-זיכערקייט. די בירגערלעכע וועלט איז געבליבן אָן אַ פּיצל וואַרעמקייט, אָן שום אילוזיע, און ממילא — אָן גלויבן אין אַ צוקונפט, „אכל ושתה כי מחר תמות" (פּרעס און טרינק, ווייל מאָרגן שטאַרבסטו) — שרייט דער מלחמה-גבור איבער דער וויסטעניש פון אייראָפּע. די דאַדאַיסטן טאַנצן-מיט דעם שדים-טאַנץ און שטורמען דעם לעצטן פון די געטער — די קונסט.

איר קענט רויק זיין, אויב איר האָט טאַקע ליב די קונסט. אמתע געטער האָבן נישט מורא פאַר שטורעמס. איבעריקנס,

וואָס וויל דען דער דאַדאַיסט מער ווי זיין אינטערעסאַנט? און דאָס איז ער, ווייל ער שטרייכט-אונטער, ער מאַכט בולטער דעם גייסטיקן צוזאַמענברוך פון דער בירגערלעכער וועלט.

עס איז די פילאָזאָפיע פון דעם ניי-אויפגעקומענעם דור— די **שפעקולאַנטן**.

## ד

## עקספרעסיאָניזם אויף דער בינע.

איך מיין, אַז פון אַלע קונסט־ריכטונגען, ווי זיי זאָלן נישט הייסן, האָט דער עקספרעסיאָניזם אַלץ נאָך די גרעסטע שאַנסן. ער האָט עס דערפאַר, ווייל ער איז מער פאַר אַלע צוגעפּאַסט צום גייסט פון דער צייט.

דערמיט איז נישט געזאָגט, אַז דער עקספרעסיאָניזם איז דאָס „לעצטע וואָרט", די העכסטע מדרגה, וואָס צו איר האָט זיך די קונסט דערהויבן. די מאָדע לעבט און דערנערט זיך פון „גייסט פון דער צייט", אָבער נישט די קונסט. פאַר דער קונסט איז גילטיק דער גייסט פון אַלע צייטן, נישט פון דער, אָדער יענער צייט. דער ראָקאָקאָ־סטיל איז אין זיין צייט געווען פּונקט אַזוי באַרעכטיקט, ווי דער רענעסאַנס אין זיין צייט. ביידע זיינען טיף איינגעפונדעוועט אין לעבן פון זייערע עפּאָכעס. אָבער ווער וועט דאָס זאָגן, אַז זיי ביידע האָבן דעמולט אַ קונסט־ווערט!

איך וואָלט זייער גערן געוואָלט אויסמיידן טעאָרעטישע חקירות וועגן עקספרעסיאָניזם. דאָ אין בערלין האָט מען די

מעגלעכקייט אים צו באַטראַכטן פון דער נאָנט און מען קאָן זען, ווו און ווי אַזוי ער געדייט, און איך וואָלט מיינע באַ־טראַכטונגען פאָרמולירט אָט אַזוי: גוטער עקספּרעסיאָניזם איז דער צוריקקער צום פּאַטאָס, שלעכטער עקספּרעסיאָניזם איז עפעקט, טיילמאָל סענסאַציע. אין ערשטן פאַל האָבן מיר צו טאָן מיט אַן עכטן טעמפּעראַמענט, אין צווייטן — מיט אַ גע־פעלשטן, אַ געקינסטלטן. העלע, שרייענדיקע פאַרבן אין דער מאָלעריי; גרויסע זשעסטן און דעקלאַמאַציע אויף דער בינע; פויקן און פּאַנפאַרן אין דער מוזיק... יאָ, דאָס איז מער פון אַלע אַנדערע ריכטונגען צוגעפּאַסט צום גייסט פון דער צייט.

אַ צייט, וואָס לעבט אויף פייער־שפייענדיקע בערג; אַ צייט פון מלחמות און רעוואָלוציעס; אַ צייט, וואָס צוליב דער גרויס־קייט און שטאַרקייט פון די געשעענישן, איז זי נישט פעיק אויפצונעמען דעטיילן, ניואַנסן.

דערצו קומט נאָך, וואָס ער איז מער צוגענגלעך, מער פאַר־שטענדלעך פאַר די מאַסן, וואָס שטייען פון אונטן און בויגן די קונסט צו זיך.

---

דער דראַמאַטורג געאָרג קייזער האָט געשריבן עקספּרעס־יאָניסטישע דראַמעס, און ער אַליין איז אַ שטיק עקספּרעסיאָניזם. ערשט פאַר עטלעכע וואָכן איז ער באַפרייט געוואָרן פון תּפיסה, ווו ער איז אָפּגעזעסן אַ יאָר פאַר „פאַרשווענדן פרעמד פאַרמעגן". ביז צו זיין 30־טן יאָר האָט ער זיך אינגאַנצן נישט פאַרנומען מיט ליטעראַטור. געווען אַ האַנדלס־אַגענט אין בראַזיליע. דאָרט איז ער קראַנק געוואָרן אויף פיבער, און צוריקקומענדיק קיין אייראָפּע, איז ער אויף עטלעכע יאָר אַריינ־געפאַלן אין אַ מאָדנער גייסטיקער היגער־פלעט. עטלעכע יאָר

איז ער אָפּגעלעגן אויף סאָפּעס, מעלאַנכאָליש, פאַרטראַכט, אַב־סאָלוט נישט פעיִק עפּעס צו טאָן. פון דעם דאָזיקן גייסטיקן שלאָף האָט אים געוועקט אַ קינסטלערישער רוף, און ער האָט גענומען שרייבן זיינע עקספּרעסיאָניסטישע דראַמעס. דערביי האָט ער געפירט אַ פאַרשווענדעריש לעבן אויפן שטייגער פון אַ צעהוליעטן יונגן גראַף. ביז ער איז פון לעבן־שכרות אַריינ־געפאַלן אין אַ קעליע פון דער תּפיסה.

דאָס שטיק, וואָס איז איצט אויפגעפירט געוואָרן אין לעסינג־טעאַטער, געהער אָן שום ספק צו די בעסטע זאַכן, וואָס דער עקספּרעסיאָניזם האָט געגעבן. זי גיט אונדז אויך דעם שליסל צו דער נשמה פון אַן עקספּרעסיאָניסטישן דיכטער. זי איז אָנגעשריבן נאָך אַ שטיק צייט פאַר דעם אומגליק מיט „פאַרשווענדן פרעמד פאַרמעגן״, און עפּעס אַזוי ווי אַ שווער מזל הענגט דעריבער: דער דיכטער האָט פאָרויסגעזען זיין שפּעטערן גורל. הייסן הייסט דאָס שטיק „פון מאָרגן ביז מיטערנאַכט״, און געבויט איז עס אויף אַ דעפּראַדאַציע־געשיכטע, אַ מעשה מיט אַ קאַסירער פון אַ באַנק־געשעפט, וואָס פאַרשווענדט 60 טויזנט מאַרק פון דער קאַסע און לאָזט זיך גאַלאָפּ אין שטראָם פון צעשפּילטע תּאוות — אויף 18 שעה, פון אינדערפרי ביז שפּעט אין דער נאַכט, ווען די פּאָליציי ווייזט זיך.

עס לעבט אַ מענטש אויף דער וועלט, האָט קינדער, על־טערט זיך, און אַז עס וועט קומען זיין צייט, וועט ער שטאַרבן, און אין דער פּראָווינץ־צייטונג וועט זיין געדרוקט אַ נעקראָלאָג מיט קליינע אותיות. מעגלעך, אַז די אלמנה און קינדער וועלן קריגן אויסגעצאָלט די סומע פון פאַרזיכערונג. פאַרוואָס דען נישט? אַן אַנ־שטענדיקער מענטש געווען און אַנשטענדיק איז ער געשטאָרבן. מען קאָן נישט זאָגן, אַז ער איז געווען גליקלעך, מען קאָן אויך נישט זאָגן, אַז ער איז געווען אומגליקלעך, אָבער אַנשטענדיק איז ער געווען גאָר

אָן שום ספק, געבוירן און דערצויגן געוואָרן, געהאַט ווייב און קינדער, געאַרבעט אין דער באַנק, טאָג-איין, טאָג-אויס געקוימען פינקטלעך און אַוועקגעגאַנגען פינקטלעך, און ענדלעך איז ער אָנשטענדיק געשטאָרבן, נישט געריסן זיך פון מלאך-המות הענט, נישט געמאַכט קיין קולות, צוגעמאַכט די אויגן און געשטאָרבן.

אַזוי לעבן און שטאַרבן קאַסירערס. דער העלד פון קייזערס דראַמע וואָלט געענדיקט אַזוי ווי איוואַן איליטש ביי טאָלסטאָיען, ווען נישט אַ פאַרשטעקטער אימפּרעסיאָניסטישער טייוול, וואָס איז געזעסן אין אים, און וואָס נישט ער אַליין, נישט די אַרומיקע האָבן עפּעס פון אים געוווּסט. פּלוצלונג רופט ער זיך אָן. דער גאַנץ געוויינלעכער קאַסירער ווערט אַ העלד פון אַ דראַמע.

אַ דאַמע פאָרט דורך, אַן אַרטיסטקע, קומט אין באַנק אריין נאָך געלט, אָבער זי האָט נישט קיין ריכטיקן טשעק. שלעכט. דעמאָלט עפנט זי ברייט די אויגן און קוקט אים אָן (עקספּרעסיאָניסטיש!). זי גיט אים די האַנט, ער זאָל פאַרשליסן דאָס קייטעלע פון זייגערל. ער האָט אָנגערירט איר אָרעם, און — דאָס איבערקערעניש איז געשען.

דער קאַסירער גנבעט 60 טויזנט מאַרק פון דער קאַסע און לויפט נאָך דעם סודותפולן ווייב. פּאַטעטיש, וווּלקאַניש ברעכט אויס אַ שטראָם ליבע, וואָס איז ערגעץ געווען באַהאַלטן אין קאַסירערס האַרץ. די פרוי לאַכט אים אויס, וויל נישט וויסן פון אים און זיין געלט און גייט אַוועק.

פאַרצווייפלונג. די וויזיע פון טויט באַווייזט זיך. קיין צוריקקער. די נישטיקייט פון זיין ביז-איצטיקער עקזיסטענץ האָט ער באַגריפן.

דאָ הויבט זיך אָן דאָס אינטעראַסאַנטסטע. מיט די 60 טויזנט מאַרק, וויל דער קאַסירער פאַרלעבן איין טאָג, איין

איינציקן, אָבער מיטן גאַנצן אימפּעט. אַלע הויכקייטן און אַלע נידריקייטן. אָט פאַרזאַמלט ער מאַסן מענטשן און מאַכט זיי שרייען, לויפן, יובלען — מיט עטלעכע טויזנט מאַרק. אַ סצענע ווייזט אונדז די דירעקטאָר-בודע אונטער אַ לויף-פּלאַץ, אונדזער קאַסירער שטעלט אויס פּרייזן, 5, 10, 15 טויזנט, און די מוזיק שפּילט, די מאַסן יובלען. אַ צווייטע סצענע ווייזט אים אונדז אין אַ פרייליכן לאָקאַל. די אַלע סצענעס זיינען מייסטערהאַפט קאָנצענטרירט, איבערגעפילט מיט פאַרביקע עפעקטן, און צום סוף, יאָ, צום סוף זעט מען אַ פאַרזאַמלונג פון דער „היילס-אַרמעע". מען רופט צו תשובה. איינער נאָכן אַנדערן גייען אַרויף די גערעטעוועטע נשמות צו אַ שטענדער און זייען זיך מתודה, דערציילן פון זייערע זינד און ווי אַזוי זיי זיינען געקומען צו דער „תשובה-באַנק". אין אַ זייט זעט מען דעם קאַסירער. ס'איז עפּעס ביינאַכט. די יינגסטע פון די „שוועסטער", אַ צאַרטע און אַ בלייכע, ווי אַ מלאך, אָט ערשט אַראָפּגעפאַלן אויף דער זינדיקער ערד, טרעט צו צו אים. אים, דעם גרויסן זינדיקן, וויל זי פירן צו תשובה, זי וויל האָבן די זכיה. ער וואַרט נאָך. נאָך נישט, נאָך נישט... צום סוף פילט ער, אַז די שעה איז געקומען. ער לאָזט זיך מיט זיין באַגלייטערין גיין צום שטענדער און הויבט-אָן זאָגן זיין ודוי, אַ פאַטעטישער שטאַרקער ודוי, אַזוי צו זאָגן, עסענץ-ודוי. צום סוף פון דער רעדע נעמט ער אַרויס די רעשט פון געלט און שליידערט עס אַוועק מיט די ווערטער: „געלט — דאָס איז דאָס אומגליק פון דער וועלט!"

און דאָ איז געשען — אַ רעאַליסטיש-פּסיכאָלאָגיש געשעניש. אַלע תשובהניקעס מיט די שוועסטער צוזאַמען וואַרפן זיך גיריק אויף דעם געלט, ווי די חיות-רעות, שטופן און שטויסן איינער דעם צווייטן.

און דאָס מיידל, דער מלאך, לויפט און ברענגט די פּאָ־ליציי, כדי אים צו אַרעסטירן. מען האָט אויסגעשטעלט אַ פּרייז פאַר דעם, וואָס וועט דעם פאַרברעכער אַנטדעקן. דאָס מיידל, דער מלאך, איז אַ בעלן אויף דעם געלט.

דאָס איז דער סיוזשעט. דאָס אינטערעסאַנטע פון דעם שטיק איז אָבער דאָס געוואַלדיקע טעמפּעראַמענט, וואָס שלאָגט פון די לעצטע סצענעס; אַן אמתער ריכטיקער פּאַטאָס. דאָ זיינען פיל, פיל יאָרן פון לעבן און תאוות קאָנצענטרירט אין די ראַמען פון 18 שעה. דער קאַסירער, אַרויסגעריסן פון זיין טאָג־טעגלעכן לעבן, ווערט באמת פאַרוואַנדלט אין אַ העלד, אין אַ האַלבן גאָט — אויף אַ קורצער צייט —

די ליכט לעשן אויס, פונקען שפּריצן פון ערגעץ, עמי־צער שרייט: דער עלעקטרישער דראָט האָט זיך אָנגעצונדן. דער פאָרהאַנג פאַלט.

שפּילן דאָס שטיק איז נאָך שווערער, ווי אָנשרייבן. די גאַנצע האַנדלונג איז קאָנצענטרירט אין איין איינציקער פיגור, און דאָ מוז מען ווידער אָנקומען צום עקספּרעסיאָניסטישן אַקטיאָר. איין פאַלשע נאָטקע, איין איבערטרייבונג, און דאָס פּאַטעטישע וואָלט געוואָרן לעכערלעך.

אַ יידיש טעמפּעראַמענט האָט אַרויסגעהאָלפן. דער אויפ־גייענדיקער שטערן אַלעקסאַנדער גראַנאַך, איינער פון די יינגסטע און שטאַרקסטע בינע־קינסטלער אין דייטשלאַנד.

אָבער גראַנאַך איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. אויך אַ שטיק עקספּרעסיאָניזם. אַ מעשה פון אַ בעקער־יונג פון גאַליציע. נישט קיין סוחר פון בראַזיליע, איצט אַ מייסטער פון עקספּרעסיאָניס־טישער טעאַטער־קונסט.

איך ווייס נישט, צי קייזערס שטיק וואָלט מעגלעך געווען

אָן אים. צוזאַמען אָבער איז עס געווען אַ קינסטלערישע דערלעבעניש.

„נאָר אַט אַזוי איז עקספּרעסיאָניסטישע טעאַטער־קונסט מעגלעך" — האָט אַן אַלטער פאַרביסענער קעגנער געמוזט מודה זיין.

# ה

## ביי אונגארישע יידן.

(א קריסטלעך יום-טוב-בילדל).

דער באַלעבאָס פון דער קאַפע איז אַן אונגארישער ייד, די געסט זיינען אויך אונגאַרישע יידן. זיי האָבן זיך געראַטע־וועט אַהער קיין בערלין פון אונגאַרישן גיהנום. בהיות אָבער, האָס לויפן האָבן געקאָנט נאָר רייכע און פאַרמעגלעכע, זעט מען אויף זיי טאַקע נישט אָן קיין גלות אויפן פנים; פאַרקערט, זיי זעען אַלע גוט אויס. מען עסט דעם נאַציאָנאַלן מאכל, דעם בודאַפּעשטער גולאַש, מען טרינקט אונגאַרישן וויין און מען לייענט אונגאַרישע צייטונגען. קוקט אייך איין אין זייערע אויגן, וועט איר דערקענען, אז דאָס זיינען נישט קיין בערלי־נער: דער ליכטיקער לוסטיקער הימל פון זייער היים־לאַנד שפּיגלט זיך נאָך אָפּ אין זייערע אויגן. די עסטרייכישע קראָ־נען האָט מען משמעות באַצייטנס אויסגעטוישט, עסט מען און מען טרינקט און מען שפּילט קאָרטן, אַזוי ווי אַ מאָל אין פריי־לעכן, זוניקן אונגאַרן.

ביים קאָרטן-שפּיל פּאַסירט אַמאָל, אַז מ׳צעקאָכט זיך, דאָס הייסע נאַציאָנאַלע טעמפּעראַמענט רופט זיך אָן, און דעמאָלט רעדט מען יידיש, אַ געדיכט, קערנדיק מאַמע-לשון, אַזוי ווי מען רעט אין דער געגנט פון מאַרמאַרעש-סיגעט. דאָס געדויערט נישט לאַנג. ווי נאָר דער קעלנער באַווייזט זיך, פאַרשטומען די יידישע קלאַנגען. מען רעט ווידער אויף דער פרעמדער שפּראַך, וואָס איז, ווי אַ ווילדע בלום פון אַזיע, פאַרוואָרפן געוואָרן אין מיטן אייראָפּע אַריין, צוזאַמען מיט דעם אַזיאַטישן שטאַם, וואָס האָט געוואַנדערט ביז איבער די קאַרפּאַטן. די אונגאַרן האָבן איבערגענומען די קריסטלעכע אמונה און די אייראָפּעישע ציוויליזאַציע, נאָר ווי ווייט אַזיע שטעקט נאָך אין זייער בלוט, דאָס באַווייזט זייער לשון און דאָס באַווייזן די לעצטע מעשים זייערע. אַזוינע ראַפינירטע פייניקונגען, אַזוינע ווילדע אכזריותן, ווי אין אונגאַרן זיינען באַגאַנגען געוואָרן, האָט די אינקוויזיציע נישט געקענט. די יידישע עמיגראַנטן, אַנטלויפנדיק פון די אכזריותן, האָבן דאָך מיטגעבראַכט דאָס ו.י ד-פרעמדע לשון.

אין קאַפע שפּילט מוזיק: אַ פידלער, אַ פּיאַניסט און אַ וויאָלאָנטשעליסט. די צוויי לעצטע זיינען עלטערע מענטשן, פאַרוועלקטע, מידע, איינגעזעסענע בערלינער. דער פּיאַניסט דרעמלט אַמאָל איין אין מיטן שפּילן; דער פידלער, אָבער, איז אַ יונגער אונגאַרישער ייד מיט אַן אָפּגעבערענט פּנים, שוואַרצע אויגן, און ער שפּילט די ציגיינער-מאָטיוון מיט יענעם פאַרצוקטן, ווילד-זיסן ריטמוס, וואָס מען קאָן הערן נאָר אין אונגאַרן. טיילמאָל שעפּטשן נאָך זיינע ליפּן פרעמדע קלאַנגען צו די טענער פון דער מוזיק. דאָס זינגט ער פאַר זיך אַ ציגיינער-ליד. ווען דער פּיאַניסט דרעמלט, צי גאָר ער גייט אַראָפּ פון טאַקט, בויגט ער נאָך שטאַרקער צו זיין קאָפּ צו דער

פידל, רייסט נאָך שטאַרקער מיט דעם סמיטשיק איבער די סטרונעס, און די געסט, וואָס האָבן אַלע ליב מוזיק, קלאַפּן אים דעמאָלט רווישנדיקע בראַוואָס. די אַלטע פרייליעכקייט באַפאַלט זיי.

דער באַלעבאָס פון קאַפע האָט זיך איינגעאָרדנט און אויף פעסט זיך באַזעצט אין בערלין; קענטיק, ער טראַכט שוין דאָ אויסצולעבן זיינע יאָרן. ער איז שוין גראָ, כאָטש נאָך גענוג שטאַרק און קרעפטיק. די געזונטע פאַרב פון זיין פנים און דער לעבעדיקער גלאַנץ פון זיינע אויגן מאַכן אים ענלעכער צו אַ בודאַפּעשטער רעסטאָראַטאָר, איידער צו אַ באַלעבאָס פון אַ בערלינער קאַפע. ער עסט נאָך אַלץ גולאַש און פאַרטרינקט מיט אונגאַרישן וויין. אָבער נאָכן עסן לייענט ער אַ דייטשע צייטונג, און אָפּרועענדיק, זיפצט ער שטאַרק אויף דעם גורל פון דייטשלאַנד.

— אונדזערע פיינט ווילן אונדז פאַרניכטן! — קלאָגט ער זיך.

דאָס זאָגט ער אין געגנוואַרט פון קעלנער, אַ דייטש, וואָס האָט מיטגעמאַכט די מלחמה, איז דריי מאָל געווען פאַרווונדעט, איין קויל שטעקט אים נאָך ביז איצט אין פלייש. זי האָט אים געטראָפן עטלעכע טעג פאַרן וואָפנשטילשטאַנד, אין דער גרויסער בהלה. ביי אַ נאַסן וועטער, אַזוי זאָגט ער, קריכט זי, שפּאַצירט־אַרום אין זיין קערפּער. איבריקנס, לאָזט זיך גיכט פעסטשטעלן, צי דאָס איז טאַקע אַזוי, ווייל אויסער די קוילן, האָט ער אין די אָקאָפּעס זיך פאַרשאַפט אַ רעוומאַטיזם, און ער דערקוטשעט אים ביי אַ נאַסן וועטער.

דער קעלנער מאַכט זיך ווייניק־וואָס פון דעם באַלעבאָס דייגה וועגן דעם גורל פון דייטשלאַנד און פון די אכזריות פון די פיינט. ער האָט קיין צייט און קיין קאָפּ צו טראַכטן וועגן

פּאָליטיק. ער האָט אַ ווייב מיט דריי קינדער, פאַרדינט 1100 מאַרק אַ חודש, און ווי ער זאָל זיך נישט דרייען, איז אוממעגלעך דורכצוקומען. ביי אַזאַ לאַגע, ווי אַזוי זאָל די פּאָליטיק קריכן אין קאָפּ אַריין?

דער באַלעבאָס ווענדעט דעמאָלט אָפּ זיין בליק פון קעלנער און קוקט זיך אום אויף די געסט. פאַר וועמען זאָל ער אויסקלאָגן זיין צער אויף דעם גורל פון פאָטערלאַנד! אַרום זיצן אונגאַרן, ריידן אונגאַריש, און וואָס קימערט זיי דער גורל פון דייטשלאַנד?

זיפצט ער פאַר זיך און רוט אויס נאָכן עסן.

---

צו דעם גרויסן קריסטלעכן יום-טוב פון געבורט האָט מען זיך שטאַרק געגרייט אין קאַפע. דער באַלעבאָס אַליין איז געגאַנגען קויפן דעם בוים, און האָט קיין געלט נישט געקאַרגט. דער פידלער האָט איינגעשטודירט מיט זיין קאַפּעליע אַ הייליקן געזאַנג „אווע מאַריאַ". ער האָט געהאַט נישט ווייניק אַרבעט מיט דעם פּיאַניסט, וואָס האָט זיך כסדר געקלאָגט, אַז ער מוז גיין צום דאָקטאָר, ער זאָל אים פאַרשרייבן בייע ברילן צו די אויגן. ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין די נאָטן. ענדלעך האָט אים דער פידלער אַ וואָרף געטאָן די נאָטן פון האַנט, און געהייסן אים שפּילן אויסווייניק, ער האָט אים דערביי צוגעוויזן און געהאָלפן. דאָס איז געווען אַ מאַטערנדיקע אַרבעט, אָבער עס האָט געלוינט. דער אַלטער פּיאַניסט, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ נישט אַנטדעקטן זשעני און וואָס האָט יאָרן-לאַנג שוין בלויז מעכאַניש געאַרבעט מיט די פינגער, האָט אויפגעלעבט. עס האָט אויסגעזען, אַזוי ווי דער חלום פון זיין יוגנט וואָלט צוריקגעקערט. זיינע אַלטע פינגער האָבן ווידער געלעבט.

און פרישע, פולע טענער האָבן זיך געטראָגן. די באַגייסטערונג האָט זיך אויך איבערגעטראָגן אויפן וויאָלאָנטשעליסט, און ביי דער לעצטער פּראָבע איז געשטאַנען דער באַלעבאָס, די הענט פאַררוקט אין די הויזן-קעשענעס, און האָט געקוואָלן פאַר נחת. דאָס איז געווען מוזיק! דער פּיאַניסט האָט פאַרשטעלט דעם פידלער, זיינע טענער האָבן געקלונגען פול און פייערלעך, ווי די טענער פון אַן אָרגל — אַן אמת ליד פאַר גאָט איז דאָס געווען.

דער קעלנער האָט אויף יום-טוב נישט געוואָלט קומען און נישט געדאַרפט קומען. יום-טוב איז ער נישט מחויב צו אַרבעטן. אין דרויסן איז דערצו געשטאַנען אַ פויל וועטער. ער וואָלט געוואָלט אויסרוען. אָבער דער באַלעבאָס האָט זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן, וואָס דער קעלנער וועט נישט זיין. נישט אין באַדינען די געסט איז עס געגאַנגען. ער האָט דריי טעכטער, וועט איינע פון זיי באין-ברירה טאָן די אַרבעט. שטיל אין האַרצן האָט ער געבענקט, דער קעלנער זאָל זיין. ער איז געווען דער איינציקער קריסט פאַר דער הייליקער נאַכט. ער האָט אים דעריבער צוגעזאָגט אַן עקסטרע באַלוינונג. דער קעלנער איז פאַרבליבן.

דער בוים איז געשטאַנען אויסגעריכט, די ליכט זיינען געווען אויסגעשטעלט. צו דער באַשטימטער שעה האָט דער באַלעבאָס זיך אומגעקוקט אין קאַפּע. געסט זיינען נישט געווען פיל, זיי האָבן געשפּילט אין קאָרטן, צוויי זיינען געזעסן ביי אַ שאָך-ברעט. די מוזיקאַנטן האָבן אַלע געהאַט אויף זיך שפּאָגל-בייע הייסע מאַנישקעס און קראַגנס.

ער איז פאָרזיכטיק צוגעגאַנגען צום קעלנער און האָט אים געבעטן אין אַ ברודערלעכן קריסטלעכן טאָן, ער זאָל אָנ-צינדן די ליכט.

דעם קעלנער איז אָבער די קויל אַרומגעלאָפן אין גוף. ער האָט זיך געפּוילט אַרויסצוקריכן אויף אַ בענקל. ענדלעך האָט ער געזאָגט:

— אָבער דאָס געהער דאָך נישט צו מיר, דאָס האָט אַ שטוב־מיידל צו טאָן. מיין אַרבעט איז צו באַדינען די געסט.

דער אַלטער האָט געמוזט צוגעבן, אַז דער קעלנער איז גערעכט. ער איז אַליין אַרויפגעקראָכן אויף אַ בענקל און אָנגעצונדן די ליכט. ביי דער געלעגנהייט האָט ער באַמערקט, אַז זיינע הענט ציטערן. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער איז 67 יאָר אַלט און האָט געטראַכט פון טויט. יאָ, לויפנדיק פון אונגאַרן, האָט ער אפילו דעם טלית נישט מיטגענומען.

אַז די ליכט זיינען געווען אַלע אָנגעצונדן, האָט די מוזיק אויפגעשפּילט. פייערלעכע, געטלעכע טענער האָבן זיך געטראָגן אין זאַל. די געסט זיינען אָבער געווען פאַרטאָן אין שפּיל, דער קעלנער האָט געציילט די מאַרקעס פון בופעט. קיינער האָט גאָרנישט באַמערקט, נאָר דער באַלעבאָס איז ברייטלעך געזעסן אויף אַ שטול, דער קאָפּ אַראָפּגעהאָנגען און איז געווען אַזוי גערירט, אַז זיינע ליפּן האָבן עפּעס געשעפּשעט, איין גאָט ווייסט וואָס, און אין וועלכן לשון ער האָט געבעטן...

ו

# דאָס לעכצעניש נאָך יידישקייט.

די דייטשע יידן לעכצן נאָך יידישקייט. אינטערעסאַנט איז, אַז וואָס מער אַ דייטשער ייד איז אַסימילירט, וואָס מער ער האָט זיך דערווייטערט פון יידן — ווער שמועסט נאָך, אויב ער איז געשמדט — אַלץ שטאַרקער איז זיין לעכצעניש צו יידישקייט.

פאַרשטייט זיך דאָך ממילא, אַז פון אונדז, מזרח־יידן, פאָדערט ער צו שטילן דעם דורשט. און קומט עפּעס אַהער פון יענער זייט גרעניץ, וואָס האָט פּרעטענזיעס, געהערט און געזען צו ווערן, דאַרף עס קודם־כל זיין עכט יידיש, יידיש, פון דער 84-טער פּראָבע. אויב נישט, טויג עס נישט פאַר זיי.

אַזוי פאָדערט מען פון מאָלער, ער זאָל מאָלן „יידיש״. ד. ה. באָרד און פּאות, אַ פאַרקרימט פּנים פון יסורים, צעדולטע אויגן פון נאָך אַ פּאָגראָם. מינדסטנס כאָטש — אַ מנורה, אַ בית־המדרש, אַ שול, מצרות. פון דער ליטעראַטור פאָדערט מען נישט אַנדערש ווי טיפע מיסטיק, פאַרגלאָצטע אויגן, גאָט.

מלאכים, רביים און חסידים. און פון טעאַטער — גיט זיי כאָטש עפּעס אַ סינאַגאָגאַלע מיסטעריע. דער „דבוק" וועט אפשר באַפרידיקן דעם געשמאַק.

נישטאָ קיין מענטשלעכע באַציונגען צו אונדז, מזרח־יידן. דעריבער קאָן מען נישט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז מיר קאָנען שאַפן עפּעס מענטשלעכעס.

און עס עקלט פון אָט דער באַציונג און דערציטערט טיילמאָל. עס ווילט זיך זיי זאָגן: איר, מאָראַלישע קאַליקעס, וואָס איר זענט, איר, וואָס מאַכט נאָר דעם אָנשטעל פון קולטור־מענטשן, איר, וואָס איר האָט אַלץ נאָך די פּסיכאָלאָגיע פון געשלאָגענע הינט — צי ווייסט איר, וואָס איר זענט און וואָס אייער טועכץ איז!

אָט זענט איר שטענדיק עמעצן וואָס שולדיק, קיינמאָל נישט רעכט יוצא, און שטענדיק דאַרף מען זיך פאַרענטפערן, דערווייזן, מלמד־זכות זיין... ס'איז אַן עקלדיקע מלאכה פאַר אַ נאָרמאַלן מענטשן מיט געזונטע 5 חושים און מיט אַ ביסעלע מענטשן־ווירדע, ער זאָל זיך שטענדיק האַלטן אין איין פאַרענטפערן, און די דייטשע יידן וועלן נישט מיאוס די מלאכה שוין הונדערט יאָר צייט!

און דערגרייכט עפּעס צו זיי פון מזרח, וואָס ברענגט אַ גרוס פון אַ לעבעדיקן שאַפן, פון אינערלעכקייט, פון אַ גייסטיקן וווּקס, האָט דאָס אַלץ אַ ווערט נאָר אויף אַזויפיל, אויף וויפל עס קאָן אויסגענוצט ווערן אויף אַ באַווייז: אַהאַ! זעט איר קאַפּאָטעס, בערד, שמוציקע יידן, און דאָך האָט דאָס אַ נשמה.

און וואָס זיי באַליידיקט, און וואָס זיי שטעכט אַמטיפסטן, ווי מיט מעסערס אין די פאַרדראָסטעטע נשמות, דאָס איז, ווען די דאָזיקע „קאַפּאָטעס" די „שמוציקע יידן פון אָסטען" נעמען פּרעטענדירן צו זיין מענטשלעך, אָט אַזוי מיט לייטן גלייך און

צו שאַפן עפּעס מענטשלעכעס. דאָס באַליידיקט זיי און באַוּמ־רויקט זיי. עס באַליידיקט, ווייל זיי קאָנען נישט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז יענע טויגן צו עפּעס, קאָנען עפּעס שאַפן, עפּיס פרייעס, מענטשליכעס, וואָס זאָל אויפגענומען ווערן אין די שאַך־קאַמער פון דער מענטשלעכער קולטור. ווייל זיי זיינען געוווינט צו קוקן אויף דעם מזרח־ייד ווי אויף אַ נידריקע בריאה, האַלב־מענטש, האַלב־רמש, און אויף זיך אַליין — ווי די קולטור־מענטשן, די פול־מענטשן. חיינט ווי קאָנען זיי גאָר צולאָזן דעם געדאַנק, אַז זיי זאָלן קאָנען זיין טעטיק, און טאַקע טעטיק ווי אַ גלייכבאַרעכטיקטער אין דער אייראָפּעישער קולטור! דאָס וואָלט געהייסן, געבן זיך אַליין אַ פּאַטש אין פּנים, אָפּ־זאָגן זיך פון דער גאוה און דערהויבנקייט, מיט וועלכן מען האָט זיך געטראָגן אין פאַרגלייך מיטן מזרח־ייד.

און עס באַאומרויקט זיי נאָך מער. יעדער צייכן פון שאַפונג באַשטעטיקט נאָך דעם אמת וועגן דעם קיום פון אַ יידיש פאָלק, און וואָס איז קודם־כּל אַ פּאָליטישע סכּנה. זייער דייטשקייט ווערט באַדראָט.

עפּעס אַנדערש, ווען מען ברענגט אַהער „עכט־יידישקייט".

מאַרטין בובער האָט אויף זיך גענומען דעם פּאָדריאַד צוצו־שטעלן „עכט־יידישקייט" פאַר די דייטשע יהודים, און זיי האָבן אָנגעקוואָלן פון נחת. האָט ער זיי דערציילט פון אַ בעל־שם, פון ר' נחמן בראַסלאַווער, און האָט גענומען דאָס פּרימיטיווע און איבערלעבטע און האָט עס איינגעוויקלט אין דייטשער הויכער מליצה, געווירצט מיט האַלב־מיסטישע, האַלב־פילאָזאָפישע באַגריפן פון דער דייטשער אידעאַליסטישער פילאָזאָפיע, און אַ גאַנץ דור דייטשע יידן האָט זיך געשפּייזט מיט דעם מן פון הימל, ליליען, שטרוק, און אַ גאַנצע שולע (מישטיינס־געזאָגט)

יונגע האָבן געצייכנט און געמאָלט עכט־יידישע פּנימ׳ער אָטן אַזוי „אַרטיק״ זיין, נישט האָבן קיין פּרעטענזיעס, אַרויסצוגייר פון די ענגע פיר איילן, פון קוועטשעניש, פון באָדן זיך שטענ־דיק אין אייגענעם סאוס — צו דעם זענט איר געבאָרן.

האָט אָנגעהויבן דאָ צו שפּילן די ווילנער טרופּע. דע ערפאָלג פון איר האָט אונדז אַליין איבערראַשט. אַלע צייטונגען, פון די קאָנסערוואַטיווסטע ביז צו די לינקע, האָבן זיך אָפּגע־גערופן מיט אָנערקענונג. עס איז, לויט מיין מיינונג, נישט אַזוי די מייסטערשאַפט פון די ווילנער אַקטיאָרן, וואָס האָט געבראַכט דעם ערפאָלג, ווי דער מצב פון דעם איצטיקן דייטשן טעאַטער. די דייטשע טעאַטער־קונסט האָט זיך די לעצטע צייט זייער פאַרגאַלאָפּירט אין נייע המצאות, אין אויספּיינערן די טעכניק און די רעזשי. דער רעזשיסער איז פּאַקטיש געוואָרן די איינ־ציקע לעבעדיקע אָדער אינם שפּיל, אַלץ איז געוואָרן שטרענג אויסדרעסירט, ביז צו די לעצטע קלייניקייטן פאָרויסגעזען. אויב דער „סטאַר״ האָט נאָך מיטגעשפּילט און געגעבן עפּעס אינדי־ווידועלעס, זיינען די צווייטע און דריטע אַקטיאָרן פּאַקטיש אַלע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין סטאַטיסטן. סוף־כּל־סוף האָט דאָס אין רעזולטאַט געבראַכט צו אַ געוויסער פאַרגליווערטקייט, צו מעכאַ־ניזירונג. אויף דער יידישער בינע האָט מען פּלוצלונג דערזען לעבעדיקע מענטשן, מיט פרישע געפילן, וואָס קאָנען נאָך עפּעס דורכלעבן אויף דער סצענע, און דאָס האָט שטאַרק, זייער שטאַרק אימפּאָנירט.

נאָר די „יידישע נשמה״ פון „בערלינער טאַגעבלאַט״ און דער „פאָסישער צייטונג״ (ביידע אָרגאַנען פון דער יידישער אַסימילירטער בורזשואַזיע) האָט זיך געפונען געטראָפן. ווו איז דאָס „יידישע?״ נישט אין שטיק, נישט אין דעם שפּילן האָבן זיי געפונען דעם מן פון הימל, וואָס זיי האָבן געזוכט. ווו איז

דער בעל-שם? און די מיסטיק, ווו איז? און די באָרד און און פאות, ווו זיינען? פרץ הירשביין האָט געשריבן אויף ריין-מענטשלעכע מאָטיוון, און די אַקטיאָרן האָבן זיך נישט געשאָקלט איבער אַ גמרא, האָבן נישט פאַרבראָכן די הענט, האָבן אפילו נישט געמאַכט קיין עכט-יידישע העויות, אַזוי ווי דער קאָמיקער אין קאַבאַרעט, ווען ער קאָפּירט אַ יידן. זיי זיינען געווען מענטשלעך, אייראָפּעיש און גאָרנישט מער. פריץ ענגעל, דער טעאַטער-קריטיקער פון „בערלינער טאַגעבלאַט", האָט אַזש פאַר-בראָכן מיט די הענט, און זיין לעכצעניש צו יידישקייט האָט זיך צעגאָסן, אַז עס האָט זיך אַזש געוואָלט לאַכן און וויינען צוזאַמען.

אומגערנזיליק האָבן זיך דערמאָנט אַנדערע צייטן, אַ פאַר-גאַנגענע עפּאָכע אין דער יידישער ליטעראַטור איז אַרויסגע-שווומען אין זכרון. איך האָב זיך דערמאָנט די פעטע יאָרן פון דער יידישער ליטעראַטור, ווען פּרץ איז געווען אין זיין גרעסטער בליונג, און אַ גאַנצער דור יונגע האָט זיך געקלאַ-מערט אַרום אים. די גרעסטע דערגרייכונג, דער העכסטער אי-דעאַל איז געווען, צו געפינען דאָס אייביק-מענטשלעכע. גראָד דאָס פרימיטיווע פאָלקס-לידל, וואָס דערציילט נאָר פון אַ ליבע צווישן אַ יינגל און אַ מיידל און וואָס האָט מיט „יידישקייט" גאָרנישט צו טאָן, וואָס איז יידיש נאָר לויט דעם קאָלאָריט, לויט דעם מיליע, לויט דער שפּראַך — דאָס גראָד איז געווען דער מוסטער, די העכסטע שטרעבונג. עס איז געווען אַ דור, וואָס איז געווען געגנוג יידיש, געגנוג פאַרוואַקסן מיטן שורש, אַז ס'זאָל זיך קאָנען אָפּגעבן מיט זוכן דאָס מענטשלעכע. און אַ יום-טוב איז עס געווען, אַ נצחון, ווען מען האָט בעפילט, אַז די יידישע ליטעראַטור ווערט מער מענטשלעך, פאַרלאָזט דעם ישיבה-בחור, רעליגיעזע פראַגן און השכּלישע געדאַנקן, און

ברענגט אריין דעם געזונטן פאָלקס־מענטשן מיט זיינע נאַטירלעכע מענטשלעכע נויגונגען און אינסטינקטן.

פון דעמאָלט ביז איצט ליגט שוין אַן עפּאָכע פון 20 יאָר. פיל וואַסערן זיינען פאַרפלאָסן און פיל שטרעבונגען זיינען שוין דורך. די פראַגע איז מער קיין פראַגע ניש, דער נייער יידישער קינסטלער פאַרשפּאַרט שוין די מי צו באַפרייען זיך פון אַ דריקנדער באַגרעניצטקייט — פון „יידישקייט".

ז

## װעגן דאָלאַר און װעגן געלט בכלל.

דער אינטערעס פאַר אַמעריקע איז איצט געװאַלדיק אויס־געװאַקסן אין אייראָפּע. אַמעריקע איז בײַ יעדן אויף דער צונג. דאָס האָט דער דאָלאַר געמאַכט.

זײַן מאַיעסטעט דער דאָלאַר, דער קייזער פון אַלע װאַ־ליוטעס, דער דיקטאַטאָר, דער הערשער. װעלכער מענטש אין װעלכן לאַנד האָט הײַנטיקע צײַטן נישט קיין שייכות מיט װאַ־ליוטע. אייראָפּע הוזשעט זיך אויף אַ הוידאַװקע. װאַליוטעס אַרויף, װאַליוטעס אַראָפּ, און אַלע — פון פאַבריקאַנט ביז צום אַר־בעטער, פון שפּעקולאַנט ביז צום פּויער אויפן דאָרף, דער קינסטלער, װי דער פילם־שפּילער, זײַנען אָנגעהאָנגען מיט הענט און פיס אויף דער הוידאַװקע. װײַל װאַליוטעס דיקטירן דעם גאַנג פון לעבן, שטעלן דעם מקח פון לעבנס־מיטלען, דעם פּרײַז פון מענטשלעכער אַרבעט און רעגולירן דעם גאַנצן אויסטויש. הינטער דער הוידאַװקע שטייט אַמעריקע, און דער דאָלאַר איז די שטויס־קראַפט, װאָס ברענגט זי אין באַװעגונג.

פֿאַראַן איצט אין אייראָפּע אַ רושם פֿאַרן דאָלאַר, מען האָט אים ליב, מען שעצט אים. מען גיט אים אָפּ כּבֿוד, ווייל ער איז אַ מאַיעסטעט, אַ הערשער, זיין חשיבֿות באַשטייט נישט אין דעם נאָר, וואָס מען קאָן אים אויסטוישן אויף אַזויפיל און אַזויפיל מאַרקן, פֿראַנקן צי לירעס, נאָר אין דעם, וואָס ער איז אַ דאָלאַר, טאַקע ממש געלט. נישט פֿאַר זיינע מעלות האַלט מען אים גרויס, נאָר צוליב אים אַליין, צוליב זיין וועזן. דאָס איז אַ מין „ליבע" פֿון העכערער אַרט — אַ פּלאַטאָנישע.

ווייל זינט דער בהלה מיט דער מלחמה איז דער מין געלט געוואָרן ביליק אין אייראָפּע. ביליק מיין איך אין דעם זין, וואָס מען האָט נישט דערצו די אַמאָליקע אַכטונג. אַמאָליקע צייטן, אויב איר קאָנט אייך דערמאָנען, פֿלעגט מען אַרויסנעמען אַ קנאַקנדיקן פֿינף-און-צוואַנציקער פֿון טאַש, און פֿון בלויזן בליק, פֿון דער באַרירונג, האָט זיך אָנגעשטעלט אַ תּענוג. ער האָט עפּעס אויפֿגעשטראַלט פֿון זיך. דאָס איז געווען דער מאַגישער כּוח פֿון געלט. דערמאָנט אייך, ווי אַ ייד פֿלעגט ציילן באַנקנאָטן, מיט וואָסערער אָנגעשטרענגטקייט, מיט וואָסער טיפֿער ערנסטקייט דאָס איז געטאָן געוואָרן. היינט איז אַראָפּ דער גאַנצער זיבעטער חן פֿון די באַנקנאָטן. מען האַלט זיי אַנדערש, מען ציילט זיי אַנדערש, מיט איין וואָרט: עס פֿעלט דער רעספּעקט צו זיי, אַזוי צו זאָגן, אַ פּערזענלעכע באַציִונג איז נישטאָ.

סיידן נאָר דער דאָלאַר.

אַזוי האָט מיר דערקלערט איינער, וואָס איז אַ מבֿין אויף אַזעלכע זאַכן. אַן אַלטער (סבֿער און אַ גרויסער תּרח. „אַז איך האָב דעם דאָלאַר אין טאַש, פֿאַרשטייט איר מיך, ווייס איך, אַז איך האָב געלט. פֿאַרשטייט איר מיך, דער דאָלאַר, פֿאַרשטייט איר מיך, איז גאָר עפּעס אַנדערש".

ער האָט דערבײַ צוגעשאָקלט מיט ציטריקע בײַניקע הענט פון מאָליערס „קאַרגן”, און איך האָב אים געגלויבט. יאָ, אַ דאָלאַר דאָס איז „גאָר עפּעס אַנדערש”. דאָס מוז אָנערקענט ווערן פאַר אַן אמת. אָבער טאָמער מיינט איר, אַז צוליב דעם האָט אַמעריקע עפּעס געוווּנען אין אונדזערע אייראָפּעישע אויגן, האָט איר אַ גרויסן טעות.

עס הויבט זיך נישט אָן און טאַקע פּונקט פאַרקערט. וואָס חשובער דער דאָלאַר ווערט, אַלץ מער זידלט מען אַמע־ריקע. וויסנשאַפטלעך אויסגעדריקט הייסט דאָס: דער רעספּעקט צו אַמעריקע שטייט אין אַ פאַרקערטער פּראָפּאָרציע צום ווערט פון דאָלאַר.

אַמעריקע, זעט איר, איז דאָס לאַנד פון רויען מאַטעריאַ־ליזם. אַמעריקע, זאָלט איר וויסן, לייקנט־אָפּ אַלע מענטשלעכע אידעאַלן און גלויבט נאָר אין דאָלאַר; אין אַמעריקע, פילאָזאָ־פירט דער אינטעליגענט, איז קיין אָרט נישטאָ פאַר דעם שיי־נעם און דערהויבענעם, וואָס אין דער מענטשלעכער נשמה; קורץ, אַמעריקע, אַמעריטשקע־גנב, דאָס איז ערגער ווי דאַנטעס גיהנום און מענטשן פרעגלען זיך דאָרט אין פייער פון ביזנעס טאָג ווי נאַכט.

איך וויל נישט זיין קיין שופט צו משפּטן צווישן אַמע־ריקע און אייראָפּע, איך מוז אָבער פעסטשטעלן פאַקטן. וואָס ברייטער עס איז די הילף, וואָס מער אַמעריקע שיקט, אַלץ מער ווערט מען אויף איר אָנגעשטויסן, קוקט מען אויף איר פון אויבן־אַראָפּ. וואָס מער מען זעט איין, אַז פאַקטיש געפינט זיך אייראָפּע אונטער דער קאָנטראָל פון אַמעריקע, אַלץ מער מורמלט מען אויף דעם אויפגעקומענעם פּלעבעישן לאַנד.

זעט איר, דאָס איז פאַרדעכטיק, ווייל עס הויבט אָן צו שמעקן מיט טראַגי־קאָמיזם פון אַ יורד, פון אַן אַלטן יחסן.

די אַלטע יונג-פרוי אייראָפּע איז קרענקלעך געשטימט, היפּאָ-כאָנדריש, ווער ווייסט, צי דאָס איז נישט קיין קראַנקהייט, וואָס שטאַמט פון אָפּשוואַכונג און עלטער!

אייראָפּע פילט זיך, אין גרונט גענומען, דערשלאָגן. די אַלטע דאַמע מיט די פיינע מאַנירן, מיט איר אַלטער קולטור, איז שטאַרק, שטאַרק אויסגעמאַטערט. די זיגער פילן זיך נישט פיל בעסער ווי די באַזיגטע. די מלוכה-קאַסעס זיינען ליידיק, חובות איבער די אויערן, פּראָדוקטן פעלן, און די אונטערשטע שיכטן זיינען אַרויס פון די דאַמוטעס, בונטעווען און ווילן נישט טראָגן דעם יאָך. נישטאָ קיין זיכערקייט און קיין פעסטקייט.

און איבער דעם דאָזיקן רוין פון אייראָפּע טראָגט זיך דער דאָלאַר, ווי אַ ריזיקער אָדלער אין אַ פעסטן זיכערן לויף, שפּרייט אויס זיינע שטאַרקע פליגל איבער דער אייראָפּעישער פּאַרוויסטקייט, און אַ רויבערישער גלאַנץ ליגט אין זיינע אויגן.

עס פּאַרדריסט.

און מען קילט זיך דאָס האַרץ מיט ריידן. אין אַמעריקע הייבט זיך אַלץ אָן מיטן דאָלאַר און ענדיקט זיך מיטן דאָלאַר... אַמעריקאַ איז געלט און געלט און געלט א. אַז. וו.

איך בין נישט קיין פאַרגעטערער פון אַמעריקע, און איך מיין, אַז זי האָט פיל צו לערנען ביי אייראָפּע, אָבער די טענות וועגן דער געלט-גיריגקייט פון אַמעריקע, גראָד אָט די טענות, זיינען שרעקלעך נישט גערעכט.

זאָל מיך דער גאָט פון אַלע קאָנטיגענטן משפּטן און זאָלן מיר דאָס מיינע ברידער אייראָפּעער מוחל זיין, אויב איך וואַג צו זאָגן, אַז די באַציונג פון די אַמעריקאַנער צו געלט זעט מיר אויס פיל מענטשלעכער, שענער, ווי די אייראָ-פּעישע.

דער אַמעריקאַנער האָט צום געלט אַ פּראַקטישע באַציונג.

געלט גיט אַזויפיל און אַזויפיל מעגלעכקייטן, גיט פרייהייט. דער אייראָפּעער האָט צום געלט כמעט אַ מיסטישע באַציונג. ער בויגט זיך דערפאַר, ווי פאַר אַ גאָט.

סקנעריעס, תּרחס פּאַטאָלאָגישע קאַרגע האָט אייראָפּע צען מאָל אַזויפיל ווי אַמעריקע. די ליבע צו געלט „אַן און פאַר זיך", נישט ווי צו מעגלעכקייטן, וואָס שטעקן אין געלט, איז אין דער אַלטער וועלט פיל שטאַרקער, ווי אין דער נייער.

די מעשה איז, וואָס אין אייראָפּע זיינען אַחוץ געלט פאַראַן נאָך אַנדערע פאַקטאָרן פון איינפלוס, מאַכט און כבוד, אין אַמעריקע זיינען זיי נישטאָ. דאָ שפּילט נאָך אַ גרויסע ראָליע דער אַלטער אַדעל, די יונקערס, קעניגלעכע הויפן. אין אייראָפּע לעבן נאָך און ווירקן אַלטע ירושות, וואָס ווערן, אמת, שוואַכער פון טאָג צו טאָג, אָבער דערווייל טיילן זיי נאָך די ממשלה מיטן געלט. אין אַמעריקע איז געלט די איינציקע מאָס.

דערין ליגט אויך אַ פּראַקטישער געדאַנק, ווייל געלט איז אַן אָביעקטיווע מאָס. אויב איינער האָט געמאַכט געלט, באַווייזט עס, אַז ער איז אַ מענטש מיט ענערגיע, וואָס קאָן זיין שטעטל באַשטיין. די דאָלאַרס שטעלן פאַר אַן אַרט אַטעסטאַט, אַ צייגניש פאַר טויגלעכקייט. דערצו נאָך האָט דאָס געלט-מאַכן אין אַמעריקע עפּעס אין זיך פון אַ ספּאָרט. מען דאַרף שלאָגן אַ רעקאָרד, איבערלויפן, איבעריאָגן, זיין דער ערשטער. יעדער ספּאָרט, יעדעס שפּיל איז נעענטער צו דער וועלט פון שיינקייט, ווי די קאַלטע באַרעכנטע מי-זעליקע אייזל-אַרבעט פון אַ סקנער און אַ געלט-שאַרער.

דעריבער טאַקע האַלט איך, אַז פון אַלע טענות, וואָס מען שטעלט אַרויס קעגן אַמעריקע, איז די טענה וועגן געלט-געיעג די שוואַכסטע.

אַמעריקע האָט פיל. פיל צו לערנען בײַ אייראָפּע. איך מיין אָבער, אַז דער גרעסטער חסרון פון אמעריקע באַשטייט נישט אין געלט־געיעג, נאָר אין דעם, וואָס דער אַמעריקאַנער קאָן נישט ליידיקגיין. אים פעלט אַ גאַנצע זייט פון לעבן: דער מאָמענט פון רוען. ס'איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס אין אַמעריקע פעלט דער גאַנצער טיפּ פון אייראָפּעישן „קאַפע״, ווו מענטשן זיצן בײַ טישלעך שעהנווייז פאַר איין שאָל קאַווע, טוען אַבסאָלוט גאָרנישט, סיידן, וואָס זיי רויכערן אַ ציגאַרעט און טראַכטן הוריות. דער אַמעריקאַנער באַגרייפט דאָס נישט. ער איז האַסטיק, אַ מאַשין, וואָס לויפט אָן אויפהער.

און אַז ער לויפט און איילט זיך, לויפט ער דאָך צום דאָלאַר. דערפון נעמט זיך, וואָס מען באַטראַכט אים פאַר אַ מענטש, וואָס זיין נשמה איז דער דאָלאַר.

אַמעריקע וואָלט געדאַרפט אַ קאַפּיטשקע, אָבער טאַקע נאָר אַ קאַפּיטשקע, בודיזם, אַ קליינעם טראָפּן נירוואַנאַ וואָלט מען געדאַרפט צומישן צום שוימיקן פולן קערפער פון לעבן, און עס וואָלט אַרויסגעקומען פיל לייטישער.

## ח

## ווען דער שוואַכער איז שטאַרק...

ווען דער שוואַכער איז (צופעליק) שטאַרק, דעמאָלט פילט די וועלט זיך קראַנק. דאָס געזעץ פון דער נאַטור איז געוואָרן צעשטערט.

גאַנץ אייראָפּע איז איצט געגליכן צו יענעם קראַנקן וואָס אויף וועלכער זייט איר זאָלט אים נישט לייגן, וועט אים אַלץ ווי טאָן.

און די קראַנקהייט — דאָס פילן אַלע — איז אַ פאַרשלעפּטע, נישט צו קורירן. מען איז אין אייראָפּע פּעסימיסטיש. איר קאָנט הערן אין דייטשלאַנד דאָס יאָכצן פון דעם באַזיגטן; איר קענט זען אין אונגאַרן, אין בולגאַריע, קאָנוווּלסיעס און דערשיטערונגען, וואָס קומען נאָך אַ פאַרשפּילטער מלחמה. אָבער וווּ אין אייראָפּע וועט איר הערן דאָס פרייד-געשריי פון דעם זיגער? אַ ווו קלינגט דאָס ליד פון נצחון און וווּ שאַלט די פרייד פון לעבן?

אין ערגעץ נישט. אפילו נישט אין פראַנקרייך.

## אין פראַנקרייך האָט מען מורא.

דאָס געפיל, וואָס באַהערשט איצט די פראָווינצן, הייסט: אַנגסט, מורא פאַר דער צוקונפט. זייערע פּאָליטיקער פאַרשטייען דאָס קלאָר; דאָס פאָלק פילט די אימה געבלהאפט. אָבער אויף אַלעמען, אָן אויסנאַם, דריקט דידאָזיקע אַנגסט שווער, אַזוי ווי אַ קאָשמאַר אויפן האַרץ.

און וואָס קאָנען דאָ העלפן „זיכערונגען"! די שרעק האָט טויזנט אויגן.

מען האָט פאַרנומען די ליניע פון רהיין; מען האָט אַנטוואָפנט דייטשלאַנד; אויף די מזרח-גרעניצן פון דייטשלאַנד האָט מען אויפגעשטעלט מלוכות מיט אַ שטאַרקער באַוואָפנטער מאַכט, וואָס קוים זאָל זיך פראַנקרייך אַ ריר געבן פון מערב, זאָלן זיי צודריקן פון מזרח; מען האָט פאַרנומען דאָס סאַאר-געביט; מען איז אַריין אין רור-געביט — אָבער רויק — רויק איז מען אין פראַנקרייך אַלץ נישט.

עס איז איצט קלאָר, אַז אין פאַרלויף פון 48 שעה קאָן פראַנקרייך מיט אירע פאַרבונדעטע פון מזרח פאַרנעמען גאַנץ דייטשלאַנד: דער דייטשער מיליטערישער ווידערשטאַנד איז גלייך אַ נול. קיין שום מלוכה איז נאָך אַ פאַרשפּילטער מלחמה נישט געבליבן אַזוי שוואַך, אַזוי אָפן פון אַלע זייטן, ווי איצט דייטשלאַנד. אפילו די טערקיי אין אירע שלעכטע צייטן, נאָך די פאַרשפּילטע מלחמות, האָט זיך נישט געפונען אין אַזאַ לאַגע... און וואָס איז דערפון געדרונגען? קאָן מען נאָך דעם אַלעם אין פראַנקרייך שוין שלאָפן רויק, אין באַטראַכטן אַלע צילן פאַר דערגרייכט?

פאַרקערט. ווי קאָמיש דאָס זאָל אין מלוג נישט אויסזען, איז דאָך די אימה פאַר דער צוקונפט אין פּאַריז אַ סך גרעסער, ווי אין בערלין. פון פּאַריז הערט זיך כסדר דאָס געשריי: „זיכערונגען!"

בערלין האָט איין דאגה: ווי אַזוי שטופּט מען דורך די געגנוואַרט, ווי אַזוי לעבט מען דורך דעם טאָג, ווי אַזוי שלאָגט מען זיך דורך די שווערע צייטן. אַלץ וויל אַהין, אַהין, צו דער צוקונפט. ווי אַזוי מאָלט זי זיך אויס דידאָזיקע צוקונפט? האָט מען געניַיע רעוואַנש-פּלענער? זוכט מען די וועגן פון נקמה? — געוויס, טוען דאָס די באַהאַלטענע מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס. דאָס פאָלק איינגאַנצן האָט אָבער נישט קיין פּלענער, און האָט נישט קיין געניַיע בילדער פון דער צוקונפט.

אָבער אַ פאַקט איז, אַז די דאָזיקע צוקונפט שרעקט אים נישט; פאַרקערט: זי גיט אים צו מוט איבערצוטראָגן די שווערע צייטן.

בשעת אין פּאַריז איז, פאַרקערט, די איינציקע אַקטועלע זאָרג, די איינציקע לאַסט, וואָס דריקט אויף די געמיטער — די צוקונפט.

אָבער די דאָזיקע פּאַריזער אַנגסט בלייבט נישט בלויז אינדערהיים, ווו זי איז געבוירן, נאָר זי ליגט פאַרשפּרייט אויף דער גאַנצער וועלט. נישט נאָר די פראַנצויזן אַליין פילן זי, גאַנץ אייראָפּע טראָגט די דאגה אין קאָפּ.

די פראַנצויזישע העגעמאָניע אין אייראָפּע איז איצט אַ פאַקט. וויפל די ענגלענדער זאָלן זיך נישט קרימען, וויפל דיפּלאָמאַטישע שאָכצוגן זיי זאָלן נישט מאַכן, און צי די קאָנסערוואַטיוון זאָלן הערשן, אָדער עס זאָל קומען אַן אַרבעטער-רעגירונג — דעם דאָזיקן פאַקט וועלן זיי נישט ענדערן. פראַנקרייך האָט די גרעסטע אַרמעע, איז באַוואָפנט פון קאָפּ ביז צו פיס, אין נישטאָ קיין געניג שטאַרקער קעגנער, וואָס זאָל זיך קענען מיט איר פאַרמעסטן. פראַנקרייך קאָן (אויף דער יבשה) טאָן, וואָס איר געפעלט.

די וועלט וואָלט זיך געדאַרפט אונטערוואַרפן אונטער דעם

פאַקט פון דער פראַנצויזישער העגעמאָניע אויף דער יבשה, אַזוי ווי זי האָט שוין לאַנג שלום געמאַכט מיט דעם פאַקט פון דער ענגלישער העגעמאָניע אויפן ים. און אַז מען וואַרפט זיך אונ־טער — באַרויקט מען זיך. ווען דער שטאַרקער איז שטאַרק, איז עס אַן אומפאַרמיידלעכקייט, אַ נאַטור־געזעץ. פּראָטעסטירט עמעצער קעגן דעם, וואָס ענגלאַנד באַהערשט די ימען פון דער גאַנצער וועלט?

פראַנקרייך אָבער איז געבליבן שוואַך נאָך דעם געוואַלדיקן נצחון, וואָס זי האָט אָפּגעהאַלטן, און איר העגעמאָניע מוז איי־ראָפּע פילן, ווי אַ דרוק, ווי אַ זאַך, וואָס שרעקט, וואָס זייעט אומצופרידנקייט.

די מפּלה, וואָס די דייטשן האָבן באַקומען אין דער דאָזי־קער מלחמה, איז טיפער, גרינדלעכער ווי אַלץ, וואָס מען האָט זיך געקענט פאָרשטעלן אַלס אַ רעזולטאַט פון דעם וועלט־ראַנ־גלעניש; דער נצחון, וואָס די פראַנצויזן האָבן אָפּגעהאַלטן, איז פיל גרעסער, ווי זיי האָבן אַליין געהאָפט. דאָס אַלץ האָט אָבער נישט געענדערט דעם עצם־פאַקט. אַז די פראַנצויזן זיינען אינער־לעך נישט אַזוי שטאַרק, וויפל דאָס מזל האָט צוגעשפּילט. אי לויט זייער צאָל, אי לויט דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג, שטייען זיי נאָך דער מלחמה נישט העכער ווי פריער. זיי בלייבן אַלץ די אייגענע קינדער פון אַ הויכער קולטור, מיט סימנים פון מידקייט, — אַ ראַסע, וואָס געניסט די פּרוכט פון פריערדיקע דורות, וואָס האָט אָנגעזאַמלט מאַטעריעלע און גייס־טיקע אוצרות אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן, אַ פאָלק, וואָס לעבט צום געניסן פון לעבן, וואָס פיטערט זיך אויף די גרינגע ליכטיקע פעלדער, וואָס זיידעס און עלטער־זיידעס האָבן מיט שווערער און ביטערער מי באַאַרבעט. די סטאַטיסטיק רעט טרוי־קענע ווערטער: די פראַנצויזן האָבן זיך שוין לאַנג אויפגעהערט

צו פאַרמערן. און ווילט איר אויסטייטשן די ציפערן, אַריינ־דרינגען אין זייער אינהאַלט, באַטייט דאָס נישט עפּעס אַנדערש, ווי נאָר, אַז זיי לעבן מער נישט פאַר דער צוקונפט. די לעבנס־ענערגיע פון פאָלק איז נישט מער געריכטעט אין דער ווייטער צוקונפט אַריין; די פּאַטריאַרכאַלישע ברכה פון אויפשטייענדיקע פעלקער: צו האָבן אַ סך קינדער, צו פאַרמערן דעם שטאַם, איז אַ קללה פאַר מענטשן, וואָס זיינען דאָ אויף דער וועלט אַליין פאַר זיך. קינדער הערן אויף צו זיין דער סימבאָל פון דער צוקונפט, דער המשך פון אייגענעם לעבן, און זיי ווערן נישט מער ווי אַן עול, אַ יאָך. וואָס גרינגער דער יאָך, אַלץ בעסער.

די שטאַרקייט פון פראַנקרייך איז אַ היסטאָריש געשעעניש. עס האָט פּאַסירט. אַזוי איז עס געשען, און אויף דער היסטאָריע פרעגט נישט קיין קשיות. אָבער זי איז נישט קיין אויסדרוק פון אָרגאַנישן וווקס. רוסלאַנד ליגט צעשטערט, צעשמעטערט, אונטער אַ דיקטאַטור, האָט פאַרלאָרן די ראַנד־לענדער, — אויך דאָס — די רוסישע מפּלה — האָט פּאַסירט, איז אַ היסטאָריש געשעעניש, און דאָך איז רוסלאַנד געבליבן ביי איר אַל־טער אינערלעכער שטאַרקייט. איר מפּלה איז נישט קיין אָרגאַנישע, נישט קיין אויסדרוק פון פאַלן, פון מידקייט און אונטער־גאַנג. פאַרקערט אפשר: איר קאָנט זאָגן, אַז רוסלאַנד איז גע־פאַלן, איז היסטאָריש געשטרויכלט געוואָרן, צוליב דעם ראַפּיצן אָנוואַקסן פון די פאָלקס־כוחות, צוליב דער איבערמאָס פון אַ געוואַלדיקער ענערגיע, וואָס האָט ווולקאַניש אויפגעריסן און האָט נישט געקענט צוועקמעסיק אויסגענוצט ווערן.

פראַנקרייך האָט געזיגט צוליב דעם פּאַטריאָטיזם פון אירע קינדער, צוליב דער געוואַלדיקער מאָמענטאַלער אָנשטרענגונג, אויף וועלכער עס קאָן נאָר פעיק זיין אַ סאָרט מענטשן פון אַ העכערער קולטור, האָט געזיגט צוליב דער הילף פון אירע

פאַרבונדעטע. פראַנקרייך איז געגליכן געווען צו אַ מענטשן וואָס געפינט זיך אין דער גרעסטער סכנה און זעט אין די סכנה און ווייסט, אַז קיין אויסוועג איז נישטאָ: אָדער זיגן אָדער שטאַרבן, און דאָס איינזען מאַכט אים פעיק צו די גרעסטע טאַטן, צו די געוואַלדיקסטע אָנשטרענגונגען. די שטאַרקייט איז אַן אויסדריק פון מאָמענט, דער נצחון אָבער איז געבליבן און איז מוז מען אָפּהיטן. די גרויסע אָנשטרענגונג איז אַריבער, און עס איז געבליבן — די מורא פאַר דער צוקונפט.

אין דייטשלאַנד האָפט מען אויף דער צוקונפט, אין רוס־לאַנד איז אַלץ פול מיט בטחון. פראַנקרייך, די הערשערין, די גרויסע מיליטערישע מאַכט, טוט און זוכט „זיכערונגען״.

און וואָסערע „זיכערונגען״ קאָן איר די וועלט געבן?!

דיפּלאָמאַטישע אָפּמאַכונגען? זיי האָבן אַזוי לאַנג אַ ווערט, ווי לאַנג מען האַלט זיי.

דעם רהיין? דעם רור? און ווען זי זאָל פאַרנעמען בערלין, און ווען דייטשלאַנד זאָל זיין צעשטיקלט אויף קליינע פּיצעלעך מלוכות? קאָן עמיצער זאָגן, אַז דאָס וועט שוין גענוג זיין?

שטענדיק וועט בלייבן עפּעס, וואָס איז נאָך נישט דער־גרייכט געוואָרן: דאָס געפיל פון שטאַרקייט, די אינערלעכע זיכערקייט פון דעם, וואָס איז באמת שטאַרק, דאָס וועט שטענ־דיק פעלן.

דאָס, וואָס ס׳קען מיט מיליטערישע נצחונות נישט דער־גרייכט ווערן.

אייראָפּע איז אויף לאַנגע יאָרן באַשערט צו בלייבן אָן שלום, אָן דעם געפיל פון זיכערקייט און פעסטקייט, וואָס איז נייטיק צום בויען פון לעבן.

ניטטי, דער געוועזענער פּרעמיער פון איטאַליע, מאַכט אין זיין בוך „אייראָפּע אָן פרידן״ שולדיק דעם ווערסאַילער

טראַקטאַט אין דעם, וואָס דער שלום איז אַליין נישטאָ. דאָס איז אָבער נישט מער ווי די אויסערלעכע זייט פון דער זאַך. צי דער ווערסאַילער טראַקטאַט זעט אויס אַזוי, צי אַנדערש — דאָס האָט נישט פיל צו זאָגן. צי מען קאָן אים אויספירן, צי נישט — אויך נישט דאָס איז וויכטיק.

אייראָפּע בלייבט אָן פרידן, ווייל די היסטאָרישע געשעענישן האָבן זיך אַזוי צוזאַמענגעלייגט, וואָס מינדעסטנס אויף עטלעכע צענדליקער יאָרן באַהערשט זי נישט קיין שטאַרקער נאָר אַ שוואַכער.

ענגלאַנדס שטאַרקייט פילט כמעט קיינער נישט. נאָר איז אויסערגעוויינלעכע מאָמענטן גיט דער ענגלישער לייב אַ מרוק און ווייזט זיינע שאַרפע נעגל, — דעמאָלט דערפילט איר זיין קראַפט. פראַנקרייכס הערשאַפט פילט מען כסדר, פילט מען אָן אויפהער, פילט מען אַזוי, ווי מען פילט אַ קראַנקע שטעל אין אָרגאַניזם.

...ען דער שוואַכער איז שטאַרק...

# ט

## אין לאנד פון פארצווייפלונג.

(דער קריזיס פון יאר 1923)

### א

### הענגען.

הענגען! אַלע זאָל מען זיי אויפהענגען!
ווּעמען הענגען? — דאָס איז נישט אַזוי קלאָר.
די יידן? די סאָציאַליסטן? די אויסלענדער? די שיבער?
די קאַפּיטאַליסטן? סטינעסן? די פּויערים? (וואָס ווילן נישט פאַר-
קויפן קיין ברויט).

איך האָב אַ דייטשן פריינט, אַ הונגעריקער מאָלער, האָב
איך אים היינט נישט געוואָלט „פּומפּען" (באָרגן געלט), מיינט
ער, דעם ערשטן דאַרף מען הענגען מיך און מיינס גלייכן. מיר
פרעסן אויס דייטשלאַנד פאַר די דאָלאַרס, וואָס מיר קריגן.

דער פריזירער, וואָס האָט מיך היינט ראַזירט, האָט גע-
האַלטן אין איין טענהן: מען דאַרף זיי הענגען!

אַזוי ווייטער קאָן דאָס נישט גיין.

אַלע מוזן זיי געהאָנגען ווערן.

אַ פּריזירער, ווי באַוווּסט, האָט נישט קיין אייגענע פּאָלי־טישע איבערצייגונגען. ער טראַכט אַזוי ווי זיין קליענט טראַכט. אָבער ער האָט אומבאַדינגט גערעכנט אויף מיין סימפּאַטיע, אַז מען דאַרף הענגען.

לעבן מיר איז געזעסן אַ דייטש, אַן איינגעזייפטער. עס איז אים געווען אומבאַקוועם צו ריידן, דאָך האָט ער זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און געשריען, אַז מען דאַרף זיי אַלע אויפ־הענגען — די באַנק־דירעקטאָרן! זיי באַרעכענען 12 פּראָצענט צינזן פּאַר איין טאָג! אומדערהערט! אַלע ביז איינעם זאָל מען זיי אויפהענגען!

און עס פאַרשטייט זיך, אַז דערביי דאַרף מען הענגען — די גאַליציאַנער ייִדן, וואָס האַנדלען מיט דאָלאַרס (גאַליציאַנער איז געזאָגט געוואָרן מיר צוליב).

די באַאַמטע דאַרף מען הענגען. די פּאָליטיקער דאַרף מען הענגען.

אַ לודענדאָרף, אַ טראָצקי מוז מען האָבן — שרייט נישט איין דייטש, אַ שטאַרקע האַנט. זאָל ער זיין אַ רעכטער, זאָלן ער זיין אַ לינקער, אַלץ איינס.

נאָר פּאַר קיין זאַך זאָל ער זיך נישט אָפּשטעלן. הענגען זאָל ער זיי!

איך רייד דאָ וועגן דער שטימונג פון יענעם גרויסן עולם, וואָס איז פּאָליטיש נישט אָריענטירט, וואָס וואַקלט זיך און קאָן יעדן טאָג נאָכלויפן נאָך אַן אַנדערער עקסטרעמער פּאַרטיי. פאַרשטייט זיך, אַז הער היטלער אין בייערן ווייסט יאָ וועמע צו הענגען — די ייִדן און מאַרקסיסטן, און רעגעלע, דער קאָמו־ניסט ווייסט אויך וועמען...

און דער גרויסער עולם גאַרט ממש נאָך אַ תּליה.

פאָרט מען אין אויטאָבוס, וואָס איז פול געפּאַקט (דער עלעקטרישער טראַמוויי איז אַ לוקסוס, וואָס בערלין קאָן זיך איצט נישט דערלויבן). עס איז אַ נעפּלדיקער אינדערפרי. די דייטשן שווייגן; אַ גרימצאָרנדיק שווייגן. — שטאָלענע בליקן. — ביי יעדער סטאַציע קומען און גייען אַרויס מענטשן, און אין גרויסן געדראַנג היט מען פונדעסטוועגן אָפּ די אָרדנונג — אַלץ שטיל שווייגנדיק.

נאָר אָט האָט זיך דער אויטאָבוס אויף אַ סטאַציע פאַרהאַלטן עטלעכע איבעריקע אויגנבליקן. איינס, צוויי, דריי... דער קאָנדוקטאָר קלינגט נישט.

און עס האָט אויסגעבראָכן מיטאַמאָל — הענגען!

דער שווייגנדיקער עולם, וואָס איז ערשט געזעסן אַזוי גלייכגילטיק, איז געוואָרן ריידעוודיק, אָנגעצונדן. עס דוכט זיך, מען האָט אָפּגעלאָזט דעם דרוק פון אַ ספּרוזשינע און זי איז זיך צעפאָרן.

דונער און וועטער! וואָסער אָרדנונג! הענגען דאַרף מען זיי!

אַלע אויגן פלאַקערן-אויף. צוויי האָבן זיך אויפגעשטעלט.

נאָר אָט האָט דער קאָנדוקטער געגעבן דעם קלונג. דער אויטאָבוס זשוזשעט און רירט פון אָרט. ווידער איז אַלץ רויק און שווייגנדיק.

און די בליקן זיינען שטאָל.

נאָר דאָס וואָרט „הענגען" איז געבליבן הענגען אין דער לופט, און עס פאָרט מיט מיט אונדז אין אויטאָבוס.

---

## דער קורפירשטנדאם.

עטלעכע קילאָמעטער לאַנג ציט זיך דער קורפירשטנדאַם,
די הערלעכע גאַס, די צירונג פון מערב-בערלין.

נישטאָ די באַוועגונג, נישט די שפּיגלדיקע ריינקייט פון
אַמאָל, און דער ברוק גלאַנצט נישט ווי אַמאָל.

ער געהערט אויך צו דער משפּחה פון די באַזיגטע —
דער קורפירשטנדאַם (אַזוי איז די וועלט איצט איינגעטיילט
אויף צוויי משפּחות: זיגער און באַזיגטע). ער האָט אַ גראָ
אויסזען, אַזוי ווי די מענטשן.

אָבער די ביימער אין פרילינג האָבן הערלעך געבליט און
געצירט זיך אין גרינס, אַזוי ווי אין די גוטע יאָרן, און איצט,
אין הערבסט, טאַנצן גאַנצע מחנות געלע בלעטער אין מיטן דער
גאַס, פונקט אַזוי ווי אַמאָל (די ביימער זיינען נישט איינגעטיילט
געוואָרן אויף צוויי משפּחות).

און די זון וואַרעמט נאָך. אַ וואַרעמער הערבסט

שוין חדשים רעט מען מיט שרעק וועגן ווינטער. דאָס
אַלץ איז גאָרנישט. כּל-זמן די זון וואַרעמט, איז נאָך איבערצו-
טראָגן, אָבער מיטן אָנקומען פון ווינטער, ווען דער הונגעריקער
מענטש וועט אָנהייבן צו פרירן... נו, דעמאָלט!—

צום גליק האָט דער ווינטער זיך פאַרשפּעטיקט. אַ זעלטן
וואַרעמען הערבסט האָבן מיר.

דערווייל איז די גרויסע מוראַדיקע זאָרג אָפּגעלייגט גע-
וואָרן, אָפּגעשטופּט אויף אַ קורצע צייט.

וואָס מער טוט דייטשלאַנד, ווי עס שטופּט איבער די
טעג!

ווי אַזוי ביי די דייטשן איז ביז איצט נישט געבוירן

געוואָרן קיין ירמיהו, וואָס זאָל זיי זינגען דאָס ליד פון איכה — פאַרשטיי איך נישט.

און אפשר — נישט יעדעס פאָלק איז פעיק זיך אויסצו-לעבן אין טראַגיזם.

איכה! ווי אַזוי איז אַרונטערגעקומען דער קורפירשטנדאַם! בייטאָג האָט ער אַ וויסט פּנים, און זיינע נעכט זיינען טונקל געוואָרן.

אָבער ווי דער זייגער שלאָגט צוועלף ביינאַכט, ווערט ער משונה לעבעדיק. עס שיטן זיך פון די קאַפע-הייזער אַרויס כינעזער, יאַפּאַנער, בולגאַרן, רוסן, סערבן, טערקן, בראַזילער און קובאַנער, אַלערליי אומות און שפּראַכן, און דאָס קליינע אומהלע — דאָס אומעטומיקע, דאָס יידישע — אין דער מיט.

זאַטע, צופרידענע, שיין-געקליידעטע, אַ ביסל בגילופינדיקע.

און פול איז די גאַס פון פרויען — פון אַלע עקן דייטש-לאַנד אַהער געקומען.

דער ווינט האָט זיך דערמאָנט, אַז ס׳איז פאָרט הערבסט, און האָט גענומען בלאָזן קאַלטלעך, די בלעטער טאַנצן און רוישן, און פון אַלע זייטן רוקן זיך אָן טונקעלע סילועטן און רוימען אייך איין אַ סוד אין אויער:

נאַכט-לאָקאַל... נאַקעט-טענצער...

אַ גרויסער יריד.

ביי אַ ווינקל גאַס איז אַ רעדל, עפּעס אַ טערק שטייט צושלאָגן און צובלוטיקט. ער טענהט: זעקס חדשים האָט ער זי אויסגעהאַלטן און איצט איז זי געגאַנגען מיט אַן אַנדערן... ווו איז דער יושר?

ער האָט זי געוואָלט נעמען מיט געוואַלט, געטריי די מנהגים פון זיין לאַנד, (זי איז דאָך זיינע), האָט ער געקראָגן געבראָכן די ביינער, שיכור איז ער דערצו, זוכט ער אויף אַ שרעקלעך צעקאַליעטשעטן דייטש דעם יושר.

שטייט דערביי אַ יאַפּאַנער מיט אַ שמייכלדיק פּנים, אויך האַלב שכור, אָבער ער האַלט זיך ווי אַ דזשענטעלמען, און ער גיט אים צו פאַרשטיין, אַז מען דאַרף זיין העפליך קעגן אַ פרוי.
יעדער פון זיי צעקאַליעטשעט די דייטשע שפּראַך אויף אַ באַזונדערן שטייגער.
גייט דורך אַ דייטש, נויגט צו אַן אויער, אַ סך הערן וויל ער נישט, נאָר אַזוי ווי ער זעט, אַז דער טערק איז צע־שלאָגן, גיט ער אים אַ קלאַפּ פון זיין זייט.
דער שפּאַניער איז איצט שוין אינגאַנצן איבערגעגאַנגען אויף דער זייט פון טערק, ער בעמט אים אונטערן אָרעם.
אַ דאַמף פון אַלקאָהאָל שלאָגט פון די פרויען, וואָס שטייען אַרום.
דער קורפירשטנדאַם לעבט אַ האַלבע שעה, ביז דער זייגער שלאָגט האַלב איינס. וואָס הייסט אַלץ נישט „לעבן!"

---

## ג

## מען לויפט.

אין אַ טריבן אָסיענדיקן טאָג בין איך אויפגעשטאַנען און האָב מיר געזאָגט: גאָט איז מיין עדות, איך קאָן דאָס מער נישט פאַרטראָגן.
דייטשלאַנד איז געגליכן צו אַ מענטשן, וואָס אַ שטריק ליגט אים אַרום דעם האַלדז, און עמעצער שטייט און ציט. ער ציט היינט און וועט מאָרגן ציען, ער ציט אָן אויפהער. שטרעקט דאָס לאַנד אַרויס די צונג, ווערגט זיך, צאַפּלט, אָבער שטאַרבן טוט עס נישט — עס איז שלעכט און עס ווערט ערגער, און נאָך ערגער וועט זיין, אָבער קיין סוף זעט מען נישט.
די צייטונגען ברענגען יעדן איבערמאָרגן די בשורות פון

איוב. יעדן טאָג — אַ נייע צרה? וועט זיין אַן איבערקערעניש? אַ בירגער־קריג? וועט אויפפלאַקערן אַ בראַנד־פייער, און דאָס פאָלק וועט זיך אַליין אַ מעשה אָנטאָן?

עמעצער פון דרויסן שטייט און צינט דאָס פייער. דאָ און דאָרט גיט עס אַ פלאַקער אויף, ציגדן זיך אָן קוילן, אָבער קיין פייער ברעכט נישט אויס, דאָס מאַטעריאַל איז — ווי מען זאָגט אויף דייטש — צו ווידערשטאַנדפעיק. טליעט עס...

איך וויל נישט זיין קיין אָפּשאַצער און שופט פון פעל־קער, צי האָבן די דייטשן יאָ פאַרדינט, צי נישט אַזאַ מין תוכחה. אָבער מיין עגאָיזם האָט אָנגעהייבן צו ריידן. איך פון מיין זייט האָב דאָך קיין מלחמה נישט פאַרשפילט! פאַר־וואָס קומט דאָס מיר יעדן אינדערפרו די ביטערע פּאָרציע?

מען לעבט אין אַ לאַנד, און צי איר ווילט יאָ, צי איר ווילט נישט, — איר ווערט אַריינגעכאַפּט אין ראָד פון זיינע אינטערעסן.

האָב איך מיך איינמאָל אינדערפרי צעבונטעוועט.

איך בין נישט געווען איינער, מאַסנווייז לויפט מען איצט פון דייטשלאַנד. טייל האָבן מורא. די, וואָס האָבן געזען די רו־סישע איבערקערעניש, זעען בחוש, אַז עס איז ענלעך ווי צוויי טראָפּן וואַסער. עס פאַרפעלט ברויט, לאַנגע רייען ביי די קראָמען... אָט פונקט אַזוי... אַנדערע זאָגן: מען דאַרף נישט פאַרגלייכן: דייטשלאַנד איז נישט רוסלאַנד. הונדערט יאָר פאָלקס־שולע מאַכט עפּעס אויס, און אַ באַוואָפנטער המון קערט איצט נישט צוריק אין פעלד, אַזוי ווי ס׳איז געווען אין רוסלאַנד.

אָבער מיד, אומגעדולדיק איז יעדער, פונקט אַזוי ווי לופּי, האָט דער מענטש נויטיק דאָס געפיל פון זיכערקייט און סטאַביליטעט.

אין דייטשלאַנד וואַקלט זיך דער באָדן.

אין שאפהויזן זיינען מיר אַריבער די שווייצאַרישע גרע־
נעץ. איר קאָנט זען פון פענסטער פון וואַגאָן דעם רהיינישן
וואַסער־פאַל. די בערג ווייזן זיך שוין פון וויטן. קיינער האָט
דאָס נישט באַמערקט.

באַוואונדערט האָבן אַלע:

דאָס ווייסע ברויט.

דעם האַרטן צוקער.

דאָס קלינגענדיקע זילבער־געלט.

עפּעס גאָר ווי אַמאָל!

געהאַט האָט מען דאָס געפיל, אַז דאָס צאַפּלדיקע לאַנד
מיט דער אַרויסגעשטרעקטער צונג ליגט דאָרט, הינטער אונדז.

י

## אַ פאַרלוירן פּאָטערלאַנד.

עס איז אַ מעשׂה מיט אַ פאָטערלאַנד, וואָס איז פאַרלוירן געגאַנגען.

נישט קיין אויסגעטראַכט פאָטערלאַנד, נישט אַ פּראָדוקט פון אַ פאַנטאַזיע, נאָר רעאַל ווירקלעך פאָטערלאַנד, וואָס איז געווען אַמאָל און איז מער נישטאָ און וועט קיינמאָל מער נישט זיין מסתּמא.

עסטרייך הייסט דאָס פאָטערלאַנד. דאָס עסטרייך פון זיין קייזערלעך, קעניגלעך און אַפּאָסטאָלישער מאַיעסטעט, עסטרייך פון די האַבסבורגער.

עס איז אַ טעות, אויב מען זאָגט, אַז עסטרייך איז געווען בלויז אַ געמיש פון פעלקער, שפּראַכן און קולטורן און מער גאָרנישט. אויב אַזוי, וואָלט עס געהייסן, אַז אייגנטלעך איז גאָרנישט געשען און גאָרנישט פאַרלוירן געגאַנגען. עס זיינען געווען טשעכן, פּאָליאַקן, סלאָווענער, אונגאַרן, דייטשן א. אַז. וו. זיינען זיי אויך איצט דאָ; די פעלקער האָבן פון דער איבער-

קערעניש געווונען און זייערע קולטורן האָבן געווונען. דער אמת איז אָבער, אַז עסטרייך איז געווען מער, ווי אַ געמיש פון פעלקער. עסטרייך איז געווען אַ סטיל, אַ קולטור, אַ באַזונדערער נוסח עסטרייך. עס איז געווען אַ פּאַטערלאַנד עסטרייך, וואָס מען האָט ליב, מען באַזינגט עס און — מען שטאַרבט פאַר איר.

טראָץ די פאַרשיידענע שטאַמען און לשונות, האָט עסטרייך געהאַט איר כאַראַקטער, אירע מנהגים און טראַדיציעס. עסטרייך איז רעגירט געווען אויטאָקראַטיש, דער פּאַרלאַמענט האָט געהאַט אַ קנאַפּע באַדייטונג, און דאָך איז עסטרייך געווען איינס פון די פרייסטע לענדער פון דער וועלט. עסטרייך האָט געהאַט איר שניט און שטייגער אין דער וועלט-קולטור. און עס איז געווען אַן עסטרייכישע קונסט, און עס זיינען געווען עסטרייכישע קינסטלער.

דידאָזיקע קינסטלער זיינען איצט פאַריתומט געוואָרן. זיי האָבן פאַרלוירן דעם באָדן; די קייזערלעך-קעניגלעך-אַפּאָסטאָלישע אַטמאָספערע, אין וועלכער זיי האָבן געקאָנט געדייען, לעבן און שאַפן, איז צערונען און צעשוווּמען. דאָס געוויטער איז אַריבער, די וואָלקנס האָט דער ווינט צעטראָגן, נאָר דער רעגן-בויגן מיט זיינע זיבן פאַרבן וואַנדערט און זוכט ערגעץ אַן אָנהאַלט אויף דער וועלט.

**שניצלער** איז געווען איינער פון טיפּישסטע עסטרייכישע קינסטלער. ער האָט געשריבן דייטש, און איז געווען דער ליבלינג פון ווין, און אַ וועלט-באַרימטקייט דערצו. ער שטייט אָבער נישט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דייטשער קולטור און קונסט. ער איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. בשעת דייטשלאַנד פון נאָך דעם נצחון איבער פראַנקרייך, אין די 80-ער און 90-ער יאָרן, איז ווי באַטויבט און באַרוישט, און דאָס פּייסט-

קיסטלערישע שאַפן וואַרפט זיך ווי אין אַ פיבער צווישן צוויי עקסטרעמען, צווישן ביטשעס איבער-מענטש און שאָפּענהויערס נירוואַנאַ, ס'איז אַ שטרעבן, אַ זוכעניש, אַ געדראַנג צו עפּעס — זיצט דער ווינער קינסטלער, אַ ביסל מאַט, אָבער מיט אַ ליכ-טיקן בליק, מיט דעם ציגאַרעט אין מויל און דערציילט אייך פּיקאַנטע געשיכטעס פון אַ וועלט, וואָס האָט זיך איבערגעלעבט, וואָס איז אינערלעך ליידיק און פּוסט. און זוכט זיין רעטונג אין ווייבערישן רייץ און אַ ביסל קונסט-געניוס.

און בשעת וואַגנער שרייבט זיינע שטורם-און דראַנג-אָפּערעס, קלינגט דער ווינער וואַלצער אין אַ רייע אָפּערעטעס, וואָס זינגען, פאַרוויגן און פאַרהוידן דאָס לעבן.

עסטרייך איז מער נישטאָ. ס'איז געבליבן אַ קליינע רע-פּובליק אָן לוסט און פעיקייט צו לעבן, אָנגעוויזן אויף דעם גנאָד און רחמנות פון דער וועלט. ירושלים איז חרוב געוואָרן, און עס איז געווען אַ וועלט-טראַגעדיע, רוים איז אונטערגעגאַנ-גען, און עס איז געווען אַ וועלט-ווענד-פּונקט. וואָס באַדייט דער אונטערגאַנג פון עסטרייך? אַז בבל איז צעשטערט געוואָרן, האָט נאָר דער יידישער נביא געשענקט איר עטלעכע ווערטער פאַר אַ מצבה אין דער היסטאָריע. דעם חורבן פון מאָדערנעם בבל, פון דעם עסטרייכישן פאָטערלאַנד, באַווייגען און באַקלאָגן אַמ-מייסטן די קינסטלער פון יידישער אָפּשטאַמונג.

ווהין זאָלן זיי זיך קערן און ווענדן?

שניצלער פילט זיך ווי אַ צעבראָכענער מענטש. ער איז צו־אַלט אויף צו גיין איצט זוכן אַ ניי „פאָטערלאַנד”, אַ נייעם באָדן און איינלעבן זיך אין אַ נייער אַטמאָספערע. בער האָפ-מאַן האָט די לעצטע צייט אָנגעשריבן זיין יידישע פּאָעמע „יעקבס חלום”, און איצט קאָנט איר אים זען אין די קולוארן פון „שיצנהויז”, אויפן 12-טן קאָנגרעס אין קאַרלסבאַד.

ליאָ ראָזען, די באַרימטע שוישפּילערין פֿון בורג-טעאַטער, דאָס קליינע מיידל מיט דער גרויסער שטימע, איז אויך דאָ אין קאַרלסבאַד. יאָרן-לאַנג איז זי געווען אַ קליינע קלייגאָד אין דער קינסטלער-משפּחה פֿון בורג-טעאַטער. איינער פֿון די עסטרייכישע מאַגנאַטן, דאַכט זיך, גרויספֿירשט אָטאָ איז געווען זיין נאָמען, האָט דאָס יידישע מיידל געהערט אַמאָל דעקלאַמירן אויף אַ פּריוואַט-אָוונט און איז אַזוי אַנטציקט געווען פֿון איר טעמפּעראַמענט און שטימע, אַז מיט איינמאָל איז זי געוואָרן אַ קינסטלערישע באַרימטקייט פֿון ערשטן ווינער טעאַטער, און יאָרן נאָכאַנאַנד איז זי געווען די איינציקע פֿאָרשטעלערין פֿון הויפּט-מאַנס „האַנעלע". די האַבסבורגער האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין קונסט-לעבן פֿון דער רעזידענץ-שטאָט, און עס פֿאַרשטייט זיך, אַז ליאָ ראָזען איז געווען איינע פֿון די ערשטע שטערן אין ווין. איצט האָט זי דעקלאַמירט אין קאַרלסבאַד אויף אַ אָוונט. דער איינדרוק איז אָבער געווען אַ קלענער, איינמאָל, ווייל די מייסטע דעלעגאַטן און געסט קענען נישט דעם נאָמען, צווייטנס, איז מען צופֿיל באַשעפֿטיקט, די זיצונגען מאַטערן אויס די דעלעגאַטן, געסט און קאָרעספּאָנדענטן, אַז זיי זיינען גליקלעך אַרויסצוכאַפּן זיך אַ ביסל אויף פֿרישע לופֿט און אפֿשר דערבײַ אַ שלוק „וואַסער" צו נעמען.

דער האַבסבורגער הימל איז איינגעפֿאַלן, און אַ מאַסע שטערן זיינען צעשפּרונגען און צעפֿלויגן געוואָרן איבער דער וועלט. מלוכה-מענער, ביוראָקראַטן, אינזשענערן א. אַז. וו., וואָס האָבן געדינט דער גרויסער וועלט-מלוכה, האָבן צוריקגעקערט יעדער צו זיין שטאַם און צו זיין לאַנד. מען האָט זיי פֿאַרגעסן און פֿאַרגעבן זייער אַמאָליקע טרײַשאַפֿט צו די האַבסבורגער אונטערדריקער. און זיי האָבן געפֿונען יעדער זיין פּלאַץ אין די נייע קליינע לענדער, וואָס זיינען אויפֿגעבויט גע-

וואָרן אויף די חורבות פון עסטרייך. די דייטשן זיינען געגאַנגען צו די דייטשן, די פּאָליאַקן קיין פּוילן, די טשעכן אין דער טשעכאָ-סלאָוואַקאַי. די יידישע שטערן פון האַבסבורגער הימל פילן זיך שרעקלעך פאַרלאָזן, שרעקלעך פאַריתומט, גיט מען אַ שמעק קיין קאַרלסבאַד, ווי האַלט עס דאָרט מיט דער יידישער מלוכה...

איך בין מסופק, צי דער קאָנגרעס וועט זיי צופרידנשטעלן. ער האָט זיינע אייגענע ערנסטע דאגות און זיינע אייגענע היי-מישע קינסטלער. נאָך דער ערשטער התלהבות פאַר ביאַליקן איז דער אינטערעס אפילו פאַר אים אָפּגעקילט געוואָרן. די פּאָליטיקער האָבן קיין צייט נישט און קיין געדולט פאַר די גרויסע ליטעראַרישע פלענער פון ביאַליק. קלענערע העברעישע ליטעראַרישע שטערן ווערן כּלל נישט באַמערקט, ווו זאָל מען נעמען צייט און געדולט פאַר נייע, אָנגעקומענע!

עס איז אַ שטילע, אָבער אַ טיפע טראַגעדיע פון מענטשן, וואָס האָבן פאַרלוירן זייער פאָטערלאַנד און גייען עס זוכן אויף דער וועלט.

## א

# י. ל. פּרץ.

(אַ ליטעראַרישער דור)

איך האָב געקאָנט פּרצן אַן ערך 18 יאָר, די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן און די פּרוכטבאַרסטע אין זיין ליטעראַרישער טעטיקייט. די דאָזיקע יאָרן באַדייטן אויך אַ תּקופה אין דער יידישער ליטעראַטור, אַ גאַנצער ליטעראַרישער דור. פּרץ איז דער פירער פון דער תּקופה, ריכטיקער וועט זיין צו זאָגן: דער מיטל-פּונקט פון דער תּקופה, אַ צענטער פון השפּעות. אַלץ שפּיגלט זיך ביי אים אָפּ און שטראַלט צוריק, אַזוי ווי פון אַ ברען-גלאָז. ער איז נישט קיין גרינדער פון אַ ליטעראַרישער שולע, ווייל ער איז ביז צום לעצטן טאָג פון זיין לעבן געווען אַ זוכער און אַ שטרעבער, ער האָט שטענדיק איבערגעשפּרונגען פון סטיל צו סטיל. דער ליטעראַרישער דור אָבער, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום אים, זיינע תּלמידים, זיינען נישט געגאַנגען אין זיינע דרכים. כּמעט יעדער פון זיי האָט זיין אויסגעטראָטענעם וועג, זיין געביט און זיין סטיל. פּרץ איז געווען —

איך האָב דאָס שוין ערגעץ־אַנדערש־ווו געזאָגט — אַ פֿאָטער פֿון אַ ליטעראַרישער משפּחה. דער לעבעדיקער אינטערעס צו דער ליטעראַטור, דער דראַנג צו שאַפֿן, די טיפֿע ליבשאַפֿט צו אַלץ, וואָס איז שיין און דערהויבן, די דאָזיקע ליבשאַפֿט, וואָס האָט דאָמינירט איבער אַלע ליידנשאַפֿטן פֿון זיין שטורמישער נאַטור, — דאָס האָט, קודם־כּל, געמוזט ווירקן מאַגנעטיש אויף אַלץ, וואָס איז דעמאָלט געווען לעבעדיק און שעפֿעריש אין אונדזער וועלט. די דאָזיקע 18 יאָר באַדייטן אויך פּרצס וווקס, די צייטיקסטע ווערק האָט ער דעמאָלט געשריבן, זיין שפּעטער זומער איז עס געווען, ווען ער האָט זינגענדיק געשניטן, וואָס ער האָט אַמאָל געזייעט מיט אַ לייכטזיניקער האַנט, כּמעט אָן ערנסט און אָן האָפֿנונג — די יאָרן פֿון זיין וואַקסנדיקן רום.

וועגן די דאָזיקע יאָרן וויל איך שרייבן. אָבער איך מוז פֿריער אויסריידן מיטן לעזער, ער זאָל נישט דערוואַרטן פֿון מיר קיין זכרונות. איך האָב כּמעט גאָרנישט נאָטירט פֿון זיין לעבן, און אויף מיין זכּרון קאָן מען זיך קנאַפּ פֿאַרלאָזן, סיידן, ווען דאָס דערמאָנטע באַדייט פֿאַר מיר אַן איינדרוק, אַ דורכגעלעבטע זאַך. דערמיט אַליין איז שוין געזאָגט, אַז די דאָזיקע שורות מוזן, צי איך זאָל יאָ וועלן, צי נישט, טראָגן אַ ביסל אַ סובּיעקטיווע פֿאַרב. אין מיין זכּרון איז לעבעדיק, ווי אַזוי פּרץ האָט געווירקט אויף זיין סביבה, ווי אַזוי די סביבה האָט אויף אים געווירקט, די פֿאַרשיידענע ליטעראַרישע השפּעות, וואָס ער האָט אויפֿגענומען אין זיך; יענע גייסטיקע פֿעדערן, וואָס האָבן דעמאָלט געטריבן די ווייזערס פֿון דער צייט. פּרץ איז דאָך געווען אַזוי עמפּפֿינדלעך אויף יעדן מינדסטן ריר אין דער אַטמאָספֿערע פֿון דער צייט!

אַ בינטל איינדרוקן, דערלעבענישן, פֿאַרקניפּטע מיט פּרצן און זיין טעטיקייט — אָט וואָס דער לעזער האָט צו דערוואַרטן.

## א

## פרץ אין מיין פאַנטאַזיע.

אלול איז אַ חודש פון זאָרג, פון ערנסטע געדאַנקען און אַ שווערן געמיט פאַר אַ יונגנמאַן אין אַ קליין שטעטל, וואָס שטעקט נאָך קערפערלעך און גייסטיק אין דער וועלט פון דער רעליגיע. יענער אלול פאַלט אויס גראָד אין דער צייט פון דעם גרויסן רעליגיעזן ברוך, ווען עס דוכט זיך, די ערד וואַקלט זיך אונטער די פיס און דער הימל פאַלט־איין איבערן קאָפּ. ס'איז געשען ביי מיר אַזוי מיטאַמאָל, מיט אַזאַ דעצידירטקייט. אינדערפרי האָבן איבער מיר נאָך געהאָנגען זיבן הימלען, איך האָב זיך געאַמפּערט, געשטאַרקט, געקלאַמערט זיך מיט די לעצטע כוחות אָן מיין רעליגיעזער וועלט־אָנשויונג. פאַרנאַכט איז שוין געווען נאָך אַלץ. איך האָב איינגעזען, אַז אומזיסט איז יעדע מי צו דערהאַלטן דעם בנין, וואָס איז שוין אַזוי איך געשטאַנען אויף שטרויענע פיס. איך האָב פאַרצווייפלט, און דער בנין איז איינגעפאַלן, ווי אַ קופּע דורכגעפוילטע בעל־קעס. מיין „איך" איז געבליבן באַגראָבן אונטער די חורבות.

דאָס איז יענע קאַטאַסטראָפע פון מענטשן, וואָס זיינען דערצויגן אין אַ טיפער אמתער רעליגיעזיטעט, פון וועלכער זעלטן איינער קומט־אַרויס גאַנץ, אָן קענטיקע שפּורן אויף זיי גאַנצן לעבן. שווער און פאַמעלעך גייט־צו די היילונג, און וואָס טיפער די רעליגיעזיטעט, אַלץ דערשיטערנדיקער די קאַטאַסטראָפע.

איך האָב מיך געוואָרפן, אַ דורשטיקער, אויף די „ביכלעך", אויף דער העברעישער ליטעראַטור פון יענער צייט. אָבער אַנשטאָט צו ברענגען עפּעס אַן אָנהאַלט, אָנשטאָט אויסצופילן די מוראדיקע פוסטקייט, וואָס האָט זיך באַזעצט אין מיר, האָבן די

„ביכלעך" מיך נאָר דערצערנט און אָפּגעשטויסן פון זיך. מיר האָט אויסגעזען, אַז דאָס האָבן געשריבן לייכטזיניקע מענטשן. אַ יונגערמאַן האָט ליב געהאַט אַ מיידל, דאָס מיידל האָט אים יאָ ליב געהאַט, צי נישט, אַ רב האָט געאסרט אַן עגונה צוליב אַ קוצו של יוד... וועגן אַלץ אויף דער וועלט רעט מען דאָ, אָבער נישט וועגן עיקר, וועגן דער עצם־פראַגע: וואָס טוט מען אויף דער וועלט, וואָס איז אַזוי פּוסט און אַזוי וויסט? וואָסער זין האָט דאָס לעבן, וואָס איז באַגרעניצט מיט 70 יאָר און ענדיקט זיך מיט טויט און פאַרניכטונג?

איך האָב מיך געפילט נידערגעשלאָגן, אונטער דעם דרוק פון אַ קרענקלעכער מרה־שחורה, גייסטיק און פיזיש געבראָכן.

די ערשטע נאַכט פון סליחות, אַ קילקייט האָט זיך שוין געפילט אין דער לופט, בין איך געלעגן אין דער בודע פון אַ סאָד, וואָס מיינער אַ באַקאַנטער, אַ משכיל, האָט געהאַלטן. ער האָט מיר געוויזן אַ נײַ ביכל, וואָס ער האָט אויסגעשריבן פון וואַרשע. „העוגב" האָט עס געהייסן. דאָס ביכל האָט גע־האַט דעם פּאָטרעט פון מחבר, י. ל. פּרץ, אַ יונגער מענטש מיט אַ ראַזירט פּנים, דיקע וואָנסן און אומגעהויער קלוגע אויגן. ער איז געווען ווינטערדיק אָנגעטאָן, דער פוטערנער קאָלנער האָט דערויף עדות געזאָגט. איך האָב גענומען בלעטערן דאָס ביכל מיט אַפּאַטיע, זייענדיק פריער איבערצייגט, אַז איך וועל דערין גאָרנישט געפינען, אַזוי ווי איך האָב נישט געפונען אין אַלע איבעריקע ביכלעך, נאָר אומפאַרשטענדלעך פאַר מיר אַליין, נישט אַנענדיק ווי אַזוי דאָס איז געשען, האָט מיך דאָס ביכל אַזוי באַוועלטיקט, אַז מיין באַקאַנטער האָט נישט געקאָנט פאַר־שטיין, וואָס מיט מיר פּאַסירט. איך האָב די שירים געלייענט, איבערגעלייענט, און נישט גערנווייליק האָב איך זיי גענומען אויסזינגען. ביי „הגידי לי, תמורה" האָב איך געהאַט פולע אויגן מיט טרערן.

אַז מיין באַקאַנטער האָט מיך געפרעגט, איך זאָל אים דערקלערן, וואָס שטייט דאָ אַזוינס,וואָז האָט מיך אַזוי צערו־דערט, אַז מיין נידערגעשלאָגענע אַפּאַטיע איז איבערגעגאַנגען אין עפּעס אַ מאָדנעם עקסטאַז, בין איך נישט געווען אימשטאַנד אים דאָס צו דערקלערן. איך האָב אַליין קוים געהאַט עפּעס אַ באַגריף וועגן דעם, וואָס אייגנטלעך באַדייט דאָס וואָרט „פּאָ־עזיע”, צי „שיינקייט”.

עפּעס איז וואַכנדיק געוואָרן אין מיר אין יענער נאַכט. דער ערשטער שטאַרקער איינדרוק פון פּאָעזיע איז דאָס געווען, און ער האָט געשטאַמט פון דעם מענטש אין פוטערל, דער אומבאַקאַנטער און דאָך אַזוי נאָנטער.

אַז איך האָב דערנאָך אויפגעהויבן די אויגן צום אויסגע־שטערנטן טונקעלן הימל, האָט ער מיך מער נישט געשראָקן מיט זיין ווייסטער, פוסטער אומענדלעכקייט...

און פון דעמאָלט־אָן, ווען די מרה־שחורה האָט מיך צוגע־דריקט, האָט זיך אין מיין פאַנטאַזיע אויסגעריסעוועט אַ ווינטער־דיקע שנייאיקע לאַנדשאַפט, אַן איין שטאָקיק הויז מיט אַ שמאָל גערטענדל פאַר די פענסטער און ביימער מיט צוגעפרוירענעם טוי, אַ יונגערמאַן אין אַ פוטערל שפּאַצירט־אַרויס...

מיין חלום איז דאָס געווען.

ווי אַזוי וועט אָט דער יונגערמאַן מיט די קלוגע אויגן ענט־פערן אויף מיין גרויסער פראַגע, — דערפון האָב איך נישט גע־קלערט. אָבער זיכער בין איך געווען, אַז דער ענטפער מוז קומען פון דאַנען, אַז דאָס זינגענדיקע קליינע ביכל מוז עפּעס האָבן אַ שייכות צו דער גרויסער רעטעניש פון דער וועלט.

דאָס איז דער ערשטער איינדרוק פון פּרצן. דער ערש־טער איינדרוק איז, זאָגט מען, דער, וואָס דעצידירט און וואָס דויערט אַמלענגסטו. איך מיין, ער איז כאַראַקטעריסטיש פאַר

דער צוגעבונדנקייט פון אַ גאַנצן ליטעראַרישן דור צו דעם ליטעראַרישן רבין.

אויסערלעך האָט עס זיך ביי יעדן פאַרשיידן אויסגעדריקט, אַנדערש איז עס דורכגעלעבט געוואָרן. אינערלעך איז עס געווען די זעלבע באַציונג פון גלויבן און צוטרויען, וואָס מען שענקט דעם פאָרטגעשריטענעם אין גייסט.

## ב.

## נאָך די „בלעטלעך".

פרץ איז אין זיין לעבן געשטאַנען אונטער אַלערליי השפעות. ער האָט געהאַט אַ קנאַפּע צוגעבונדנקייט צו אידעען — ער איז געווען אַן אמתער פרייער פייגל, אַ דאָן זשואַן אין דער וועלט פון אידעען: ער האָט געלעבט מיט דער לעצטער און שענסטער אידעע, וואָס האָט באַוועלטיקט זיין האַרץ. אין דער טיפעניש פון זיין וועלט-אַנשויונג איז עס געלעגן, וואָס ער האָט זיי טראַקטירט אַזוי ווי שיינע פרויען, און האָט זיי געשטעלט די פאָדערונג, וואָס מען פאָדערט פון אַ פרוי, דהיינו, זי זאָל זיין רייצנד, שיין שטראַלנדיק און אַמיזאַנט, און — זי זאָל נישט פאָדערן קיין חופּה מיט אַ כתובה און אַ פאַרבינדעניש אויף אייביק. אויף דעם דאָזיקן געביט פון אַלערליי פּאָליטישע, מאָראַלישע און עסטעטישע אני-מאמינס, איז ער אָן שום ספק געווען דער גרעסטער אָנהענגער פון „פרייער ליבע".

מיט איין תּנאי: אַז דאָס זאָל נישט זיין גלאַט אַזוי אַ תּאווהלע, נאָר טאַקע אַ ליבע, וואָס פאַרכאַפּט, פאַרכשופט און פאַרבלענדט, וואָס מאַכט די אויגן גלאַנצן, און רירעוודיקער דאָס בלוט אין די אָדערן.

איך האָב געטראָפן פרצן אין אַ צייט, ווען ער איז גע-

זוען באַרוישט פֿון סאָציאַליסטישע אידעען, אמת, נישט גענוג קלאָרע און דורכגעטראַכטע. עס איז געווען באַלד נאָך די „יום-טוב-בלעטלעך“, אין אָנהויב פֿון דער אַרבעטער-באַוועגונג אויף דער יידישער גאַס. אַרום פּרצן האָבן זיך דעמאָלט גרופּירט עטלעכע יונגע סאָציאַליסטן. צו זיי האָט געהערט אויך דוד פּינסקי, וואָס האָט אין די „בלעטלעך“ פֿאַרטרעטן שוין אַ „שטאַנדפּונקט“ אַ סאָציאַליסטישן. דער „בונד“ האָט זיך דעמאָלט נאָך נישט געהאַט אָרגאַניזירט. פֿון די איבעריקע יונגעלייט זיינען געווען אָנהענגער און מיטגלידער פֿון דער פּ. פּ. ס. און אויב איך האָב קיין טעות נישט, פֿון „פּראָלעטאַריאַט“, די ערשטע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אין פּוילן. פּינסקין האָב איך שוין נישט געטראָפֿן אין וואַרשע, עטלעכע פֿון יענער גרופּע, וואָס האָט מיטגעהאָלפֿן ביים אַרויסגעבן און פֿאַרשפּרייטן די „בלעטלעך“, האָבן זיך יאָ נאָך געהאַלטן נאָענט צו פּרצן די דאָזיקע נאָענטקייט האָט געבראַכט פּרצס אַרעסט, פֿאַר אַ פֿאָרלעזונג צום גונסטן פֿאַר שטרייקנדיקע אַרבעטער. דער אַרעסט האָט געדויערט דריי חדשים.

פֿון דער „אידישער ביבליאָטעק“ ביז צו די „יום-טוב-בלעטלעך“ איז אַ היפּשער שריט פֿאָרויס. אין דער ערשטער שטייט פּרץ נאָענט צו אַ קרייז פּויליש-יידישער דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ. פּראָפֿ. דיקשטיין, ד״ר גאָלדפֿלאַם און דער פֿאַר-שטאָרבענער גראָסגליק, דער סעקרעטאַר פֿון דער יידישער גמינע האָבן די אונטערנעמונג געשטיצט, דער לעצטער האָט, דוכט זיך, מיטגעאַרבעט. די הקדמה צו דער „אידישער ביב-ליאָטעק“, כאָטש אין ליטעראַרישן זין גלענצנד אויפֿגעשריבן, קאָן נאָר לויט דער פֿאָרם גילטן אַלס אַ ניי וואָרט; אין אונדזער פּובליציסטיק קאָן זי בלי-ספק דינען פֿאַר אַ קלאַסישן מוסטער, אָבער אין תוך אַריין, לויט דעם אינהאַלט נאָך, געהער זי צו

דער משכּילישער ריכטונג. דער לאָזונג איז „בילדונג", דער „זשאַרגאָן" איז אַ מיטל. אמת, נישט ווילנדיק ווערט דאָס מיטל דאָרט אַזוי געצערטלט און עס פילט זיך דערצו אַזאַ צוגעבונדנ־קייט, אַז ס'פּאַסט גאָרנישט צו דער אָפיציעלער באַקענטענ... איך האָב געהערט, אַז די דאָזיקע אָפיציעלע שורות זיינען די־רעקט געשריבן געוואָרן אונטער דעם איינפלוס און פאַרלאַנג פון פראָפ. דיקשטיין. אויף יעדן פאַל אָבער האָט זיך פּרץ אין דער „ביבליאָטעק" נישט אָפּגעטיילט פון קרייז וואַרשעווער משכּילים צו יענער צייט. מיט עטלעכע יאָר פריער איז ער איינער פון די טעטיקסטע מיטאַרבעטער ביי דער דורכפירונג פון דער יידישער סטאַטיסטיק דורך דעם געשמדטן מיליאָנער בלאָך, וואָס האָט זיך געשטעלט דאָס ציל אויפצודעקן די יידישע אָרעמקייט פאַר דער רעגירונג. די „רייזע-בילדער" זיינען די ליטעראַרישע ירושה פון יענער אונטערנעמונג, און — דער איינ־ציקער פּאָזיטיווער רעזולטאַט, וואָס האָט מער ווערט פון דער גאַנצער סטאַטיסטיק, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט גאָרנישט, אָן וויסנשאַפטלעכן און אָן פּראַקטישן רעזולטאַט.

אין די „בלעטלעך" פאַרשווינדט דער אַלטער משכּילישער טאָן אינגאַנצן. דאָס איז נישט קיין אויסנווייניקסטע ענדערונג, אַ צופּאַסונג צו די אומשטענדן. פּרץ רייסט אינעווייניק איבער מיט די אידעען פון די וואַרשעווער משכּילים. ער ווערט אי־נערלעך פאַרפרעמדט פון דעם דור שרייבער, צווישן וועלכע ער לעבט. ער שטייט אין דער שאַרפסטער אָפּאָזיציע צו דער גאַנ־צער העברעישער פּרעסע און ליטעראַטור פון יענער צייט.

אין דער צייט, ווען איך האָב אים געטראָפן, איז נישט געווען קיין שרייבער, קיין שום ליטעראַרישע דערשיינונג, אחד העם, צי י. ל. גאָרדאָן, וואָס פּרץ זאָל האָבן דערפאַר מער ווי עטלעכע קורצע ווערטער פון פולשטענדיקן ביטול. דעם ערשטן

איינדרוק, וואָס איך האָב געהאַט פון אים, איז געווען ווי פון אַ מענטשן, וואָס לייקנט אין אַלץ און אין אַלעמען. דאָס, פאַרשטייט זיך, איז געווען זייער צוגעפּאַסט צו מיין דאַמאָלטיקער שטימונג, און האָט מיר שטאַרק אימפּאָנירט. ווען איך בין געוואָרן נייגיריק צו וויסן אויך די פּאָזיטיווע זייט, וואָס ליגט נאָך דעם „גאָרנישט”, האָב איך געהאַט ווייניק גליק.

איך בין געקומען קיין וואַרשע מיט דער הילף פון אַ קרייז וואַרשעווער סטודענטן-סאָציאַליסטן. די ערשטע סאָציאַליסטישע אַקאַדעמישע קרייזלעך פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט האָבן זיך פאַרנומען מיט אויפקלערונג-אַרבעט. זיי האָבן אַגיטירט פעיקע יונגעלייט פון דער פּראָווינץ און האָבן זיי צוגעגרייט אין אוניווערסיטעט אַריין. איך האָב דעם סטודענט, וואָס האָט איינגעאָרדנט מיין קומען קיין וואַרשע, געזאָגט, אַז איך שרייב, און האָב אים געבעטן, ער זאָל מיינע „שירים” ווייזן איינעם י. ל. פּרץ און אים געזאָגט דעם אַדרעס. ער האָט דאָס געטאָן נישט גערנוויליק. ער האָט דעם נאָמען פּרץ נישט געהערט. אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער מיר געבראַכט די ידיעה, אַז פּרצן האָבן די „שירים” זייער געפעלן און אַז ער בעט מיך אַרויפצוקומען. דער סטודענט האָט קוים געהאַט אַן אָנונג, וואָס די בשורה באַדייט פאַר מיר: די פּערספּעקטיוו צו זען פּרצן, צו קאָנען מיט אים לענגער ריידן איז געווען דער צוועק פון מיין רייזע, די אוניווערסיטעט מיט דער אויפקלערונג— אַן אויסרייד, אפשר אַ נעבן-זאַך.

איך בין געווען לאַנג געקליידט, נאָר איך האָב זיך נישט זשעניִרט. וואָס טייטש? ער וועט זיך רעכענען מיט אַזוינע ריין-אויסנווייניקסטע זאַכן? ער האָט מיךווירקלעך אויפגענומען גאָר, גאָר פריינטלעך, האַרציק. גערעט האָט מען רוסיש, וואָס איך האָב אינדערהיים באַוויזן צו לערנען אַ ביסל פון אַ מעטאָדע.

— די שירים טויגן צו גאָרנישט. זיי זיינען נישט צייטיק, כאָטש אין זיי איז פאַראַן פיל טאַלענט

און ער האָט גענומען אָנווייזן באַזונדערע שטעלן, האָט געלויבט און געטאַדלט. אין פאַרלויף פון געשפּרעך האָט ער שוין געהאַט אָפּגעפּאַרטיקט אַלע גדולים פון יענער צייט. איך האָב ביי אים אויסגענומען דערמיט, וואָס קיין גרויסע אָפּאָזיציע פון מיין זייט צו זיין אומבאַרמהאַרציקער קריטיק, צו זיינע שאַרפע אַרונטעררייסנדיקע אויסדרוקן, האָט ער נישט געטראָפן. נאָר ביי עפּעס אַ האַרב וואָרט קעגן אחד-העמען האָב איך רעאַגירט. עס האָט מיר שוין אויסגעזען צו שאַרף קעגן דעם שרייבער, צו וועלכן איך האָב געהאַט אַ גרויסע מאָס אַכטונג, וואָס האָט ביי מיר פיגורירט באַזונדער, נישט צווישן די „לייכטזיניקע, וואָס פּלאַפּלען און ריידן גלאַט"...

פרץ האָט נישט גענדאַרפט מער, ווי אַן אָנרעגונג, ער איז אַריין אין אַזאַרט. ער האָט גענומען וואַרפן מיט בליצן פון סאַרקאַזם נישט נאָר קעגן אחד-העמען, נאָר קעגן אַלץ און אַלע: קעגן דעם גאַנצן גייסטיקן פאַרמעגן פון יענער צייט, מיט ציוניזם, חיבת-ציון און „השכלה" צוזאַמען: אַ באַרג אַש איז געבליבן.

איך האָב די חורבות נישט געהאַט וואָס צו באַוויינען, ווייל קיין היים און קיין נעסט האָב איך דאָ נישט געהאַט אויפגעבויט נאָך דער גרויסער „שרפה" פון דער רעליגיעזער וועלט.

אינמיטן דעם געשפּרעך האָט זיך פרץ פּלוצלונג געווענדט צו מיר:

— וואַרפט אַוועק די העברעישע שירים, שרייבט אויף יידיש, וועט איר ברענגען נוצן דער וועלט.

— און וואָס וועט זיין, אַז איך וועל ברענגען נוצן? — האָב איך געפרעגט.

פרץ האָט מיך אָנגעקוקט עפּעס גאָר מיט אַן אַנדער־אַרט בליק. דער שפּראָדלדיקער פאַרביקער טאָן פון זיין גע־שפּרעך האָט זיך געענדערט:

— אַז איר וועט ברענגען נוצן, וועט איר זיין מאָראַליש צופרידן.

— און אַז מען איז מאָראַליש צופרידן, איז וואָס? מען קאָן לעבן און שטאַרבן און נישט זיין מאָראַליש צופרידן.

ער האָט מער קיין שמייכל אויף זיינע ליפּן נישט געהאַט פאַר מיר. אין קאַלטע ווערטער האָט ער מיר געענטפערט:

— דאָס מוז מען פילן.

איך האָב מער נישט געפרעגט. דער גלאַנץ פון זיינע אויגן און דער שמייכל פון זיינע ליפּן, וואָס זיינען פאַרשווונדן, האָבן מיך אין אַ רגע געמאַכט געדענקען דעם מהלך צווישן מיר, אַ לאַנג געקליידעטן יונגנמאַן פון דער פּראָווינץ, און... י. ל. פּרץ.

דינעזאָן איז אַריינגעקומען, און עס איז ווידער געוואָרן היימלעך.

## ג.

## מאָדערניזם.

איך האָב שוין געזאָגט, אַז פּרץ איז פריער פאַר אַלעם אַ צענטער פון השפּעות, אַ ברען־גלאָז פאַר די גייסטיקע שטראַלן פון דער עפּאָכע. פון אָט דער זייט ווילן מיר איצט אים זען. ערשט דערנאָך, ווען מיר וועלן זיך קלאָר מאַכן די אַלע השפּעות, וועלן מיר קאָנען אַרויסגעפינען, וועלכע פון זיי זיינען

געווען באַשטענדיקע, טיפע, וועלכע — צופעליקע און דורכגייענ־דיקע; וועלכע פון זיי ער האָט אַסימילירט אין זיך און זיי האָבן באַפרוכטעט זיין פערזענלעכקייט און זיין שאַפן, וועלכע פון זיי האָבן זיך נאָר אָפּגעשלאָגן צוריק, ווי פון אַ שפּיגל.

און אָט וועט זיין אינטערעסאַנט צו באַקענען זיך מיטן גייסט פון יענער צייט, ביי וועלכער מיר האַלטן, מיט דער ליטעראַרישער ריכטונג, וואָס איז געווען אין דער מאָדע און האָט באַהערשט די גייסטער.

ניטשע איז געווען דער פּראָטעסט קעגן דעם מאַטעריאַליזם פון פריערדיקן דור, קעגן דעם וווּלגאַרן דעמאָקראַטיזם, קעגן דעם פאַרלאַנג אונטערצוואַרפן דעם מענטש אונטער דער גע־זעלשאַפט און דער סביבה. דער אינדיווידואַליזם האָט באַקומען זיין גרעסטן נביא.

די דאָזיקע גרויסע פאַליע פון אינדיווידואַליזם איז גע־בראָכן געוואָרן אין פאַרשיידענע קליינע פאַליעס. איינע פון זיי האָט געהייסן מאָדערניזם. די פאָרשטייער זיינען געווען פּשיבי־שעווסקי און סטרינדבערג. שפּורן פון אים איז צו באַמערקן ביי מאַפּאַסאַנען און אפילו ביי טשעכאָוון. עדגאַר פּאָ, דער אַל־טער גייסט פון דעם יונגן אַמעריקע, האָט געלעבט און געשריבן פריער, אָבער, ווי באַוווּסט, איז ער געשטאָרבן פאַרלאָזט, עלנט און נישט־באַוווּסט אויסער די גרעניצן פון זיין פאָטערלאַנד. ערשט אין יענער צייט ווערט ער „אַנטדעקט”, געערט און געלייענט.

דער דאָזיקער מאָדערניזם איז אַזוי וויט געווען פון דער־סטיכיע, וואָס פון איר האָט ער געשטאַמט, און דאָך איז ער געווען אַ לייבלעך קינד פון איר. ניטשע האָט גערופן צו גלויבן אין זיך, צו קראַפט און צו הערלעכקייט. דער מאָדערניזם פון די דעמאָלטיקע שרייבער האָט געריסן און צעפליקט די פערזענ־

לעבקייט, איז געווען דורכגעזאַפּט מיטן טיפסטן פּעסימיזם, מיט אַן עקל צום לעבן. עס איז אינטערעסאַנט דאָ צו נאָטירן אַ מערקווירדיקייט, אויף וועלכער איך האָב מיך אין יענער צייט אָפּגעשטעלט. שאָפּענהויער, דער פּעסימיסט, באַרויקט דאָס געמיט; ניטשע, דער אָפּטימיסט, נאָך אַ קורצער שכּרות, וואָס מען פילט, ווירקט דריקנדיק. נאָך שאָפּענהויערן ווערט מען קליגער, זעענדיקער, רויקער; נאָך ניטשען — אומרויקער, דורשטיקער, פּאַרציטערט און צעבראָכן. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ רעאַקציע, וואָס קומט־פאָר אין גייסט. דער מאָדערניזם איז דער אויסדרוק פון דער רעאַקציע.

פּאַרשטייט זיך, אַז אויך פּרצן האָט די פּאַליע נישט געמיטן. ער איז אַרונטערגעפאַלן אונטער איר השפּעה, ווי יעדער דעמאָלט. אָבער דערין צייכנט זיך אויס פאַר אונדז דער מהות פון פּרצן, זיין אינערלעך וועזן, וואָס ער טרייסלט זיך אָפּ פון איר ביי דער ערשטער מעגלעכקייט.

איך האָב אים באָאָבאַכטעט צו יענער צייט, און איך געדענק, ווי ער האָט זיך געראַנגלט מיט דער מאָדערניסטישער ווירקונג, ווי איינער, וואָס ראַנגלט זיך מיט פינסטערע גייסטער און וויסטע, פרעמדע כּוחות. אין דער טיפעניש פון זיין נשמה האָט ער נישט געקאָנט סובל זיין דעם הייך פון טויט און צעלעגונג, וואָס האָט זיך געטראָגן פון יענער ריכטונג. ער איז אינערלעך געווען פרעמד און ווייט דערפון, אָבער דאָס איז דעמאָלט געווען דאָס לעצטע וואָרט, דאָס מאָדערנע און דאָס בייסטע, און ווי אַזוי האָט ער זיך געקאָנט אָפּזאָגן דערפון?...

ווייל פון אַלעם אין דער וועלט האָט פּרץ געקאָנט ליידן און טראַכטן, אַלצדינג מענטשלעכע איז אים נישט געווען פרעמד, אויסער — דער טויט. ער האָט אים אינגאַנצן נישט גורם געווען, פאַרטריבן אים פון באַוווסטזיין. ער איז לאַנגע

יאָרן געווען אין דער וואַרשעווער יידישער גמינע דער באַאַמ-
טער, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט מתים, און איך בין
מסופק, צי ער האָט אין זיין לעבן געזען אַמאָל אַ מת.

ער איז כמעט קיינמאָל נישט נאָכגעגאַנגען נאָך קיין לויה,
אויסגעמיטן דאָס בעט פון אַ שווער-קראַנקן און נישט גערעט
פון אַ טויטן. איך ווייס פון פאַלן, ווען נאָענטסטע און ליבסטע
זיינען אים אָפּגעשטאָרבן אין די בליענדיקסטע יאָרן און האָבן
מיטגעטראָגן מיט זיך אין קבר אַריין זיין טיפסטע האַרציקסטע
ליבשאַפט, און ער האָט עקשנותדיק אויסגעמיטן וועגן זיי צו
דערמאָנען. ער האָט פיינט געהאַט דעם טויט און האָט פיינט
געהאַט די געבויגענע עלטער, וואָס שמעקט מיט קברים-בלימלעך.
פשוט פיינט געהאַט אין דערווייטערט פון זיך אַלץ, וואָס האָט
אַ שייכות צו די דאָזיקע מיאוסע ענינים.

אָבער די פאַליע איז געווען צו שטאַרק. זי האָט צוגע-
נומען פון אַלע זייטן. דער דור איז פול געווען מיט איר.
פרצן האָט זי אַ יאָר, צי צוויי געהעמט אין זיין שאַפן. דאָס
איז געווען די צייט פון נאָך זיין אַרעסט ביז צום דערשיינען
פון „יוד״ און „הדור״.

אין פרצס טיפענישן איז געלעגן דאָס זינגענדיקע און
שטראַלנדיקע, וואָס האָט געדאַרפט גאָר אַן אַנדערע אַטמאָספערע.
ער האָט, אַזוי ווי זיין רבי אין „דער גאָלדענער קייט״, בשום
אופן נישט געוואָלט אַריינלאָזן דעם וואָכנטאָג צו זיך אין דער
נשמה. ביי דער ערשטער געלעגנהייט האָט ער זיך טאַקע אָפּ-
געטרייסלט דערפון.

עפּעס אַ ברונעטער יונגערמאַן, געקומען פון ליטע, וואָס
האָט גערעט רוסיש, ווי אַן אמתער רוס, האָט זיך דעמאָלט גע-
דרייט אַרום פרצן און האָט זיך יעדן שבת געפונען, צוזאַמען
מיט אַלע, אין זיין וווינונג אויף ציגלאַניאַ-גאַס. דער דאָזיקער

יונגערמאַן האָט מיטגעבראַכט מיט זיך דאָס ערשטע ביכל נאָוועלן פון מאַקסים גאָרקי. איך האָב נאָך אין מיין לעבן נישט געזען אַ גרעסערע אַנטציקונג, אַ גרעסערן גייסטיקן נחת, ווי דעם, וואָס פּרץ האָט געהאַט פון דעם ביכל. די אויגן האָבן אים געשיינט, בשעת ער האָט גערעט דערפון. די אַנטציקונג און ליבשאַפט האָט זיך אַזש איבערגעטראָגן אויף דעם יונגנמאַן, וואָס האָט זיך, איבריקנס, מיט קיין שום זאַך נישט אויסגעצייכנט.

מאַקסים גאָרקיס נאָוועלן זיינען דעמאָלט פון דער גאַנצער אינטעליגענץ אויפגעכאַפּט געוואָרן אַלס אַ צוריקגאַנג צו אַ געזונטן קרעפטיקן אָפּטימיזם, אַלס אַ רוף צום לעבן. פּרץ האָט אָפּטמאָל ליב געהאַט צו וואַרפן אַ טראָציק סאַרקאַסטיש וואָרט קעגן דער רוסישער ליטעראַטור, אַזוי זיך אַלס צום „רוסישן באַרבאַריזם". ער האָט דאָך געלעבט אין אַ פּויליש־יידישער אַטמאָספערע. אָבער דאָס קליינע ביכל איז געקומען אַזוי צו דער צייט, האָט ווי באַפרייט אים פון אַ שווערן קאָשמאַר.

ד״ר עליאַשעוו (דער קריטיקער בעל־מחשבות) האָט זיך דעמאָלט אויך געפונען אַרום פּרצן. ער איז געקומען פון בערלין מער באַאיינפלוסט פון דעם מאָדערניזם, אַליין פערזעגלעך, לויט זיין שטימונג און סטיל, שטאַרק מאָדערניזירט, דערצו נאָך אַן אַנאַליטישער גייסט בטבע, ער איז געווען אין דעם קרייזל די לעבעדיקע פאַרקערפערונג פון דעם מאָדערניזם, וואָס האָט פּרצן אי צוגעצויגן אי געשראָקן מיט דעם אומהיימלעכן און פרעמדן, וואָס ער האָט דערין געפילט.

מיט גאָרקיס נאָוועלן האָט ער זיך גערייצט, ער האָט געטראָצט מיט זיי, ווי אַ פּראָטעסט, וואָס איז באַפרייט געוואָרן פון זיינע קייטן.

איך דערמאָן מיך אַן אינצידענט מיט ד״ר עליאַשעוון און, דוכט זיך, מיט מיר אַליין אויך, ווען ער האָט אונדז צו־

געוואָרפן קאַלטע האַרבע ווערטער. ווער האָט דעמאָלט געקאָנט פאַרשטיין, פון וואַנען זיי שטאַמען, פון וואַנען עס נעמט זיך דער קאַפּריז פון דיכטער?

איצט, ווען איך זע דאָס פון דער פּערספּעקטיוו פון אַ צוויי צענדליק יאָרן, איז עס אַזוי קלאָר און פאַרשטענדלעך. פּרץ איז אַ יאָר צוויי געשטאַנען אונטער דעם צייכן פון עפּעס אַ שווער געמיט, פון אַ דריקנדיקער וועלט-אַנשויונג, וואָס איז אים געווען ווילד-פרעמד, וואָס ער האָט נישט געקאָנט אויפנעמען און אַסימילירן אין זיך. ער האָט עס נישט געקאָנט אַוועקשאַרן מיט דעם אַלטן ברייטן בטול פון משכּיליש-אפּיקורסישן סטיל, ער האָט עס אָבער אויך אינערלעך נישט געקאָנט פאַרטראָגן. גאָרקי איז געווען זיין טריומף, זיין נצחון. און פּונקט אַזוי ווי ער האָט פּלוצלונג ליב באַקומען דעם יונגנמאַן מיט די שוואַרצע האָר און אויגן און געהאַלטן אים פאַר דעם לעצטן מוסטער פון בילדונג און אינטעליגענץ, אַזוי האָט ער איבערגעטראָגן די פרעמדקייט צום מאָדערניזם אויך אויף פּערזאָנען.

אַזוי פירן זיך קינדער, אַזוי פירן זיך פרויען און אַזוי פירן זיך דיכטער.

## ד.

## פּרץ מעשהלע און חסידיזם.

פּרץ פלעגט ליב האָבן צו דערציילן אַ מעשהלע, דוכט זיך, פון טויזנט און איין נאַכט גענומען, אָבער ער פלעגט עס באַפּוצן און באַרייכערן מיט אייגענע פאַרבן און בילדער, און שטענדיק, ווען ער האָט עס דערציילט, איז געווען אַ סימן, אַז ער איז אין אַ געהויבענער שטימונג.

אַ פאַרכשופטער בן-מלך וווינט אין אַ שלאָס פול מיט אַלע

אוצרות און פראכט פון גאַר דער וועלט, אָבער מרה-שחורהדיק איז ער און פאַרבענקט צו עפּעס אַנדערש, וואָס ער אַליין ווייסט נישט וואָס דאָס איז. אַ קליינע צוים טיילט באַר אָפּ דעם בן-מלך פון אַ וווּנדער שיינעם פּאַרק, ווו עס וואַקסן די שענסטע פּאַלמען, די שטאַרקסטע צעדערן צוזאַמען, די הערלעכסטע רויזן און שניי-ווייסע ליליען. אָבער אַן אָנזאָג האָט דער בן-מלך אַ האַרבן און אַ פעסטן, ער זאָל נישט איבערטרעטן די צוים, ווייל ער וועט שלעכט ענדיקן. היט מען דעם בן-מלך פון אַלע זייטן, מען היט אים בייטאָג און מען באַוואַכט אים ביינאַכט, עס זאָל, חלילה, נישט געשען דאָס אומגליק. אָבער די בענקשאַפט איז שטאַרק, און דער בן-מלך קען זי נישט גובר זיין. איינמאָל, פאַרטאָג, די וועכטערס האָבן איינגעדרימלט, גנבעט ער זיך אַרויס פון שלאָס און לאָזט זיך גיין אין פאַרק אַריין.

און די וווּנדער און די שיינקייטן פון דער וועלט עפענען זיך פאַר זיינע אויגן. די שענסטע בלומען, די הערלעכסטע חיהלעך, אַלץ איז אַזוי פאַרביק, אַזוי מילד, אַזוי ליבלעך, אַלץ ליבט און לאַכט און רופט צו זיך; יעדע בלום וויל געפליקט זיין פון זיינע הענט, יעדעס חיהלע בעט זיך שטום: נעם מיך, גלעט מיין ווייכע סאַמעטענע פעל. גייט ער צו און פליקט אָפּ די ערשטע בלום, אָבער ווי נאָר ער עפנט די האַנט, זעט ער, אַז ער האָט גאָר אַ שטיק קלעפיקע בלאָטע, און ער וואַרפט עס מיט עקל אַוועק. ער פרווּווט לאָקן צו זיך אַ חיהלע, און ווי נאָר עס געפינט זיך אין זיינע הענט, ווערט דערפון אַ שטיק מיאוסקייט, אַן עקלהאַפט קליין קריכנדיק באַשעפענישל. ער גייט ווייטער, ווידער ווינקט צו אים אַ בלום, לאַשטשעט זיך אַ חיהלע, ער האָט שוין מורא צו פליקן די בלום, צו גלעטן דאָס חיהלע, אָבער זיין האַרץ גייט אויס פון בענקשאַפט. ער פליקט די בלום, און ווידער האָט ער בלאָטע אין האַנט, ער רירט זיך צו

צום חיהלע, ווידער האָט ער אָנגערירט אַ שרץ. און אָט גייט ער ווידער אַוועק, זיין צוריקגעהאַלטנקייט ווערט גרעסער, ער איז שוין פיל מאָל אָנגעלערנט, אָבער די בענקשאַפט ווערט נאָך שטאַרקער, און אַזוי צאַפּלט זיין נשמה צווישן באַגער, מורא און עקל. פּלוצלונג דוכט זיך אים, אַ שווערקייט איז באַפאַלן זיינע יונגע פיס... דעמאָלט קומט אַרויס אַ קאַרליק פון אַ הייל טראָגט אים צו צום פּנים אַ שפּיגעלע, און ער דערזעט דאָרט— אַן אַלטן, געבראָכענעם, גרייז-גראָען מענטשן. דאָס איז ער אַליין.

אין דעם דאָזיקן ראַנגלען זיך מיט באַגער, בענקשאַפט און עקל איז זיין לעבן דורכגעגאַנגען.

פּרץ פלעגט דאָס מעשהלע דערציילן אַלס לעצטן ענט-פער אויף אַלע מעגלעכע קשיות, אַלס דאָס וואָרט פון דער לעצטער קלוגשאַפט. און שטענדיק איז עס געווען דעמאָלט, ווען ער איז געווען אין ברען, ווען די אויגן האָבן ביי אים אי געבליצט אי געשמייכלט. איך האָב עס פיל, פיל מאָל פון אים געהערט, און שטענדיק האָב איך דערביי געהאַט דעם איינ-דרוק, אַז ער לייענט זיין אני-מאמין.

דאָס געפליקטע, דערגרייכטע, געפּילטע איז בלאַטע, עקל, שיין און רייצנדיק איז נאָר די בענקשאַפט.

זיין אייגענע שוואַכקייט, וואָס ער פלעגט זיך אַזוי אָפט איבערוואַרפן פון סטיל צו סטיל, נישט געהאַט אַן אייגענעם אויסגעטראָטענעם וועג, אַזוי ווי מענדעלי, אַזוי ווי שלום-עליכם, וואָס האָבן נאָך יאָרן פון זוכן, ענדלעך, דאָך געפונען זייער אייגענעם נוסח — די דאָזיקע שוואַכקייט פלעגט ער מיט דעם מעשהלע פאַרענטפערן. אין דעם דאָזיקן מעשהלע איז שוין געלעגן די אַפּיקורסות צו אַלערליי אַרטן פון גלויבנס און פּראָ-גראַמען. אַלץ איז אילוזאָריש, האָט אַ ווערט, ווי לאַנג מען רירט זיך נישט צו דערצו, אַלץ איינס, צי דאָס איז אַ געליבטע,

וואָס איז איינמאָל געקוּשט געוואָרן, אַן אידעע, וואָס האָט אַמאָל באַגייסטערט, אַ פאָרם, וואָס איז איינמאָל אויסגענוּצט געוואָרן.

אָבער דאָס מעשהלע איז דערציילט געוואָרן נאָר, ווען פּרץ האָט זיך געפילט געהויבן און שטאַרק, ווען עפּעס אין לעבן איז אים געלונגען, באַזונדערס נאָך אַ געלוּנגענער זאַך, וואָס איז אַרויס פון זיין פעדער, ווען ער האָט געוואונען די אינעווייניקסטע זיכערקייט. אָבער באַהאַלטן פון אַלע און פון אייגענעם באַוווּסטזיין, אין די טיפענישן פון זיין נשמה האָט דאָך געלעבט דער דראַנג צו געפינען זיך אַליין, די נישט-צופרידנ-קייט פון דער צעריסנקייט. ווער עס האָט געקאָנט אַרויסלייענען דעם סוד פון עפּעס אַן אומעט, אַ נישט-היימלעכן, וואָס האָט אַזוי אָפט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיינע אויגן, דער האָט דאָס געקאָנט פאַרשטיין. און ווי האָט עס דען געקאָנט אַנדערש זיין! דאָסזעלבע געזעץ, וואָס טרייבט דעם עפּלבוים „ליב צו האָבן" נאָר עפּל און צו פרוכפּערן נאָר עפּל, דאָסזעלבע גע-זעץ טרייבט דעם קינסטלער צו געפינען זיין איך, זיין פּערזענ-לעכקייט, זיין סטיל. טראַצדעם, וואָס פּרץ פלעגט אַזוי אָפט אויסלאַכן דאָס גיין אויף אַן אויסגעטראָטענעם וועג, טראָצדעם, וואָס ער פלעגט עס באַפאַלן מיטן ביטערסטן סאַרקאַזם אַלס איינזייטיקייט, ענגהאַרציקייט, האָט ער דאָך, אַליין דאָס נישט צו וויסן, געזוכט זיין אייגענע איינזייטיקייט, געבענקט דערנאָך, גע-שטרעבט דערצו.

עס איז אָבער באַשערט געווען אַזוי, אַז זיין איך, זיין קינסטלערישע אינדיווידואַליטעט, האָבן אַנדערע געפונען אין אים, איידער ער האָט עס אַליין באַמערקט. דער העכסטער אויסדרוק פון זיין אייגנאַרטיקן סטיל, פון זיין אָריגינאַליטעט אַנטפּלעקט זיך אין צוויי קורצע באָוועלן: איינע געשריבן אָריגינעל אויף העברעיש אונטערן טיטל „משנת חסידים" (אין

„החץ״), די צווייטע „מקובלים״, געשריבן אָריגינעל ייִדיש און געדרוקט אין די „יום-טוב-בלעטלעך״. ווי עכטע קונסט-ווערק פון ערשטן גראַד, איז אַלץ דאָרט אַזוי ניי אַזש ביז פרעמדקייט, די פאָרם און דער אינהאַלט, די מענטשן און די באַציונג צו זיי. און ווי אַלץ, וואָס איז ניי-געשאַפן, וואָס פאַרקניפּט זיך כלל נישט מיט דעם שאַבלאָן און געוויינהייט, זיינען די נאָוועלן פון קיינעם נישט באַזונדער באַמערקט געוואָרן, אפילו נישט פון דיכטער אַליין. וועלכע פרצס זאַכן האָבן מיר, זיינע פאַרערער, אין פרצס הויז נישט אַרומגערעדט? פון „מאָניש״ ביז צום לעצטן פעליעטאָן אין די בלעטלעך קעגן די חובבי ציון. פון די „מקובלים״ און „משנת חסידים״ געדענק איך נישט, אַז מען זאָל די ערשטע יאָרן האָבן גערעט. פרץ אַליין האָט די זאַכן קיינ-מאָל נישט דערמאָנט.

די באַוואָרטונג פון די זאַכן קומט צוליב אַן איינפלוס פון אויסן. ווידער האָט אַ ווינטל געבלאָזן פון אויסלאַנד.

אַ קרייזל ייִדישע סטודענטן אין בערלין, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען מיכה יוסף בערדיטשעווסקי, האָבן זיך אָנגענומען מיט די ניטשעאַנישע און מאָדערניסטישע אידעען פון יענער צייט. אַלס אינדיווידואַליסטן האָבן זיי זיך שטאַרק אונטערגעשיידט פון יענעם טייל ייִדישער יוגנט, וואָס זיינען געווען באַהערשט פון דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע. בער-דיטשעווסקי, אַ טיפּזיניקער און אָריגינעלער קאָפּ, איז געווען דער פירער פון דער גרופּע. ער האָט געמאַכט די ערשטע פּראָבע איבערצוטראָגן די נייע אידעען אויף דער ייִדישער גאַס, בעסער געזאָגט, אויף דער ייִדישער געדאַנקען-וועלט. ער האָט דערקלערט מלחמה אחד-העמען מיט זיין טרוקענעם ראַציאָנאַליזם אין מיט דעם רוחניות און מוסר, וואָס זאָלן זיין דער אינהאַלט פון ייִדישן גייסט. מיט דעמזעלבן וועג איז ער געקומען צו

זיין אַ מליץ־יושר אויף די חסידים מיט זייער אינדיווידואַליזם און פאַרטיפונג פון איך, אַלס אַ קעגנזאַץ צום טרוקענעם תלמודיזם. די דאָזיקע גרופּע האָט אויף אייגענע קאָסטן אַרויסגעגעבן בערדיטשעווסקיס העברעישע בראָשורן „שנוי ערכין" און די איבעריקע, אויף וועלכע קיין פאַרלאַג און קיין צייטשריפט איז נישט געווען קיין בעלן.

צו וואָס בערדיטשעווסקי איז געקומען אויפן וועג פון רענקען, דאָס איז פּרצן, ווי אַ נבואה, שוין לאַנג אַנטפּלעקט געוואָרן. בערדיטשעווסקיס קאַמף־אויסרוף, זיין הייסע אַפּאָלאָגיע פון חסידיזם האָט דערגרייכט קיין וואַרשע. אין פּרצעס ליטעראַריש קרייזל איז מען אויפמערקזאַם געוואָרן אויף בערדיטשעווסקין, און בינו־לבינו האָט מען אַנטדעקט דעם אוצר, וואָס איז אייגנטלעך שוין לאַנג געלעגן אָפן: אַן אמתע חסידישע דיכטונג, פאַרטיק און גרייט צום געניסן.

דאָס האָט אויך געהאַט אַ ווירקונג אויף פּרצן, וואָס ער האָט דערנאָך גענומען מיט מער אויסגעהאַלטנקייט, מיט דעם פולן באַוווסטזיין, אַזוי צו זאָגן, „מחשבה תחילה" צו באַאַרבעטן דאָס געביט פון חסידות.

צי די שאַפונגען מיטן פולן באַוווסטזיין האָבן איבערגעשטיגן יענע ערשטע, וואָס זיינען ווי בליצן אַרויס פון זיין נאָך פאַרנעפּלטער נשמה — דאָס איז שוין אַן אַנדער פראַגע.

פּרצן הויבט אָבער אָן אויף יעדן פאַל צו ציען צום אייגענעם וועג, צו זיין סטיל און צו זיין שורש.

ה.

## פ אָ ל ק ס - ל י ד ע ר.

די ערשטע זאַמלונג פון פאָלקס־לידער האָבן פאַרגענומען

מיט אַ וויסנשאַפטלעכן צוועק מאַרעק און גינזבורג אין פעטער-בורג. נאָך נאָך איידער דאָס בוך איז אַרויס, פלעגן שוין פאָלקס-לידער געזונגען ווערן ביי פּרצן אין שטוב יעדן שבת. צווישן דעם קרייזל, וואָס פלעגט זיך דאָ פאַרזאַמלען, איז געווען הי כהן, אַ זייגער-מאַכער לויט זיין פּראָפעסיע, וואָס איז געווען אמת פאַרליבט אין די לידער. ער האָט זיי געשעפּט פון די ערשטע קוואַלן, אין די וואַרשעווער „קנייפּעס", אין אַלע ער-טער, וווּ יונגען און מיידן פלעגן זיך צוזאַמענקומען צו טאַנצן און צו זינגען. דער הי כהן איז דער בעסטער קענער פון די יידישע פאָלקס-לידער. אין זיין זאַמלונג, וואָס איז דערשינען אין ניו-יאָרק, איז, לויט מיין מיינונג, דאָס שענסטע און בעסטע אויף דעם געביט. אָן וויסנשאַפטלעכע פּרעטענזיעס, אָבער מיט זייער פיל געשמאַק און פאַרשטענדעניש און מיט גענוג פאַך-קענטעניש, וואָס ער האָט זיך מיט מי און פלייס דערוואָרבן, איז ער צוגעגאַנגען צו זיין אויפגאַבע. ער איז געווען שטענדיק אימשטאַנד איבערצוגעבן די באַזונדערע רייצן פון יעדן לידל, די פיינסטע ניואַנסן פון די האַרציקע איינפאַכע מעלאָדיעס.

אויף פּרצן און אויף זיין קרייז האָבן די לידלעך גע-ווירקט, ווי אַ נבואה, ווי אַן אַנטפּלעקונג. מיר האָבן אַלע גע-האַט דעם איינדרוק, אַז אַ פרישער קוואַל, אַ לעבעדיקער און אַ שפּראָדלדיקער, האָט זיך געעפנט. נישט נאָר, וואָס די לידלעך האָבן אַנטציקט מיט זייער נישט-געקינסטלטער פּאָעזיע, מיט זייער אינעווייניקסטער וואָרקייט, מיט זייער טיפער האַרציקייט, זיי האָבן נאָך געוועקט און גערופן צו אַ וועלט, וואָס איז געווען אינגאַנצן אומבאַקאַנט דעם יידישן אינטעליגענט, סיי דעם אַלטן, אין זע-פאָרם פון אַ בן-תורה, סיי דעם נייעם, אין דער פאָרם פון משכיל און געבילדעטן. אָט לעבט אַ פאָלק און זינגט! זינגט פון ליבע, פון בענקשאַפט, פון פרייד און צער! אַ פאָלק, וואָס

ווייסט גאָרנישט צו זאָגן פון די אַלע קרומענישן און ווייענישן און האָר-שפּאַלטענישן פון אונדזער טראַדיציאָנעלער און מאָדערנער אינטעליגענץ! די ווייטערע רעוואָלוציע פון געדאַנקען און אָנשווינגען, וואָס די אַנטפּלעקונג האָט אַרויסגערופן, קאָן זיך דער לעזער אַליין אויסמאָלן, און ער וועט זיך דערמאָנען, ווי ווייט ביי אונדז איז פאַרשפּרייט געווען (און צי נאָר געווען?) די איבערצייגונג, אַז יידן זיינען פון איין זייט אַן „עם סגולה", אַן אויסדערוויילט פאָלק, וואָס איז לויטער גייסט, און פון דער אַנדערער זייט איז עס פאַרקרימט, אָן אַ חוש פאַר נאַטור, פאַר איינפאַכקייט, פאַר ליבע, שיינקייט און פּאָעזיע.

דאָס איז אַ ליגן! — האָט זיך אַן אינעווייניקסטער פּראָטעסט געריסן אַנטקעגן דער אָנגענומענער מיינונג. דאָס איז אַ יי ע ר קרומקייט, א יי ע ר נישט-נאַטירלעכקייט, אייערע — די בני תורהס און אינטעליגענטנס — וואָס איר טראָגט-איבער אויפן פאָלק. דאָס פאָלק באַשטייט פון נאַטירלעכע געזונטע מענטשן. איר האָט פאַר דעם פאָלק גערעדט, און דעריבער איז עס אַרויסגעקומען אַזאַ פאַרזעעניש. דאָס פאָלק איז שטום געווען. לאָזט עס נאָר קומען צום וואָרט, לאָזט עס ריידן פאַר זיך אַליין, און איר וועט דערהערן נישט די שטים פון פרינץ און נישט די שטים פון הונט (אין היינעס באַקאַנטן געדיכט), נאָר פון אַ מענטש!...

דערווייל אָבער האָבן די לידער געווירקט ריין-עסטעטיש. אַ האַלבע צייט פון די שבתדיקע צוזאַמענקומענישן ביי פּרצן האָט מען פאַרברענגט אין זינגען די פאָלקס-לידער, אין אַ מאָדנער געהויבענער שטימונג. אָרגיעס פון פּאָעטישער אַנטציקונג זיינען דאָס געווען, פון יענע איבערלעבענישן, אין וועלכער דער גייסט ווערט פאַרמירט אַזוי ווי מעטאַל אין אַ פלאַם. אויך פּרצן האָבן די איבערלעבענישן געבראַכט נאָענטער צו זיין

איך און צו זיין שורש. די פרוכטן פון די איבערלעבענישן זיינען צייטיק געוואָרן ערשט שפּעטער — אין די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן", הוּ דער איבערקלוגער, געשפּיצטער פּרץ, דער זוכער פון נייע וועגן, דער אָנהענגער פון אַ פאַרוויקלטן סטיל מיט אָנצוהערענישן, איז צוריקגעקומען צום פּשוטן און האַרציקן און דאָך — אַזוי אינדיווידועלן, אַזוי כאַראַקטעריסטישן פאַר פּרצן.

דער סוד פון אַן אייגענעם סטיל (וואָס פּרץ האָט דער־גרייכט אין די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן") ליגט שטענדיק בײַם קינסטלער אין דעם פּראָצעס, וואָס פאַררייניקט אין אים די פאַר־שיידענע עלעמענטן פון זיין גייסט, די, מיט וועלכע ער איז געקומען אויף דער וועלט, און די, וואָס זיינען אַ פּראָדוקט פון זיין לעבן און אומגעבונג. דאָס איז אַ פּראָצעס פון אָרגאַנישן אַ בעראַרבעטן די פאַרשיידענע עלעמענטן אויף אַ נייעם שטאָף, וואָס איז אָריגינעל, ווייל דעם קינסטלערס נשמה איז זיין לאַ־באָראַטאָריע, און וואָס איז אינדיווידועל, ווייל ער איז איין־איינציק אין דער וועלט פון דערשיינונגען.

פון דער צייט, וואָס די פאָלקס-לידער האָבן געהאַט אַזאַ אַנטשיידנדיקע ווירקונג אויף פּרצן, ביז צו די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן", ליגט אַ שטיק צייט, היפּשע עטלעכע יאָר. די צייט איז פול מיט פאַרשיידענע פאַרזוכן, וואָס פּרץ האָט געמאַכט אויף דעם געביט פון דער דראַמע, מיט איינפלוסן פון וויספּיאַנ־סקין, און אַנדערע פּראָבן, וואָס האָבן זיך מער אָדער ווייניקער איינגעגעבן.

איך היפּער איבער די צייט טיילווייז, ווייל איך האָב זי נישט מיטגעלעבט, זייענדיק אָפּט ווייט פון וואַרשע, טיילווייז, ווייל איך רעכן נישט, אז זיי שפּילן אַ וויכטיקע ראָליע אין פּרצס אינעווייניקסטן וווקס.

אין די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" זיינען פאַרייניקט די

צוויי הויפט-מאָמענטן פון פרצס שאַפן: דער חסידישער ברען, וואָס איז אין אים געווען פון דער נאַטור, און דער צוריקגאַנג צום פאָלק, דער דראַנג צו הארציקייט און נישט-געקינסטלטקייט, וואָס איז רעאַליזירט געוואָרן ערשט נאָך לאַנגן זוכן און בלאָנדזשען אויף אייגענע און פרעמדע וועגן און שטעגן.

ווען אַש האָט זיך באַוויזן, דערנאָך ווייסנבערג, די אמתע פאַרטרעטער פון דער פאָלקס-נשמה, וואָס מיט זייער מויל רעט דאָס פאָלק אַליין, האָבן אַלע געפילט, ווי די בשורה, וואָס די פאָלקס-לידער האָבן אָנגעזאָגט, ווערט מקוים. דאָס פאָלק איז געוואָרן ריידעוודיק און מינדיק.

דעמאָלט איז געקומען אויף די צייט, וואָס דער, וואָס האָט מיט זיך געטראָגן דאָס שענסטע און פראַקטיקסטע פון לאַנגע דורות תּלמיד-חכמישער גייסטיקייט, דעם קווינט-עסענץ פון אַ דור-השכּלה, האָט אויף דערקוקט זיין גייסט מיט דעם פרישן וואַסער פון אַ ניי-אַנטדעקטן קוואַל, האָט זיך אַליין גע-פונען און זיין שענסט ליד געזונגען.

ב

## מיכה־יוסף בערדיטשעווסקי.

מיכה יוסף בערדיטשעווסקי איז פיל מער ווי אַ שרייבער. ער איז אַ קולטור־היסטאָרישע פיגור, אַ „רינג" (אויב נישט די לעצטע), אין דער גאָלדענער קייט, וואָס ציט זיך פון די פּאַרצייטיקע נאָך אַלטע גאונים און גדולים, איבער קראָכמאַל און אחד־העם, ביז צו אים.

אויב ער האָט נישט באַוויזן צו באַשאַפן אַרום זיך אַזאַ אַטמאָספערע, אַזאַ פּעריפעריע, ווי די לעצטע צוויי, רעכן איך, אַז דאָס שטאַמט פון זיינע מעלות, נישט פון זיינע חסרונות. ער איז געווען צו פילזייטיק אויף צו האָדעווען תלמידים. ער איז געווען אַ קינסטלער, פאַר וועמען דער קורצסטער וועג איז נישט די גראַדע ליניע, אַ קינסטלער, וואָס בלייבט ביי זיין גרעסטער פשטות נישט דורכזיכטיק (אַ ראיה: טאָלסטאָי). עפּעס בלייבט ביי זיי אַלע שטענדיק העגגען, נישט דערזאָגט, צי נישט דערטראַכט. תלמידים אָבער זוכן דעם קורצסטן וועג אין דער גראַדער ליניע, אין דורכזיכטיקייט.

בערדיטשעווסקיס טאַלענט אַלס קינסטלער האָט זיך ערשט אין דער לעצטער צייט אַנטפּלעקט אין זיין גאַנצער קראַפט. אַלס בעלעטריסט לעבט ער איבער אַ צווייטע יוגנט. אַ זאַך, וואָס טרעפט אַזוי זעלטן. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 56 יאָר, און ערשט גאָר אין דער לעצטער צייט, זייענדיק שוין איבער 50, האָט ער אָנגעשריבן זיינע באַדייטנדסטע בעלעט־ריסטישע ווערק „בסתר רעם" און „מרים" (ביידע אין די זאַמל־ביכער „התקופה"), וווּ עס שפּרודלט נאָך מיט פרישער, צאַפּל־דיקער יוגנטלעכער אינטויציע. די מאָלערישע קראַפט איז נאָך שטאַרקער דאָ, ווי אין זיינע פריערדיקע קורצע נאָוועלן. ס'איז אַ זאַפטיקער זשאַנר, פול מיט הומאָר און לעבעדיקייט. די גע־שעענישן — אַזוי ווי ערשט נעכטן פּאַסירט, די מענטשן, הימל און ערד, פעלדער און וועלדער און וואַסערן — אַזוי ווי ערשט נעכטן געזען. עס איז אַ בלאַנקעניש אין פרישקייט אין די לעצטע שאַפונגען זיינע.

און וואָס אָנבאַלאַנגט דעם סטיל, האָט ער אים דאָ דער־פירט צו אַזאַ אויסגעהאַלטנקייט, וואָס איז ביי יעדן קינסטלער די צירונג און דער שטאָלץ פון די עלטערע יאָרן. נישטאָ קיין שפּראַך, וווּ אַזוי פיל סטילן זיינען מעגלעך, ווי די העברעישע שפּראַך מיט אירע קולטור־אוצרות פון טויזנטער יאָרן. איר שעפט פון טויזנטער ברונעמס צוזאַמען: פון שיר השירים, איוב, ר' יהודא הנשיא ביז צו די לעצטע חסידישע ספרים, און דערביי איז אויך מעגלעך די סטיללאָזיקייט, אַן ערב־רב פון פאַרשיידענע וועלטן. בערדיטשעווסקיס סטיל, וואָס האָט אין זיינע ערשטע אַרבעטן געהאַט אַ ביסל דעם ביי־גע־שמאַק פון עפּעס נישט־פאַרטיקעס און נישט צייטיקעס (טראָצ־דעם, וואָס ער איז געווען אַזוי פערזענלעך, און אַזוי פאַרקניפּט מיטן אינהאַלט), ווערט אין די לעצטע זאַכן זיינע איבערלעך

באהאָלפן, ווי פון אַ פאָרם אויסגעגאָסן. עס איז אַ לעבעדיקע שפּראַך, אַ שטיק נאַטור, ריירעוודיק און פליסיק, אַ באר מים חיים.

ער איז געווען אַ קינסטלער און האָט געוואָלט זיין פיל מער ווי אַ קינסטלער. און נישט נאָר געוואָלט האָט ער דאָס. ער איז עס געוועזן מיט אַ יאָר פופצן צוריק. אַ רעוואָלטירטער ישיבה-בחור, אַ זון פון רבנים, איז ער געקומען קיין אייראָפּע און געבראַכט האָט ער מיט זיך אַ גרויסע פרומקייט און צניעות, אַ ירושה פון זיינע אבות, די גרייטקייט צו פאַסטן תעניתים און עוסק צו זיין בתורה לשמה. מיט מסירת נפש גיט ער זיך איבער דער אייראָפּעישער „תורה", דער מאָדערנער קולטור און פילאָזאָפיע. ער ווערט פון אַלעם נתפעל און אַלץ איז פאַר אים הייליק. די וואָכעדיקייט פון לעבן רירט אים נישט אָן. ער לעבט אין אַ וועלט פון ביכער און אידעען. אויך דער לאָזונג „חיים", דאָס געשריי צוריקצוקערן צו לעבן און צו נאַטור, צו גענוס און צו שיינקייט, איז און בלייבט ביי אים אַן אידעע, אַ שטיק תורה. אָבער די תורה זיינע איז אַן אַנדערע, ווי די תורה פון זיינע עלטערן. ער וויל זיין אַן אחר, אַן איבערקערער, שאַפן אַנדערע ווערטן (שנוי ערכין). ער רופט צו „חיים" און פאַסט און הונגערט און לעבט אין אַ ווינקעלע מיט אַ מינימום באַגערן. ער פּראָטעסטירט קעגן בוך („הספר והסייף") און פאַרהערלעכט דעם שווערד: דאָס בוך האָט אונדז פאַרקרימט, אָפּגעטויט די פרישקייט פון לעבן, געמאַכט אונדז אומנאַטירלעך, פאַרקריפּלט און צעבראָכן, מאַכטלאָז און אומעסטעטיש, בשעת די גוים, וואָס האָבן פאַרהייליקט דעם שווערד, זיינען געגאַנגען מיט דער נאַטור, מיט אַן אויפגעהויבן קאָפּ און מיט אַ קלאָר אויג, און זייערע חושים זיינען געווען געשאַרפט און זיי האָבן שיינקייט באַשאַפן אויף אַלע געביטן.

ס׳איז אַ פלאַמיקער אויסברוך פון אַ רעוואָלוציאָנערן טעמ־פּעראַמענט, אָבער — די רעוואָלוציע איז אַליין אַ שטיק בוך, ווייל בערדיטשעווסקי איז געווען צופיל באַהאַפטן מיט דער וועלט פון ביכער און מחשבות. עס זעט אויס אַזוי, און זיין גאַנצער שטייגער פון לעבן די לעצטע צייט האָט עס באַוויזן, אַז בער־דיטשעווסקי האָט זיינע באַציונגען צום לעבן געהאַט כמעט אויס־שליסלעך דורכן בוך, ד. ה. דורך דעם געשריבענעם וואָרט. ער האָט זייער ווייניק פאַרקערט מיט מענטשן, געלעבט אָפּגעזונדערט, און ווען ער האָט זיך שוין יאָ מיט וועמען געטראָפן, האָט ער זעלטן געפירט אַ לעבעדיקן, וואָכעדיקן, צי פּריינטלעכן שמועס. זיין פאַרקער מיט מענטשן איז געווען איינגעשטעלט בעיקר דורך ביכער און בריף, וואָס ער האָט געשריבן גאַנץ אָפט. ער איז געווען דער טיפּישער „איש הספר" — קעמפנדיק קעגן בוך.

אין זיין אָפּגעזונדערטער וווינונג אין פרידענוי האָט ער געהאַט אַ גרויס ביבליאָטעק־צימער און אַ שטענדער איז דאָרט געשטאַנען. עס האָט אויסגעזען אַזוי ווי ביי אַ גרויסן גאון, אַ צנא מלא ספרא. און דאָ האָט ער פאַרבראַכט זיינע טעג און יאָרן — אָט דער קעמפער קעגן בוך.

ער האָט רעוואָלטירט קעגן די „תלמידי חכמים", ער האָט גענומען אונטער זיין שוץ די „בריונים", די פּראָסטע יונגען פון פאָלק, וואָס האָבן פאַרטיידיקט ירושלים, בשעת ר׳ יוחנן האָט זיך שוין מיאש געווען. אַליין איז ער געווען דער טיפּישער תלמיד־חכם.

ער האָט געקעמפט קעגן דער שטרענגקייט פון מוסר, פון די מתנגדים, אין נאָמען פון חסידישער פרייליכקייט און איבער־לעבקייט, — אַליין איז ער געווען שטענדיק פאַרקנעפּלט אויף

אַלע קנעפּלעך, דורכגעווייקט מיט דער דייטשער (פּרייסישער) קולטור פון דיסציפּלין און קאַלטן „ריר מיך נישט אָן".

אָבער וואָס מאַכט דאָס אויס? זיינע געדאַנקען האָבן רע-וואָלוציאָניזירט אַ גאַנצן דור. איך בין מסופּק, צי ווער פון אונדזערע קולטור-פירער און אינטעליגענטע קעפּ קאָנען זאָגן: אָט מיר זיינען פריי פון בערדיטשעווסקין. אויך דער גרויסער פּ ר ץ איז געווען באַאיינפלוסט פון אים. פּ ר ץ האָט פריער געשריבן חסידישע זאַכן, אָבער ערשט בערדיטשעווסקי אַנטדעקט דעם פּונק פון חסידות און מאַכט, אַז פּרצן אַליין זאָל קלאָר ווערן זיין מהות. און די תּלמידים זיינע האָבן אויפגענומען די אידעען און נישט איינער פון זיי האָט זיי געפּרוווט פאַרווירקלעכן אין לעבן.

וואָס פאַר בערדיטשעווסקין איז געווען אַ נייע תּורה, איז פאַר זיי געווען אַ ניי לעבן.

אויף דער רעוואָלוציע קעגן די תּלמידי חכמים שטיצט זיך דער גאַנצער קולטור-קאַמף ביי יידן ביז היינט. זיינע אידעען פון „הספר והסייף" לעבן אין די מעשים פון יידישע רעוואָלוציאָנערן און יידישן לעגיאָן. אַליין אָבער איז דער טרעגער פון די רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען געבליבן אין זיינע פיר איילן פון תּורה, ביי זיין שטענדער, אַרומגערינגעלט פון טויזנטער ביכער פון הונדערטער דורות. דאָ לעבט ער און דאָ הויכט ער אויס זיין אָטעם.

און נאָך זיין לויה גייען-נאָך דריי-פיר מנינים מענטשן — שרייבער, אָדער אַזוינע וואָס האָבן אַ שייכות צו דער ליטעראַטור.

אַן איינזאַמער מענטש איז אַוועק פון דער וועלט, אָבער די ביכער-שאַנק פון יידישן פאָלק האָט צוגעקראָגן נאָך עטלעכע

טאָמען. פאַר דער ביכער-שאַנק איז ער געשטאַנען זיין לעבן-לאַנג און צו איר קערט ער צוריק.

דאָ, צווישן די קולטור-העלדן פון אַזויפיל דורות, האָט ער זיין כשר-פאַרדינטן פּלאַץ.

## ג

### ברענערס טויט.

פון אן אַראַבישער, צי אַן ענגלישער קויל (מיר ווייסן דאָ נאָך נישט די פּרטים) איז ער אומגעקומען — דער קעמפער פון פאַרצווייפלונג, דער העלד פון יאוש.

ער איז די טראַגישסטע פיגור, אַזוינע מענטשן, ווי ער, שטאַרבן נישט. אויף זיי איז דאָס געזאָגט געוואָרן: זיי ווערן באַפרייט פון עול פון לעבן.

אַ שטיק קראַנק געוויסן, וואָס מאָנט, וואָס לאָזט נישט רוען. שטענדיק פראָטעסטירט ער, שטענדיק אומצופרידן — „איש ריב ואיש מגון״.

עס איז דעריבער קיין חידוש נישט, וואָס נישט נאָר די יידישע קריטיק, נאָר אפילו די העברעישע האָט אים פאַרשוויגן, פאַררוקט אָן אַ זייט. ער האָט נישט געהערט צו יענע, וואָס װעגן זיי לאָזט זיך פּלוידערן און ריידן, פאַר פייער און פאַר וואַסער. ברענער! דער נאָמען האָט בעשמעקט מיט ערנסט

און מיט פאַראַנטוואָרטלעכקייט. עס איז נישט קיין טעמע פאַר פלוידער זעק, מען האָט תשוט מורא זיך צוצורירן.

אין דער געזעלשאַפט פון די „סופרים", וואָס קיצלען איינער דעם אַנדערן — וואָסער פּנים האָט ער דאָרט געהאַט!

אַ היסטאָריקער פון אונדזער ליטעראַטור, אַ היסטאָריקער פון אונדזער גייסטיקן לעבן וועט זיך מוזן מיט אים גרינדלעך באַקענען. ער איז דער שפּיגל פון אַ גאַנצן דור יונגעלייט, וואָס האָבן זייער אינערלעכע אויסלייזונג פאַרקניפּט מיט ציון.

אַלע ספקות און אינערלעכע מאַטערנישן, וואָס אַזאַ יונגער־מאַן האָט דורכגעלעבט, זעט איר ביי אים — און אַ ליבע צו די דאָזיקע מאַטערנישן וועט איר געפינען ביי אים — אַ ווידער־קלאַנג און אַ ירושה פון דעם בעסטן און איידלסטן טיפּ פון דער רוסישער אינטעליגענץ — פון די נאַראָדניקעס.

זיין גאַנצער געדאַנקען־גאַנג, זיין גאַנצע גייסטיקע פיזיאָ־נאָמיע איז די רוסישע „נאַראָדניטשעסטוואָ", איבערגעטראָגן אויפן יידישן באָדן און — מיט ציון פאַרייניקט.

די פועלי־ציון האָבן די בריק צווישן דעם מענטשלעכן און נאַציאָנאַליסטישן מאָמענט געבויט אויף טעאָריעס, פאַרפלאָנ־טערטע און פאַרשפּיצטע: פון די טאָג־טעגלעכע גראָע אינטע־רעסן פון די „מאַסן" ביז צום אַלטן האַלב־רעליגיעזן חלום פון דער „נאַציאָן" פירט נישט קיין גלייכער וועג.

ברענער האָט דעם תהום נישט געוואָלט און נישט געקאָנט אויספילן מיט געשטויקעוועטע טעאָריעס, מיט מאַרקסיסטישע פסוקים און פירושים און — ער האָט געליטן. געליטן און גע־לעבט און געשטאָרבן אויף דער בריק.

ברענער האָט, דוכט זיך, קיינמאָל נישט געשריבן יידיש. ער איז געווען קאָנסעקווענט, אויסגעהאַלטן. ער האָט זיין שרייבעריי נישט געמאַכט פאַר קיין פרנסה. ער האָט זיך מיט דעם

דאָזיקן כמעט אומפאַרמיידלעכן גורל פון אַ שרייבער געראַנגלט, בשום אופן זיך נישט אונטערגעגעבן. אין לאָנדאָן האָט ער זיך געלערנט זיין אַ זעצער, די לעצטע צייט, דערציילן זיינע באַקאַנטע, האָט ער געהאַקט שטיינער אויף אַ שאָסיי. און דאָך שטייט קיינער פון די העברעישע שרייבער נישט אַזוי נאָנט צו די יידישע מאַסן, איז נישט אַזוי אמת פאָלקסטימלעך, ווי ברענער.

און נישט נאָר בלויז מיטן געפיל און אמתער נישט-געפעלשטער צוגעבונדנקייט צו די מאַסן; נישט נאָר מיט זיין איינגעבאַקענער שנאה צו די תקופים און געלט-זעק: אפילו זיין העברעישע שפּראַך, וואָס קלינגט, ווי אַן איבערזעצונג פון יידיש, זאָגט עדות דערויף. אָט, דוכט זיך, קומט ער נישט לאַנג פון מאַרק, פון בית-המדרש, פון ערגעץ אַ קעלער-שטוב, ווו דער דלות עסט און נאָגט און ציט אַרויס דאָס חיות. די בילדער זיינען ביי אים שטענדיק צאַפּלדיק-לעבעדיק, דורכגעפילט ביז צום שורש; ער זעט די מענטשן און הערט זיי ריידן.

ברענער האָט זאַכן פון גאָר אַ גרויסן קינסטלערישן ווערט. אויסער די שילדערונגען פון דער יידישער נויט, געפינט איר ביי אים אַזאַ פּערל ווי „מסביב לנקודה”, ווו ער אָטעמט מיט דער לופט פון בערג. עס איז די פּראָבע צו געבן דעם גייסטיקן פּרצוף פון אַ העלד פון דור און זיינע העכסטע און שענסטע באַגערן און באַקאַנטשאַפטן. זעלטן אַ זאַך דערשיטערט אַזוי און לאָזט איבער אַזאַ ווידערקלאַנג אין דער נשמה, ווי אָט די נאָוועלע. אָבער ברענער האָט נישט געהערט צו די, וואָס די קונסט באַפרידיקט זיי. אויף יעדן פאַל האָט זיין קונסט נישט געדעקט זיין גייסטיקן אינהאַלט. ער האָט זיך נישט באַרויקט ביי דעם פּינטעלע, און זיין געוויסן איז נישט איינגעשלאָפן, פאַרוויגט פון ליבע, צי איינריידעניש, אַזוי ווי-

דאָס פּאַסירט אָפט אויף דער וועלט ביי די גייסטער, וואָס האָבן נישט קיין חוט-השדרה.

וויפיל יופּיטערס טראָגן הייגט אין דער העברעישער ליטעראַטור מיט זשעסטן פון געטער, און מינעס און רייד פון קליינלעכע נאַרישע מענטשן!

ברענער האָט אפילו מיט אַ קליינעם באַשיידענעם קראַנץ פון „איך בין אַ קינסטלער" זיך נישט געוויזן. אים איז מער ניחא געווען צו בלייבן אין דער ראַליע פון אַ צעבראָכענעם. אַ זוכער, אַ יידישער אינטעליגענט.

איך האָב אים געזען פאַר אַ יאָר 18 אין וואַרשע. צי איז ער נישט געווען פון האַמעל, אָדער פון יענע מקומות? עפּעס אַן אַלטע ערינערונג ליגט אין מיין קאָפּ: אַלע יידישע דענקענדיקע יונגעלייט פון יענעם קאַנט זיינען געווען דורכגעזאַפּט מיט אַ מיסטיציזם פון טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי. מיסטיציזם איז אפשר נישט דאָס ריכטיקע וואָרט. גניעסין, שאָפּמאַן און הלל צייטלין ביי זייער ערשטן אַרויסטרעטן האָבן אַלע אויף זיך געטראָגן דעם צייכן פון אַ שווערן געמיט. זיי זייַנען אַלע געשטאַנען שטאַרק אונטער דער השפעה פון די רוסישע זוכערס אין קעגנזאַץ צום מאַרקסיזם, וואָס האָט דעמאָלט געפונען אַ גרויסע פאַרשפּרייטונג ביי יידן. איך האָב זיי אַלע קלאַסיפיצירט אין מיין זכרון אונטער דער אויפשריפט „האָמעל". זיינע חבורים, וואָס ווייסן זיין ביאָגראַפיע און גייסטיקע אַנטוויקלונג, וועלן אפשר קלאָרער מאַכן דעם ענין.

ברענער האָט שוין דעמאָלט זיך אויסגעצייכנט אַלס פּרעזענלעכקייט. אַ וועגעטאַריאַנער, אַ נזיר, אַן אָפּגעהיטענער, אַ האַלבער הייליקער און דערביי אַזאַ האַרציק קינדיש-לאַכנדיק קיילעכדיק פּנים. און אַזאַ גרינגער פּשוטער אין פאַרקער און אין געשפּרעך איז ער געווען.

און ער איז געשטאָרבן אויפן פּאָסטן, ביי אַ פּאָגראָם אין יפו. דורך די 18 יאָר האָט ער זיך אַרומגעקריגט מיט דער גאַנצער וועלט און מיט זיין אייגן הארץ. די קליינלעכקייט פון לעבן האָט אים געשטיקט. מען האָט געקאָנט באַמערקן, ווי ער זעט אַלע שוואַכקייטן, פּיל, פּיל מיאוסנישן אַרום זיך און ער ראַנגלט זיך, כּדי אין זיי נישט דערטרונקען צו ווערן איבער די אויערן. אָבער קיין פאַרביטערונג, קיין גאַל און קיין בטול האָט איר ביי אים נישט געפונען. איך גלויב, דאָס קיילעכדיקע גוטמוטיקע פּנים איז געבליבן גוטמוטיק ביז צום טראַגישן סוף...

ד׳

## נאָך ברענערס טויט.

(וועגן שרייבער און שרייבעריי).

צוליב מיין קליין אַרטיקל וועגן ברענערן האָב איך באַקומען פּראָטעסטן, שריפטלעכע און מינדלעכע: איך האָב אָנגערירט דעם כבוד פון דער העברעישער ליטעראַטור!

עס פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט אין מיין אַרטיקל אַרויסגעלייענט, וואָס דאָרט איז נישט געשטאַנען. איך האָב געזאָגט, אַז די העברעישע (און אויך די יידישע) קריטיק, האָט אַ נייגונג צו לייכטע זאַכן, אָן וואָג און שווערקייט, צו זאַכן און מענטשן, וועגן וועלכע עס לאָזט זיך פלוידערן. „ברענער איז פּאַררוקט געוואָרן אָן אַ זייט״ א. אַז. וו. אָבער די פּראָטעסטאַנטן האָבן אַרויסגעלייענט מיינע מחשבות, און האָבן זיי אויסגעלייגט אויף זייערע טעלערלעך. די העברעיסטן זיינען שרעקלעך עמפּינדלעכע מענטשן. פון אונטער די שורות אַרויס גראָבן זיי אויף זיין באַהאַלטענעם מיין, און צען אייגן קוקן אויף דיר: „ייד! לעסטערער!״

מיט מענטשן וואָס פאַרטיידיקן אַ הייליקייט, איז נישט צו האָבן צו טאָן. זיי מעגן אַלץ, דו טאָרסט גאָרנישט. אין ארץ-ישראל וועט מען דיר ברעכן די ביינער, אויב דו וועסט עפנטלעך ריידן יידיש. דאָס איז רעכט. אַ מיידל אין יפו קומט אַהיים פון שולע, הערט טאַטע-מאַמע ריידן צווישן זיך יידיש, און באַמערקט מיט דעם ציטעריק קולכל: „אסור לדבר זשרגונית״ (אויטענטיש!). דאָס איז אין אָרדנונג. אוסישקין, אַ ציוניסטישער פירער, פריידיקט זיין לעבנלאַנג: „העברעיש אָדער רוסיש״. דאָס מאַכט נישט אויס. אַן אָנהענגער פון יידיש רעט דעליקאַט, גיט אַ ווייט אָנצוגעהערעניש, אַז אין דער העברעישער ליטעראַטור ווערט אַ פערזענלעכקייט נישט געאַכטעט, אַז דעם אויבן-אָן דאָרט פאַרנעמען „סופרים״, נישט קיין מענטשן, ווערט אַ ויצעקו.

ער האָט אונדז געשאָלטן, ער האָט געלעסטערט, געזאָגט, אַז מיר זיינען „רעאַקציע״, קעגן אַלע פרייע געדאַנקען! (איינער אַ לעזער אין אַ פריוואַטן בריוו זידלט מיך, אַז איך האָב געזאָגט „אַלע העברעישע שרייבער זיינען בטלנים). איך פרוו צו זוכן אין מיין אַרטיקל די אַלע צאַצקענדיקע ווערטער, איך געפין זיי נישט. די באַשיצער פון אַ הייליקייט האָבן אַ גערייצטע פאַנטאַזיע.

זאָל איך מיך פאַרענטפערן, אַז איך האָב נישט געזאָגט און נישט געמיינט? — עס פאַלט מיר נישט איין דאָס צו טאָן. עס האַנדלט זיך אויך נישט פאַר מיר, צי דאָ און דאָרט איז געווען אַ קריטישע נאָטיץ וועגן ברענער. איך שטעל פעסט: ברענער איז געווען פאַררוקט אָן אַ זייט, ער האָט אפילו נישט פאַרנומען אַזויפיל פלאַץ, ווי, למשל, אַ דר. קלויזנער. שמענוביץ אָדער שטיינמאַן זיינען געווען אַזוינע מיוחסים ביז ברענער. טראָצדעם, וואס פאַר מיר (און צי גאָר פאַר מיר?)

איז ברענער אַ שטיק לעבעדיק געוויסן, אַ מענטש, וואָס האָט געצוווּנגען מיט זיין מאָראַלישן כּוח זיך צוצוהערן צו אים. וויפל אַזוינע „מאָראַלישע כּוחות" ווירקן אין דער ליטעראַטור? (די יידישע אויך געמיינט).

איך וויל נישט מאַכן קיין אָנשטעל, אַז איך האָב „גאָר־נישט געמיינט". גיעבכאי האָט אין מיינע ווערטער געקלינגען אַ פאָרוואורף אַנטקעגן די „סופרים", וואָס זיצן אַזוי ווי די צדיקים מיט קרוינען אויף די קעפּ און „שאַפן פאַר דער אייביקייט", אָבער טאַקע אויף דעם פּונקט לוינט זיך אָפּצושטעלן: איך וויל דערגענצן דאָס נישט־דערזאָגטע.

איך האָב נישט ליב קיין שרייבערס. אָט האָט איר אַ ווידוי פון אַ שרייבער. אַלץ איינס, צי ער שרייבערעוועט אויף העברעיש, צי אויף יידיש, צי אויף דייטש. און איך האָב אויך נישט ליב קיין שוסטערס, קיין שניידערס, קיין בעקערס (פון בורזשויען איז דאָך אָפּגערעדט!). הייסט דאָס, אַז איך בין אַ מי־זאַנטראָפּ, אַ מענטשן־פיינט? זעט איר, פּונקט פאַרקערט: איך האָב ליב מענטשן, ווייל פון אַלערליי חיות, בהמות און עופות איז דאָך סוף־כּל־סוף דער מענטש דאָס אינטערעסאַנטסטע און שענסטע באַשעפעניש. פאַר אַלטע פריילנס זיינען קעץ או' הינט אינטערעסאַנטער פאַר מענטשן. מען קען נישט זאָגן, אַז זיי האָבן דעם בעסטן געשמאַק.

ווען אַ שניידער פאַרזינקט אין זיין מלאכה און זיין גאַנץ לעבן ווערט שניידעריי, זיינע מחשבות שניידערישע און זיינע געפילן שניידערישע, דעמאָלט הערט ער אויף צו זיין מענטש, און ווערט נאָר אַ טייל פון זיין מלאכה. ער קען אייך אויס־נייען אַ פּאָר גוטע הויזן, אָבער הברן זיך מיט אים אים ליב האָבן קאָנט איר נישט.

דאָסזעלבע איז מיט די שרייבערס, ווען זיי ווערן פאַר־

זונקען אין זייער פּראָפעסיע, און דער מענטש זעט זיך מער נישט אַרויס. דאָסזעלבע פּאַסירט מיט אַלע פאַכלייט.

שרייבעריי איז אַ פּראָפעסיע; אַ מענטש גיט זיך איר איבער אויף דעם גאַנצן לעבן, און פאַרדינט מיט איר זיין עקזיסטענץ. מען דאַרף אָבער פאָדערן פון שרייבער, אַז די דאָזיקע פּראָפעסיע זאָל דאָס מענטשלעכע אין אים, דאָס פרייע און אומאָבהענגיקע, נישט פאַרדעקן. מען דאַרף פאָדערן פון אַ שרייבער, ער זאָל מיט מיר ריידן ווי אַ מענטש צו אַ מענטש, נישט פון אונטן-אַרויף (ווי דאָס האָט אַמאָל געטאָן דער בעל-מלאכה, ווען ער האָט גערעדט מיטן באַלעבאָס) און אויך נישט פון אויבן-אַראָפּ. מען דאַרף פאָדערן פון אים, ער זאָל דערציילן זיינע מענטשלעכע איבערלעבענישן, נישט זיינע שרייבערישע. ליידער, ווערט אַזויפיל געזינדיקט אויף דעם געביט, און פון דאַנען נעמט זיך די גאַנצע קליינקעפּלדיקייט און ענגהאַרציקייט, וואָס מען באַגעגנט אין דער ליטעראַרישער-משפחה נישט ווייניקער, אויב נישט מער, ווי צווישן אַ שניידערישער, שוסטערישער, בעקערישער, צי אַנדערער פּראָפעסיאָנעלער געזעלשאַפט.

די העברעישע „סופרים" זינדיקן אין דעם פּרט מער ווי זייערע קאָלעגן אין אונדזערע ליטעראַטורן. אַ העברעישער שרייבער האָט אַ קליין פּובליקום, ער איז בטבע נוטה צו פאַראַכטן די ברייטע מאַסע, די גאַס. ווייל זי קען אים נישט, וויל ער זי אויך נישט קענען. די גאַס, דער המון, דאָס איז פאַר אים דער סימבאָל פון דעם גראָבן, נישט-מענטשלעכן. פרעגט אים, וועט ער אייך זאָגן, אַז ער שרייבט פאַר דער „אינטעליגענץ", און דערמיט איז געמיינט, מענטשן פון זיין גאַטונג און שניט; אָדער גאָר, ווען ער איז אַ פּאָעט, וועט ער אייך געבן די קלאָרע תשובה, אַז ער שאַפט פאַר דער אייביקייט, נישט

אַזוי ווי די לאַבּוּסעס, די „זשאַרגאָניסטן”, וואָס שרייבּן פאַרן מאַרק. קורץ, דער העברעישער שרייבער איז מער פאַרזונקען איבער די אויערן אין זיין פאַך, ווי זיין קאָלעגע אין אַן אַנדע־רער ליטעראַטור.

זאָל מען זאָגן אויף דער מאַסע, אויף דעם המון, וואָס מען וויל. זאָל מען אויפווייזן, אַז שיינקייט, דערהויבנקייט און אמת איז צו געפינען נאָר ביי די יחידים, די אויסדערוויילטע, די איינציקע. איינס אָבער מוז מען מודה זיין, דער המון איז א סטיכישער כּוח, אַ שטיק נאַטור, אַ ברייטער ים. דער איני־טעליגענטערער המון אָבער איז אַ שטייענדיקער זומפּ. די דאָזיקע איינגעגלויבטע אין זיך, באַגרעניצטע און קליינקעפּיקע, וואָס זעען די גאַנצע וועלט דורך דער פּריזמע פון זייער שרייבעריי; די כּלומרשטע פיינשמעקער, וואָס קענען אַזוי פיין קרימען מיט די נעז, און קיין שעפערישער געדאַנק האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט גערירט אין זייער געהירן — זיי שטייען (מיינדעסטנס אין עסטעטישן זין) פיל נידעריקער פאַר די מאַסן.

די מאַסן האָבן געזונטע אינסטינקטן, ווייל דאָרטן ווירקן נאָך פּרימיטיווע כּוחות פון דער נאַטור. דאָ אָבער איז אַלץ פאַרקרומט, פאַרוויאַנעט, אומנאַטירלעך.

דער טיפּ „אינטעליגענט” פעלט אויך נישט אין דער יידישער, צי אין וועלכער עס איז אַנדערער אייראָפּעישער ליטעראַטור. אָבער דער צוזאַמענהאַנג מיט אַ ברייט פּובליקום האָט דאָרט אַ געזונטע, קאָרעגירנדיקע ווירקונג. אַ יידישער שרייבער פילט זיך אויך זעלטענער פאַר אַ הייליקן, אויסגע־וויילטן, אָפּגעזונדערטן, ווי זיין העברעישער קאָלעגע.

אָט וואָס איך האָב געמיינט מיט דעם וואָרט „סופרים”.

און ברענערן האָב איך באַצייכנט אַלס אויסנאַם, אַלס איינער פון די, וואָס איז נישט דערטרונקען געוואָרן אין שריי־

בעריי, וואָס דאָס לעבעדיקע האַרץ פון אַ לעבעדיקן מענטשן האָט ביי אים שטענדיק גערעט.

די פראַגע וועגן העברעיש און יידיש לאָמיר לאָזן אויף אַן אַנדערש מאָל. ס׳איז איצט נישט די צייט דערויף.

איבער די קעפּ פון יידישן עולם הענגט אַ געדיכטע אַטמאָספערע. מיר זיינען אַלע אַזוי ווי קראַנקע אין אַ געשטייגערטער טעמפּעראַטור. די גרויסע צרות האָבן אונדז צעררייצט די גרויסע האָפנונגען האָבן אונדז פאַרשיכורט. ניכטערע, וואָכעדיקע ווערטער וועלן איצט נישט זיין אויפן פּלאַץ.

די מילן פון לעבן מאָלן. זיי מאָלן פּלעוועס און זיי מאָלן מעל.

אונדזער אַלטן ויכּוח העברעיש-יידיש וועלן מיר דערווייל אָפּלייגן.

## ה

### ש. פ. ראַבינאָוויטש (שפ״ר).

איך האָב אים כּמעט ווי נישט געקענט, כאָטש פיל מאָל אים געזען און פיל מאָל באַקומען /צרלאַנגט פ:ן אים די שפּיץ פינגער, אָנשטאָט די האַנט. ביי אַזאַ פאַל האָט ער שטענדיק אונדזער איינעם אָנגעקוקט מיט זיינע קורצזיכטיקע אויגן, ווי ער וואָלט די מאָדנע ניי-מאָדישע בריאה פון עפּעס אַ יונגנמאַן, וואָס האָט די העזה צו שרייבן און טאַקע צו דרוקן אויך, ערשט דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן געזען. קענטיק, ער האָט מיך נישט ליב געהאַט, און נישט נאָר מיך אַליין; דאָס גאַנצע ליטעראַרישע יונגוואַרג איז אים געווען צווידער; אַן עולה, אַ מיסמאַרשטייעניש, אַ משוגעת, אַן אומגעהויערע חוצפּה און אפשר אויך אַ חלול הקודש האָט אים יעדער נייער נאָמען אויסגעזען. צי האָט ער עמעצן פון די עלטערע שרייבער יאָ ליב געהאַט -- איז אויך אַ ספק. אַן אַלטער משכּיל איז ער געווען, און ביי אַ משכּיל אין האַרצן האָט איר געקאָנט געפינען וואָס איר ווילט, אויסער ליבע און סימפּאַטיע צו מענטשן און

צו זאַכן. דער יידישער משכּיל איז אויסגעוואַקסן אויף דער סלאַווישער ערד, ער האָט באַקומען אַ הויך פון דעם רוסישן ניהיליזם, און דער גייסט פון היינריך היינע און לודוויג בערנע האָבן פאַרענדיקט די געשטאַלט און האָבן אונטערגעצויגן דעם לעצטן שטריך. אַ מאָדנע וועלט איז דאָס געווען, וואָס דעם משכּילס אויג האָט געזען, און מאָדנע מענטשן האָבן זיך אויף איר געווידמעט, אַלץ באַשאַפן נאָר דערצו, אַז דעם משכּילס באָז זאָל זיך האָבן אויף וואָס צו קרימען (פאַרשטייט זיך, אַז די וועלט מיינט מען די יידישע וועלט, און מענטשן מיינט מען יידן).

האָבן מיר דעם אַלטן שריפטשטעלער יאָ ליב געהאַט און קאָנען מיר שרייבן וואַרעמע נעקראָלאָגן וועגן זיין טויט? — דאָס ווייס איך אויך נישט. נאָר איך גלויב דערין, אַז אין הארצן פון יעדן מענטשן ליגן באַהאַלטן פונקען פון דעם הימלישן פייער, וואָס פּראָמעטעוס האָט ביי די געטער צוגעגנבעט, און זיי וואַרטן אויף דער ריכטיקער שעה און אויף דעם ריכטיקן אָרט, אום אויפצופלאַקערן, און דער מענטש זאָל אויסוואַקסן אין דער ליכטיקייט, וואָס שטראַלט פון זיי.

און אַזאַ שעה, יאָרן גאַנצע אַזוינע, האָט דער פאַרשטאָרבענער שפּ״ר געהאַט. דאָס זיינען געווען די יאָרן פון „חבת ציון״, די יאָרן פון די דריי טאָמען „כּנסת ישראל״, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן.

ער איז דעמאָלט געווען דער ריכטיקער מענטש אויף דעם ריכטיקן אָרט.

און פיל מער ווי אַ געוויינלעכער מענטש, פיל מער ווי אַ מיטלמעסיקייט. יעדנפאַלס, האָט זיך ביי מיר, פון מיין בחור־שאַפט־צייט, אָפּגעשטעלט אַזאַ איינדרוק.

עס איז אַ פערזענלעכע איבערלעבונג, וואָס לוינט אפשר צו דערציילן.

איך געדענק די גרויסע וויסטקייט, וואָס איז מיך באַפאַלן, בשעת איך האָב פאַרלאָרן די הייליקע אמונה פון מיינע עלטערן און פון אַלע מענטשן, וואָס צווישן זיי איז מיר באַשערט צו לעבן, ווי איך האָב געמיינט, אויף שטענדיק, ווער עס האָט געלייענט די באָוועלן און דעם „לאָן?" פון דעם פריצייטיק-פאַרשטאָרבענעם פייערבערג, דער ווייסט, וואָס דאָס איז פאַר אַ פעריאָד. ס'איז די צייט פון אַ שווערן קריזיס, וואָס יעדער יונגער גייסט מוז אַמאָל דורכלעבן. וו געפינט מען זיך אין דער וועלט אָן אַ גאָט, אָן די זיבן הימלען און דעם כסא-הכבוד און די מלאכים און שרפים און דער תורה? וואָס בלייבט איבעריק? און וואָס דאַרף מען טאָן? און וואָס פאַר אַ זין האָט דאָס לעבן, אין וועלכן עס בלייבן איבעריק נישט מער ווי די פונקציעס אויף אויפצוהאַלטן דאָס לעבן? — אַ בריק איז דאָס לעבן, אַ לאַנגע בריק, און דאָס אויג כאַפּט נישט איר אָנהויב און איר סוף. און די בריק האָט אָן אָנלען. איז זי צעבראָכן געוואָרן, בלייבסטו שטיין, און זעסט אונטער דיר אַ תהום; אַרום — אַ ווייטע פינסטערניש. ווי אַזוי רירט מען זיך פון אָרט?

קומען מענטשן אין „האסיף", „הצפירה" א. אַז. וו. און מאַכן גראַמען און דערציילן אויסגעטראַכטע מעשיות, און דאָס ווילן זיי מיר געבן אויף דעם אָרט פון מיין פאַרלאָרענער וועלט! דאָס? — און מיין וויסטקייט מיט וואָס זאָל אויסגעפילט ווערן? וואָס האָבן זיי מיר צו זאָגן און מיט וואָס ווילן זיי מיך טרייסטן? אַ יינגל האָט זיך פאַרליבט אין אַ מיידל, און אין זומער האָט די זון געשיינט, ווינטער איז דער הימל געווען פאַרוואָלקנט... פוסטע מענטשן מיט פוסטע מוחות מיזן

דאָרטן זיצן אין ווארשע, האָב איך מיר געטראַכט.

קיין זין פאַר פּאָרם האָב איך דעמאָלט נישט געהאַט און נישט געקאָנט האָבן, און צווישן אונדז גערעט, איז אין דער דעמאָלטיקער העברעישער ליטעראַטור גאַנץ ווייניק שיינהייט געווען, וואָס האָט געקאָנט אַנטציקן.

און די זאַטע פּוסטקייט פון דעם משכּילישן האַרץ האָט זיך גאַנץ גוט געפילט.

אָט אין אַזאַ פּעריאָד זיינען אַריינגעפאַלן אין מיינע הענט די זאַמל-ביכער „כּנסת-ישראל". און פון זיי האָט געוועט גאָר אַן אַנדערער גייסט; אַ ווילן האָט גערעט און אַ הייסער באַגער. פון טאָוול צו טאָוול זיינען די געדרוקטע בלעטער געווען דורכגעזאַפּט מיט איין אידעע, וואָס האָט געקאָנט באַגייסטערן — מיט דער אידעע פון „חבּת-ציון", וואָס דער פאַרשטאָרבענער שרייבער איז געווען איינער פון אירע ערשטע און ערנסטע פּריידיקער.

ער איז דעמאָלט פיל מער געווען ווי אַ „משכּיל" און אַ „סופר עברי": אַ פּאַנאַטיקער פון אַן אידעע איז ער געווען, אַ מענטש מיט אַ דראַנג נאָך מעשים, אַ מענטש מיט גלויבן אין דעם ערפאָלג פון די מעשים.

איך ווייס נישט, וואָסער איינדרוק די ביכער וואָלטן איצט געמאַכט אויף מיר. אין יענער צייט זיינען זיי פאַר מיר געווען פריש וואַסער אין אַ וויסטן מדבר. אַ היילונג און אַ טרייסט פאַר אַ צעבראָכענער נשמה.

און אָט ווילט זיך מיר צו דעם אָרעמען קראַנץ בלומען, וואָס ווערט געלייגט אויף דעם קבר פון דעם אָרעם-פאַרשטאָרבענעם, פאַרלאָזטן און האַלב-פאַרגעסענעם שרייבער, צולייגן מיין קליינע און באַשיידענע „גיעזאַבודקאַ": מיין דעמאָלטיקע בחורשע איבערלעבונג.

מיר האָט זיין גרויסע היסטאָרישע אַרבעט, די איבערזעצונג פון גרעצס יידישע היסטאָריע אויף העברעיש, נישט געפעלן. און נישט נאָר מיר אַליין. די היסטאָריע איז איבערגעזעצט אין דעם אַלט-משכּילישן סטיל, מיט דער אַלט-משכּילישער שפּראַך, און עס פעלט דאָרט דער עיקר — דער רויק-פּליסנדיקער טאָן פון אַ געשיכטע-שרייבער. די היסטאָרישע פאַקטן באַקומט דער לעזער „צוגעפּראַוועט" מיט אַ היפּש ביסל מאמריסטיקע. אויף וויפל גרעץ אַליין האָט געליטן פון דעם פעלער, איז ער פאַר-דאָפּלט געוואָרן אין דער איבערזעצונג. דאָס איז נויטיק צו זאָגן זאָגאַר איצט, ביי דעם אָפענעם קבר, ווייל אויב נישט, וועלן מיר אינגיכן אַ בעסערע היסטאָריע נישט האָבן.

פון „חבת-ציון" ביז היינט האָבן מיר פיל איבערגע-לעבט. דער חבת-ציון אַליין האָט זיך פאַרוואַנדלט אין ציוניזם און, וואַרשיינלעך, וועט אויך דער ציוניזם, פריער צי שפּעטער, מוזן דורכמאַכן אַ גרינטלעכע עוואָלוציע. אַנדערע באַוועגונגען האָבן אויפגעבליט און האָבן געוועלקט אויף דער יידישער גאַס.

לאָמיר נישט זיין ווי יענע ענטן, וואָס האָבן נישט דער-קענט זייער מוטער.

די ערשטע רעפאָרמאַטאָרישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג איז געווען דער „חבת-ציון", און שפּ"ר — איינער, וואָס איז געגאַנגען אין די ערשטע רייען.

שרה שפּירא האָט איין-איינציק שיין ליד אָנגעשריבן (אין דעמזעלבן „כּנסת-ישראל"): „קיין טוי און קיין רעגן — מיינע טרערן זאָלן באַנעצן ציונס בערגער". און וויפל מאָל האָט זי מענטשלעכע הערצער ביז צום גרונט ערשיטערט מיט די ווערטער! שפּ"ר האָט אין זיין לעבן געהאַט אַ גאַנצע ריי שיינע און ערהאַבענע יאָרן, ווען ער האָט געאַרבעט און

געווירקט ווי אַ שאַפנדיקער גייסט. לאָמיר די יאָרן געדענקען און לאָמיר זיין נאָמען מיט די דאָזיקע יאָרן פאַרייניקן צו זיין לויב און רום.

ו

## ד״ר איזידאָר עליאַשעוו (בעל־מחשבות).

ב [illegible]אָלאָג).

איך קאָן מיך קוים דערמאָנען נאָך אַן אַנדער ביישפּיל, ווו דער מענטש און דער שרייבער זאָלן זיין אַזוי צוזאַמענגעבונדן, אַזוי איינס, ווי ביי עליאַשעוון. 25 יאָר האָב איך אים געקענט, געווען באַפריינדעט, גערעט, געשמועסט און געשוויגן צוזאַמען ביי אויסגעלערטע שאָלן קאַפע ביי אַ טישל אין אַ קאַפע־הויז אין וואַרשע צי אין בערלין, און 25 יאָר האָב איך אים געלייענט, זיינע אַנאַליטישע קריטיקן און זיינע שטיפערישע פעליעטאָנען — און איך קאָן איינס פון צווייטן בשום אופן נישט אָפּשיידן. זיין פּראַזע, דער שוועד־מוטיקער בליק פון זיינע אויגן, דער ריטם פון זיין סטיל און די באַוועגונג פון זיין האַנט, די פיינקייט פון זיין ליטעראַרישן טאָן און די פאַרנעמקייט פון זיין גאַנצער לעבעדיקער פּערזאָן, — אַלץ איז ווי פון איין שטיק אויסגעגאָסן.

צי איז דאָס אַ מעלה, צי איז דאָס אַ חסרון? — נישט

איינס דערגענצט דאָס אַנדערע, נישט איינער דערהויבט זיך איבער דעם אַנדערן, ס׳איז אפילו נישט קיין מעדאַל מיט צוויי זייטן. איין איינציקע זייט נאָר, איין־איינציק פּנים — דער קריטיקער בעל־מחשבות. אַזוי לעבט ער, אַזוי שרייבט ער, אַזוי קרענקט ער און אַזוי שטאַרבט ער.

אַ שרייבער פון קאָפּ ביז צו די פיס. אַ שרייבער בייטאָג און ביינאַכט און ווען איר זעט אים.

* *

*

פאַר 25 יאָר קומט ער אָן קיין וואַרשע. דאָס ליטעראַרישע קרייזל אַרום פּרצן האָט פאַרנומען דעמאָלט מיט אָפענע אויערן דאָס עכאָ פון דער צייט, וואָס איז געקומען פון יענער זייט גרעניץ. די געטער זיינען געשטאָרבן. אויף יענער זייט פון גוטס און שלעכטס וואַקלט זיך די וועלט שיכּור פון אַ מין גייסטיקן אָפּיום. פשיבישעווסקי, סטרינדבערג און אַנגעס, די מאַדאָנאַ פון בערלינער קאַפע־הויז, האָבן געריסן לעבעדיקע שטיקער פון מענטשלעכן האַרץ און געוויסן און געוואָרפן עס מיט עקל פון זיך, און די וועלט איז פאַר זיי געווען אַ מחנה בייזע הינט, וואָס האָבן זיך זאַט־געפרעסן און געטרונקען מיט דעם טריפנדיקן בלוט. די נאָך־ניטשע־עפּאָכע איז דאָס געווען. לאַכן, חוזק־מאַכן פון דער וועלט, אַזוי ווי הייגע האָט געטאָן — דאָס האָט דעמאָלט אויסגעזען צו זיין צו־פלאַך; שרייען, בייזערן זיך, דונערן — נאַריש, סענטימענטאַל; וואָס־זשע דען? שווייגן? מעטערלינק האָט טאַקע זייער פיל געהאַלטן פון שווייגן, און — ער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָט אָנגעשריבן אַ גאַנץ בוך (און אַ שיין בוך) וועגן שווייגן.

דעמאָלט איז אָנגעקומען דער יונגער דאָקטאָר פון בערלין מיט מאָדנע שוואַרצע, שוועמוטיקע און האָרכנדיקע אויגן, מיט

אַזוינע שלעפעריקע, אָבער ריטמישע באַוועגונגען, מיט אַזאַ רויקן אַביסל מרה-שחורהדיקן באַנעמען, און ער איז געקומען פון דאָרט, און אַלע האָבן געפילט, אַז ער איז „דאָס דאָזיקע" דורכגעגאַנגען. דער יונגער דאָקטאָר, וואָס האָט לאַנגע יאָרן שטודירט מעדיצין ביז ער האָט געענדיקט, האָט זיך אַזוי ווייניק געקימערט וועגן דאָקטאָריע, אַזוי ווייט געווען פון קאַריעריזם, און דערביי איז ער געווען אַזוי פשוט, אַזוי אָן פּרעטענזיעס, אַזוי גערעט יידיש, אַזוי וואַרעם זיך אינטערעסירט מיט יעדער ביי נאָוועלע פון אַ נאָוועליסט, מיט יעדן לידל פון אַ דיכטער, אַז ער איז אין גיכן ביי אַלע איינגעבאַקן געוואָרן אין האַרצן. אַ שטיקל ספינקס, אַ רעטעניש, אַ פרעמדער איז ער דאָך געבליבן. דאָס רעטעניש איז געלעגן אין זיין גלייכמעסיקייט, אין זיין חשק אַריינצוטראַכטן זיך, צו פאַרשטיין און דערגרינטעווען אָן אונטערשייד פון גרויס און קליין, פון וויכטיק און נישט-וויכטיק. צי דען טאַקע?! נאָך ביטשע, נאָך פשיבישעווסקי, נאָך דעם, ווי אַלע געטער זיינען געשטאָרבן, לוינט צו רעדן פון אַשס נאָוועלע, פון רייזנס לידל?! — האָב איך זיך אַליין שטילערהייט געפרעגט.

דער קאַלטער טאָן זיינער האָט אימפּאָנירט. ער האָט מיט זיך געטראָגן דעם ווילדן ריח פון יענע אויסלענדישע גייסטיקע געוויקסן. און די פאָרנעמקייט פון זיין גאַנצן וועזן האָט געצויגן צו זיך, נישט צו דערציען.

אין די ליטעראַטורן פון די אומות-העולם האָבן די פונדאַמענטן אָוועקגעלייגט געווייגלעך מענטשן פון אַדל, פון דער אַריסטאָקראַטיע. עס הויבט זיך אָן מיט דער פאָרנעמקייט. די יידישע ליטעראַטור (און אויך די העברעישע) איז באַלד פון אָנהויב אָן מער פּלעבעיש און וולגאַר אין טאָן. צי דען האָבן יידן נישט קיין בלוט-אַריסטאָקראַטיע? צי פליסט נישט אין די אָדערן

פון קיינעם ביי אונדז בלוי בלוט? — איך רעכן, אַז יאָ. מיר פאַרמאָגן אַן אַריסטאָקראַטיע, כאָטש זי איז קיינמאָל נישט געווען אויסגעטיילט אין אַ באַזונדערן קלאַס.

עליאַשעוו איז אַ פאָרשטייער פון דער אַריסטאָקראַטיע. זיין טאָן בלייבט איידל און פאָרנעם (אפילו ווען ער וויל בפירוש זיין גראָב און שאַרף), ער איז צוריקגעהאַלטן, ער ציט און דערציט נישט.

און ער שטייט אַליין, ער האָט נישט דעם נחת צו זיין מיטגעריסן, און ער האָט דעם ביטערן טעם פון אַנטוישונג.

ער איז אַ רעזיגנירטער, און אין די יאָרן פון זיין בליען, דעמאָלט, ווען ער איז יונג, פאַרהעלטניסמעסיק רייך, טאַלענטירט, געשאַנעוועט, הענגט איבער אים אַ שווער מזל. ער האָט מאָדנע שווערע אויגן, און נאָך אַ לאַנגן געשפרעך מיט אים, גייסטו אַוועק און עס פעלט דיר עפּעס, עפּעס איז אָפּגעריסן. פּאַ דאָס — וואָסער פאַרגעניגן, וואָסער אמתער גענוס איז עס צו זיצן מיט אים אַ שעה און צו שווייגן! ריידן קאָן מען מיט טויזנט, שוויגן צוזאַמען נאָר מיט אויסדערוויילטע, מיט זעלטענע און מיט אינערלעך-האַרמאָנישע מענטשן.

* *
*

און אָט גייען דורך צענדליקער יאָרן. ער האָט געלעבט און געליטן, אַ סך געליטן. פערזענלעך האָט ער אַ לעבן מיט קאַטאַסטראָפעס, ער קריגט דעם ערשטן אָנפאַל (פאַר 12 יאָר) פון דער קראַנקהייט, וואָס האָט אים איצט בייגעקומען; ער פאַלט אַריין צווישן די רעדער פון דער רוסישער רעוואָלוציע, ליידט פיזישע און גייסטיקע נויט. די ביי-געקרוינטע ליטעראַרישע „גאונים״, וואָס וואַקסן ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן, פּראָלערישע, נישטיקע, קליינלעכע, שרייערישע, פּראָלעטקולטישע,

„אנערקענען" אים נישט אין רוסלאַנד. ער קומט צוריק און ראַטעוועט זיך פון „מבול" (אונטער דעם טיטל שרייבט ער אַ ריי פעליעטאָנען וועגן דער רוסישער איבערקערעניש). און ווידער באַוווּנדערט ער איך מיט דער גלייכמעסיקייט פון זיין טאָן. ער איז נישט פאַרביטערט, טראָגט קיין כּעס נישט אויף קיינעם, ער פאַרשטייט, ער אָריענטירט זיך, ווען דער „מבול" שטורעמט איבער אים.

און אין די לעצטע חדשים פון זיין לעבן קוקט ער דעם טויט אין די אויגן אַריין. ער ווייסט, אַז דער סוף זיינער איז נאָענט. ער ליידט (און קיינער ווייסט דאָס נישט, אויסער עטלעכע מענטשן) פון אַ שווערער דערדריקנדיקער מעלאַנכאָליע. ער קאָן נישט בלייבן אַליין אין דער היים. אָבער ווען איר זיצט מיט אים און פּלוידערט וועגן אַלערליי זאַכן, ווייזט ער איך קיין שפּור נישט פון זיין קלעמעניש. פּונקט אַזוי ווי פאַר 25 יאָר זיינען זיינע אויגן שוואַרץ-מוטיק, זיין טאָן קאַלט און צוציערישן (נישט צו דערציען), און די האַרמאָנישקייט פון זיין וועזן ווערט נישט געשטערט (ווי לאַנג די נערוון האַלטן אויס).

ער פאָרט קיין איטאַליע, דער טויט פאָרט מיט אים מיט, און דערפילנדיק, אַז די לעצטע שעה איז געקומען, קערט ער זיך איילניק צוריק אַהיים, אין זיין געבורט-שטאָט קאָוונע, ער פאָרט אַהין שטאַרבן, און זיין טאָן בלייבט אַלץ רויק, גלייכמעסיק, ריטמיש, און דאָס שווערע מזל — אַזוי ווי פאַר 25 יאָר— הענגט אַלץ איבער אים.

* *
*

איך שרייב איצט נישט קיין ליטעראַרישע אָפּשאַצונג פון בעל-מחשבות. אָבער מיר איז שווער נישט אויסצודריקן מיין באַוווּנדערונג, וואָס פון די אַלע אַרטיקלען, וואָס איך לייען

וועגן אים, ווערט נישט דערמאָנט די אייגנאַרטיקייט פון זיין סטיל, זיין ווייכער מעלאַנכאָלישער ריטם, דאָס יידישע לשון, וואָס קריגט אַ מאָדנע קרענקלעך בלאַסן חן אין זיין שרייבן.

איז דאָך סטיל דער מענטש!

און דעם שליסל צו דעם סטיל האָט זיך מיר געוואָלט שילדערן אין די דאָזיקע איילik-געשריבענע ווערטער.

ז

## בערשאַדסקי.

אַ קליינע צייטונג-נאָטיץ האָב איך געלייענט: „היינט, צו דעם צווייטן יאָר-צייט פון בערשאַדסקי, ווערט מען אויפשטעלן אַ מצבה אויף זיין קבר".

אַזאַ פשוטע, קורצע, טרוקענע נאָטיץ, וואָס האָט אַזאַ ריס געגעבן ביים האַרץ!

— שוין צוויי יאָר?!

מיר דאַכט: נעכטן ערשט איז עס געשען. ניין. נעכטן אויך נישט. ווייל בערשאַדסקי, בערשאַדסקי מיט זיין שטענדיקער איינזאַמקייט, מיט זיין שטענדיקן אומעט און זיין שטענדיק-שטענדיקן שמייכל אויפן פנים, — ער לעבט נאָך אַזוי קלאָר אין מיין זכרון! ממש עס גלויבט זיך נישט, אַז שוין צוויי יאָר ווי דער דאָזיקער שמייכלדיקער אומעט איז אַוועקגעגאַנגען פון אונדזער וועלט און איבערגעלאָזט נאָר אַ טויטן קערפּער, אויף אָנצוהויבן מיט אים אַ נייע שורה אויפן וואַרשעווער בית-עלמין.

שוין צוויי יאָר!

נישט לאַנג האָט געדויערט מיין באַקאַנטשאַפט מיט בער־שאַדסקין; אינגאַנצן עטלעכע חדשים איז מיר אויסגעקומען צו לעבן מיט אים אין איין שטאָט; נאָר דאָס זיינען געווען אינ־טערעסאַנטע, באַדייטנדע חדשים פון זיין לעבן, — די חדשים פאַר זיין טויט!

לאַנג איז ער געווען קראַנק, לאַנג איז ער געווען הייזע־ריק; די קראַנקהייט האָט לאַנג און אומאויפהערלעך גענאָגט זיין שטאַרקן קערפּער, און ער האָט געשמייכלט, עס איז געקומען דער טראַגישער מאָמענט, דער קריזיס: דער טויט איז געקומען און האָט אים איינגערוימט אין אויער: „נו, גענוג שוין גע־שפּילט זיך מיט דיר! איצט וועלן מיר זיך נעמען צו דער אַרבעט פליסיקער און אינטענסיווער", — בערשאַדסקי האָט אויפ־געהאָרכט און געשמייכלט. פון ווילנע האָט מען אים געשיקט קיין וואַרשע; צעבראָכן, שוואַך, אין 40 גראַד היץ, אין איילעניש, אין כאַפּעניש, האָט ער פאַרברענט אַ גאַנצן פּאַק טאָג־ביכער גאַנצע טויזנט זייטן, וווּ ער, דער איינזאַמער מענטש, האָט יאָרן־לאַנג געשמועסט מיט זיין איינזאַמקייט — און ער האָט גע־שמייכלט דערביי. אין וואַגאָן, אין דער שטיקנדיקער לופט, אין פיבער און פאַרצווייפלטער אָנמאַכט, איז ער געלעגן, שווער געאָטעמט, געשטיקט זיך — און האָט געשמייכלט.

אָ! דער מענטש האָט געשמייכלט. דאָס האָט זיך זיין איינזאַמקייט פאַרוואַנדלט אין אַ קאַלטן הומאָר און האָט זיך אויסגעגאָסן און אויסגעלייגט אין דעם שטענדיקן שמייכל אויף זיינע ליפּן.

אָט דער שמייכל האָט צוגעצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט נאָך מיט 5—6 יאָר צוריק, אַז מיר האָבן זיך דאָס ערשטע מאָל באַקאָנט גאַנץ פליכטיק און אויבערפלעכלעך דאָ אין וואַרשע.

— וואָס רעט איר הייזעריק? — האָב איך געפרעגט.

— איך האָב עפּעס אין האַלדז.

— לאַנג שוין?

— לאַנג.

— און צו אַ דאָקטאָר גייט איר אַריין.

— ניין...

און ער האָט געשמייכלט דערביי.

— הערט, בערשאַדסקי! — בין איך אַריינגעפאַלן אין זיין שמייכלדיקן טאָן — איך וועל אייך נישט זיין קיין חבר, ביז איר וועט אייער האַלדז נישט אויסהיילן. איר, אַזאַ שיינער מאַנספּערשוין, וועט דאָך דעמאָלט האָבן אַ דאָפּלטן ערפאָלג ביי פרויען... טוט דאָס, בערשאַדסקי, גייט אַריין צו אַ דאָקטאָר; פרויען וועלן אייך ליב האָבן, און איך — אויך.

און ער האָט גוטיק געשמייכלט, קוקנדיק אויף מיר מיט זיינע קאַלטע, קלוגע און שטענדיק-פאַרשנדיקע אויגן.

דאָס האָט געבליקט אויף מיר זיין איינזאַמקייט, און מיר האָט זיך געדאַכט צו לייענען אין דעם בליק:

ערפאָלג ביי פרויען, חבר-זיין — יאָ! דאָס איז אַמאָל, אַמאָל געווען, ווען — איך געדענק שוין נישט גענוי. נישט וויכטיק.

דערנאָך, אין עטלעכע יאָר אַרום, האָב איך זיך מיט אים נענטער באַקענט אין ווילנע, האָב דורכגעלעזן זיינע ביכער. פאַראַן זייער געלונגענע פיגורן, שטאַרקע מאָמענטן, זייער פיל פאַרשטענדעניש פאַר איבערלעבונגען פון גייסט, אַ סך „פּסיכאָלאָגיע”, ווי מען רופט דאָס, מינימום פלוידעריי, קיין צייכן פון קאָקעטעריי; אַ שאַרף אויג און אַ פעסטע האַנט צום צייכענען, — זייער פיל מעלות.

הסרונות — אפשר נאָך מער. נאָר איך שרייב איצט נישט

קיין קריטיק פון זיינע ווערק. לאָזן מיר דאָס.

נאָר אויף מיר האָט געווייט א שטאַרקער, איינגעגעסענער אומעט פון די ביכער; אַן אַלטער, דורכגעליטענער און דורכגעלייטערטער אומעט.

אַ שטומער אומעט פון אַ פּאַרוויטאָקטער נשמה.

און אַז איך בין נעענטער געוואָרן מיט בערשאַדסקין, און מיר האָבן אַמאָל גערעט האַרציק — האָב איך ערשט פאַרשטאַנען דעם סוד פון דער שטומקייט:

דער אומעט איז נישט געווען שטום פון דער נאַטור, נאָר בערשאַדסקי האָט אים מיט זיינע אייגענע הענט אַרויפגעלייגט אַ שלאָס אויפן מויל און פאַרזיגלט און פאַרחתמעט, און האָט דאָס שליסעלע באַהאַלטן ביי זיך אין וועסטל-קעשענע.

לאָגיק!

בערשאַדסקי האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו לאָגיק, צו — צוויי מאָל צוויי איז פיר.

די לאָגיק האָט אים זיין לעבן געקאָסט. צוליב איר האָט ער נישט געפּרוווט היילן זיין קרענק.

— נישט דער טויט איז שרעקלעך, נאָר דאָס באַוווסטזיין פון שטאַרבן, און היילן זיך הייסט געבן נאָרונג דעם באַוווסטזיין. בעסער פאַרגעסן, „געזונט" זיך פילן אין באַוווסטזיין, און אָפּשטאַרבן פּלוצלינג, מיט עטלעכע יאָר פריער, איידער היילן זיך, „קראַנק" זיין און לעבן נאָך עטלעכע יאָר.

אַזוי האָט געזאָגט די לאָגיק, און אַזוי האָט ער געטענהט מיט מיר עטלעכע חדשים פאַר זיין טויט, און האָט מיר דאָס צו פאַרשטיין געגעבן מיט אַ לערערישן פּעדאַגאָגישן טאָן.

צוויי מאָל צוויי איז — פיר.

און די לאָגיק האָט שטום געמאַכט זיין געפיל, זיין טיפן אומעט, זיין אינעווייניקסטן ליריזם.

די לאָגיק — דאָס איז געווען בערשאַדסקיס אָפּגאָט און... זיין אומגליק.

ער איז געווען אַן אַנטוישטער מענטש. פון זיין גייסטיקער וועלט, פון די יוגנטלעכע אידעאַלן און העכערע שטרעבונגען איז איבערגעבליבן אַ ביטערער אומעט פון „ביקס צו מאַכן״; דאָס פערזענלעכע לעבן האָט אויך נישט געהאַט וואָס אויפצווייזן. אַמאָל אַ לעבע-ייִנג, כמעט אַ דאָן-זשואַן, אַ מעפּיסטאָפעל ביי פרויען, און צום סוף — אַ טרויעריק, איינזאַם, קוים-קוים ערטרעגלעך לעבן.

און ער האָט זיך געגומען חברן מיט... דער לאָגיק.

אים איז געבליבן פיל געפיל, געבליבן אַ באַדייטנדע לעבנס־דערפאַרונג, געבליבן אַ שפּאָר ביסל בילדונג, אַן אַנטוויקלטער גייסט, אַ שיינע אינטעליגענץ, — נאָר איבער דעם אַלעם האָט געקיניגט און געזעלבסטהערשט די געטין מיט די טרוקענע דינע ליפּן, וואָס ווייסט אַלצדינג און באַגרייפט איינגנטלעך גאָרנישט.

און ער האָט געגלויבט אָן איר און געדינט צו איר פאַנאַטיש. אַן אמתער פאַנאַטיקער געווען אויף דעם געביט.

און דאָס איז געווען דאָס קינדישע און נאַיווע אין אים, און — אויב איר ווילט — דאָס שיינע.

שיין, ווי אַלץ, וואָס קינדיש און נאַיוו.

בערשאַדסקי איז געווען אַ באַדייטנדער יידישער שרייבער; נאָכמער, אַ באַדייטנדער יידישער אינטעליגענט, אַ יידישער איינזאַמער מענטש, אַ פּראָדוקט פון אונדזער טרוקענעם וויסטן באָדן, ווו שטאַרקע און שיינע גייסטער ווערן דערשלאָגן, פאַרקריפּט אין מיטן וואַקסן, אַזוי ווי פרוכט-ביימער אויף אַ זאַמדיקער ערד געפלאַנצט...

אַ יידישער אינטעליגענט איז ער געווען.

## ח

## טאָלסטאָי דער מאָראַליסט.

צו דעם גרויסן חולהס בעט, דערציילט אַ דעפּעשע, האָט די גרעפין, זיין פרוי, נישט געהאַט קיין צוטריט. מיר אַלע אָבער, ווער נאָר עס האָט אין זיין לעבן כאָטש איין טאָל־סטאָישע שעה געהאַט, שטייען אַרום דעם בעט, ווו דער גע־ביאַלער שטאַרקער גייסט ראַנגלט זיך מיט דעם אַלטן קערפּער מיט די אַנטצינדטע לונגען.

און ווער פון אונדז, אינטעליגענטן, האַלב־אָדער פערטל־אינטעליגענטן, וואָס האָבן נאָר אַ שטיקל צוטריט צו ביכער, האָט אין זיין לעבן נישט געהאַט אַ טאָלסטאָישן פּעריאָד, אַ טאָלסטאָישן חודש, אַ וואָך, אָדער אַ שעה? ווער קאָן זאָגן: איך בין קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געווען קיין „טאָלסטאָוועץ“, נישט איין מאָמענט אפילו?

נישט אַלע פון אונדז האָט ער איבערצייגט, איבערגע־קערט, אַריינגעבראַכט אין זיין קיניגרייך פון הימל. אָבער יע־דער פון אונדז איז פאַר דער טיר געשטאַנען, יעדן פון

אונדז האָט ער, דער נביא פון ניינצענטן און צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט, פאַר דער האַנט גענומען און צו די טירן פון זיין קיניגרייך צוגעפירט: „נישט קלאַפּ אָן און נישט פרעג, מיין קינד, נאָר עפן און גיי אַריין, און פאַר דיר וועט אויפגיין דאָס ליכט פון הימל, פון רו און פרידן און ליבע — פון אויסלייזונג".

מיר האָבן נישט געפאָלגט? זיינען מיר קליינמוטיק געווען? האָט אונדז אויסגעפעלט כאַראַקטער און ווילן און מיר האָבן זיך נישט געקאָנט שטאַרקן איבער אונדזער „יצר הרע"? אָדער האָבן מיר צו זיך געזאָגט: מיר ווילן צוערשט זינדיק זיין, אום צו קאָנען ווערן בעלי־תשובה, מיר ווילן פריער דאָס לעבן קענען און געניסן, אין זיין גאַנצער פּראַכט, אין זיין גאַנצער שכרות און הוללות ווילן מיר עס קענען, כדי מיר זאָלן קאָנען אויסרופן, ווי בודאַ, ווי קהלת, ווי טאָלסטאָי: „הבל הבלים?" ווייל וואָס פאַר א זין וועט עס האָבן, און וואָס פאַר א העלדנטאַט וועט עס זיין, ווען מיר וועלן זיך אַנטזאָגן צו געניסן פון לעבן, איידער מיר האָבן די מעגלעכקייט עס יאָ צו געניסן? צי וועלן מיר נישט זיין געגליכן צו יענעם פוקס, וואָס האָט די וויינטרויבן מאוס געמאַכט, ווייל ער האָט צו זיי נישט געקאָנט דערלאַנגען?

אָדער האָבן אַנדערע שטימען פון לעבן מעכטיק זיך אָנגערופן אין אונדזער גייסט, אָדער האָט זיך א פּלאַם פון אַן אידעאַל צעפלאָקערט אין אונדזער ברוסט און האָט אונדז די טיר פון „קיניגרייך פון הימל" נישט געלאָזן עפענען

צו דער טיר זיינען מיר אָבער אַלע, אָן אויסנאַם, צוגעפירט געוואָרן.

עס איז אוממעגלעך צו לייקענען טאָלסטאָיס מאָראַלישע ווערק און נישט צו געפינען זיך אונטער זיין השפעה, נישט

צו לעבן מיט אים, צו דענקען מיט אים און צו פילן מיט אים, — כאָטש איין קליינע ווײַלע.

אין דער הינזיכט איז טאָלסטאָי דער רבי פון דער גאַנ־צער געבילדעטער מענטשהייט, און אַלע זײַנען זײַנע תּלמידים. ווײַל נישטאָ איין גייסט, אויף וועלכן ער האָט קיין שפּור, אַ גרעסערן צי אַ קלענערן, נישט איבערגעלאָזט.

וועמען איז, ביים בלעטערן טאָלסטאָיס אַ ביכל, נישט דורך דער געדאַנק דורכן קאָפּ: אָט נעמען איינפּאַקן דאָס גאַנצע פּעקל פון עלנטע, גײַסטיקע פּאַרלאַנגען, שטרעמונגען, האָפענונגען פון דער דאָזיקער נאַרישער וועלט, אײַנפּאַקן פעסט און פּאַרשנירן, און אַוועקגיין פון אַלץ: אָפּזאָגן זיך אויף איי־ביק, אָפּזאָגן זיך, אָפּזאָגן, שטאַרבן און אויפגיין אין אַ נײַער וועלט פון באַרמהאַרציקייט און ליבע?

זאָגט נישט, אַז טאָלסטאָיס טעאָריעס האָבן זיך אין דער וועלט נישט אָנגענומען. געוויס, וואָס פאַר אַ ווערט האָט די קליינע סעקטע פון „דוכאָבאָרצעס", וואָס האָבן עמיגרירט קיין קאַנאַדע? אָדער די צעשפּרייטע און צעזייטע „טאָלסטאָווצעס" ביי אַלע נאַציעס? זיי אַלע צוזאַמען זײַנען צו־ווייניק, אום אויסצומאַכן כאָטש איין טאָן אין דער וועלט־סימפאָניע, ווו עס קלינגט אַריין די שטים פון אַ בעבל צוזאַמען מיט דער שטים פון ניטשע, רוזוועלטס אַ דרשה צוזאַמען מיט אַ „פאַרזונקענער גלאָקע" פון הויפּטמאַן? — אָבער אין י ע ד ן אייראָפּעישן גייסט איז פאַראַן אַן אָפּקלאַנג פון טאָלסטאָי, ציטערט אַ סטרונע, וואָס דער גרויסער מאַן פון אונדזער דור האָט געמאַכט לעבע־דיק און פילבאַר.

טאָלסטאָי ווירקט און וועט נאָך לאַנג ווירקן אויף אַלע אייראָפּעישע געמיטער, און ס'איז נישט וואָר, אויב מען זאָגט, אַז זײַן מיסיע אַלס מאָראַליסט איז יישט צוגעפּאַסט צו זײַן

קינסטלערישער געניאַליטעט; אַז נאָר אין דער קונסט שטייט ער אַליין, הויך און ערהאַבן, איבער יעדער מיטלמעסיקייט, איבער יעדער קליינלעכקייט, און אין דער מאָראַל — נישט.

די געניאַליטעט, וואָס איר כאַראַקטעריסטישער צייכן ביי טאָלסטאָיען איז די נאַטירלעכקייט, די פּראָסטקייט ביים באַהאַנדלען דאָס גרעסטע, וויכטיקסטע, טיפסטע און פאַרפלאָנטערטסטע — אָט די געניאַליטעט ווייזט זיך דאָ, ווי דאָרט, אויף דעם געביט פון דער קונסט, פּונקט ווי אויפן געביט פון מאָראַל. אומעטום, דאָ ווי דאָרט, זעט איר אַלץ בחוש, בולט, קלאָר, און עס בלייבט קיין שום אָרט נישט אויף ספקות, אויף „אפשר נישט״? אומעטום פילט איר די אילוזיע שטאַרקער, ווי די רעאַלסטעווירקלעכקייט.

אום צו ווערן געקרוינט פאַר אַ נביא פון דער מענטשהייט, אום אַריינגענומען צו ווערן אין דער חברותא פון בודאַ, קריסטוס, מאַהאָמעד, פעלט טאָלסטאָיען נאָר די פּערספּעקטיוו. מיר שטייען צו-נאָענט צו אים; ער לעבט צווישן אונדז, אין אונדזער דור. אום צו זען די הויך פון דער פּיראַמידע, מוזן מיר זיך אָפּרוקן פון איר אויף אַ געוויסן דיסטאַנץ. ערשט אַ שפּעטערדיק דור וועט קאָנען אָפּשאַצן די גרויסקייט און מעכטיקייט פון דעם ריז, און אויך זיין השפּעה אויף דער גאַנצער גייסטיקער קולטור וועט ערשט דאַן קאָנען אָפּגעמאָסטן ווערן.

טאָלסטאָי שטייט נישט אַליין צווישן די האַלב-געטער פון מענטשלעכן געשלעכט. זיין בעסטער חבר איז דער אינדישער נביא בודאַ פון לאַנד פון די פינף טייכן.

זיי פאַרייניקט דער אַריסטאָקראַטישער אָפּשטאַם. נישט פון פאָלק זיינען זיי אויסגעוואַקסן, אום זיינע פירער צו ווערן, נאָר צום פאָלק זיינען זיי געקומען. אַ קיניגלעכער פּרינץ פון אויסערגעווינלעכער שיינהייט, פון אויסערגעווינלעכער קלוג-

שאַפּט, מיט רייכע אוצרות, מיט אַלערליי מעגלעכקייטן אויף גע-
נוס און גליק פון דער ערד — אַזוי מאָלט די לעגענדע בודאַן
נאָר דער יונגער גליקלעכער פּרינץ האָט זיך אומגעקוקט אין
דעם מענטשלעכן לעבן, האָט דערזען די דריי משחיתים: קרענק,
עלטער און טויט, און אין זיין האַרץ האָט זיך באַפעסטיקט די
איבערצייגונג וועגן דער פאַרגענגלעכקייט און נישטיקייט פון
אַלעם מענטשלעכן טאָן און שטרעבן. ער איז צוגעקומען צו
דעם טויטן פונקט פון „הבל הבלים״.

דאָ שיידן זיך די וועגן: אַנטאָניוס, אונדזער קהלת ווערן
סקעפּטיקער; שאָפּענהויער צוימט אָפּ פאַר דער קונסט אַ באַזונ-
דער ווינקל, ווו די ראָסט פון „הבל הבלים״ האָט קיין שליטה
נישט; ביי בודאַן קומט די באַרימהאַרציקייט.

די אידעען פון קאָסמאָס, פון נירוואַנאַ, פון פאַרגענגלעכ-
קייט פון אַלע פאָרמען, אַז פאַרגעניגן איז נאָר אַ שטיל-שווייגן
פון ליידן, נישט קיין עלעמענט פאַר זיך — אַלץ דאָס האָבן די
בראַמאַנער געוווסט פאַר אים, און אין די אַלטע הייליקע
ביכער פון אינדיען איז עס באַשריבן. ביי בודאַן איז נאָר
צוגעקומען דער מאָמענט פון מיטלייד, פון רחמנות.

בודאַ, אויסרייסנדיק אַלע פאַרלאַנגען און געפילן פון
האַרץ, ווייל זיי זיינען דאָך נאָר צווייגן פון דעם זינדיקן בוים,
דעם ווילן צו לעבן, האָט געזען אויפגיין אין זיין האַרץ אַ
גרויס אַלוועלטלעך געפיל פון רחמנות: רחמנות אויף אַלעם,
וואָס לעבט און עטעמט, אויף אַלעם, וואָס מוטשעט זיך אין
דער נעץ פון פאַרשיידן-פאָרמיקייט אַזוי ווי אַ פליג אין שפּינ-
וועבס, און אָט דאָס געפיל האָט אויפגעפרישט די טרוקענע
פאַרגליווערטע קלוגשאַפט פון די בראַמאַנער, האָט פון דער
איינגעשרומפּענער חכמה געמאַכט אַ רעליגיע פאַר דורות.

טאָלסטאָי, אויסטרינקענדיק דעם בעכער פון גענוס און צו-

קומענדיק צום טויטן פונקט פון „הבל הבלים", האָט געפונען די ליבע.

זיין העלד נעכלודאָוו קומט קיין סיביר און אין זיין מת איז שוין צייטיק די אידעע פון ליבע, צופעליק בלעטערט ער דאָס עוואַנגעליום און געפינט דאָרט דעם אויסדרוק פאַר זיינע געדאַנקען. דיזעלבע ליבע, זאָגט ער צו זיך, איז שוין מיט פיל הונדערטער יאָרן צוריק געפּרעדיקט געוואָרן. מען דאַרף קיין וועלט-איבערקערער נישט צו זיין, נאָר דאָס אַלטע אויפ-פרישן אין זכרון: די אַלטע קריסטלעכע ליבע.

צי איז נעכלודאָוו גערעכט געווען? צי האָט טאָלסטאָי גוט געטאָן, וואָס ער האָט זיין לערע פאַרבונדן מיט דער לערע פון די אָרעמע פאָלק-מענטשן פון גליל? — זאָלן מאָראַליסטן ענטפערן אויף דער פראַגע.

פּסיכאָלאָגיש איז די ליבע פון טאָלסטאָי גאָר אַן אַנדערע, ווי יענע פון עוואַנגעליום. אין עוואַנגעליום איז זי שטימונג, ליריק, לויטער געפיל פון אַן איידל, נאָר געדריקט און געשטיקט געמיט. ביי טאָלסטאָיען ווי ביי בודאַן איז זי איבערצייגונג, די לעצטע סטאַדיע פון אַ געלייטערטן און דורכגעפרוווטן גייסט.

דאָרט קומט זי אפשר „מחסר-כל", פון מאַנגל, פון נויט און אונטערדריקונג; דאָ קומט זי פון דער פאַרקערטער זייט — „מרוב טובה", פון אַן איבערפלוס פון מאַכט און גענוס.

אויב די מאָראַל פון דעם עוואַנגעליום האָט ניטשע גע-קאָנט באַצייכענען מיט דעם נאָמען „די מאָראַל פון די קנעכט", לאָזט זיך דאָס שווער אָנווענדן אויף די לערע פון בודאַ און טאָלסטאָי.

ט

## ווייניגער און לעאָ בעלמאָנט.

לעאָ בעלמאָנט, אַ פּוילישער שרייבער, אַ טויט-פיינט פון אַלערליי געטער, פון יידישן ווי פון פּוילישן, אַ פריי-דענקער און אַ פּראָגרעסיסט, — איז דער ריינסטער טיפּ פון אַ וואָר-זאָגער.

און נישט אַזוי ווייט אַ וואָר-זאָגער, ווי אַ וואָר-שרייער, ד. ה., אַ מענטש, וואָס שרייט און געוואַלדעוועט אַ לעבן-לאַנג, אַז די גאַנצע וועלט רעט שקר, פאַרדאָרבנקייט און נאַרישקייט, און ער איינער אַליין — דעם ריינסטן אמת, די טיפסטע חכמה און כל-ה-אומשולדיקייט.

זיי — די פּראָפעסיאָנעלע וואָר-זאָגער — האָבן שטענדיק די גאַנצע וועלט קעגן זיך. די גאַנצע וועלט איז איין גרויסע ווינט-מיל, און די קליינע דאָן-קישאָטן זיינען נעבעך שטענדיק צעביילט.

מען דאַרף זיי נישט פאַרבייטן מיט די פּיאָנערן פון נייע וואָרהייטן, וואָס די מענטשהייט האָט פאַרמאָגט אין

פאַרשיידענע צייטן און וואָס האָבן באמת געליטן פאַר זייער אמת.

קודם-כּל האָט דער אמת קיינמאָל נישט געשריען. „די רייד פון די קלוגע הערן זיך גאַנץ געלאַסן”. איך שטעל מיר פאָר, אַז די ווערטער: „און זי דרייט זיך פאָרט” זיינען געזאָגט געוואָרן רויק און באַשיידן, כאָטש דער טרעגער פון דעם נייעם אמת איז ערשט באַשולדיקט געוואָרן פון די ריכטערס און האָט געהאַט פאַרוואָס צו זיין אויפגערעגט.

דער פּראָפעסיאָנעלער וואָר-זאָגער, פאַרקערט, איז שטענדיק דענערווירט, באָדט זיך שטענדיק אין אַ ים פון ווערטער, על-פּי רוב — זידלערייען, און די וואָרהייט זיינע אַליין איז, פאַרגעבנס, ווערט אַן אויסגעסלאָזן איי.

אויב מען זאָל נישט רעכענען די איינציקע „וואָרהייט”, וואָס האָט יאָ אַ ווערט און איז אפילו זייער וויכטיק — פאַר די וואָר-זאָגער אַליין.

די „וואָרהייט” קלינגט כּמעט אַזוי:

— די גאַנצע וועלט זאָגט שקר, איך, לעאָ בעלמאָנט — דעם ריינעם אמת.

וועלכער אמת — דאָס איז שוין לגמרי נישט וויכטיק.

איר דאַרפט דאָך אָבער מודה זיין, אַז אַזאַ „וואָרהייט” קאָן די וועלט גאַנץ ווייניק אינטערעסירן. נייע באַגריפן וועגן וועלט און מענטש גיט אונדז דער „אמת” נישט. ער מאַכט נישט ברייטער אויף איין סענטימעטער אונדזער גייסטיקן האָ-ריזאָנט, פאַרטיפט נישט אונדזער גייסט.

אייגנטלעך איז מיר דאָך אַלץ איינס: צי לעאָ בעלמאָנט זאָגט וואָר, צי נישט.

אונדזער ערד איז אַזאַ קליין פּינטעלע אין קאָסמאָס, און לעאָ בעלמאָנט איין-איינציקער פון פינף מיליאַרד צווי-פיסיקע

באַשעפעניש, וואָס הידמען אויף איר. אַנטקעגן וואָס זאָל מיך דאָס אינטערעסירן?

עפּעס אַנדערש, ווען דער מענטש וואָלט געהאַט כאָטש עפּעס אַ קליינע וואָרהייט, וואָס האָט נישט קיין דירעקטע שייכות מיט דער גרויסקייט און וואָרהאַפטיקייט פון זיין אייגענעם „איך" און די נישטיקייט און פאַלשקייט פון דער וועלט. ד אָ ס מין פעלט ביי אים גראָד. קיין אָריגינעלן געדאַנק געפינט איר ביי אים נישט. קיין אינדיווידועלע פאַרב אפילו נישט צו פרעמדען געדאַנקען.

אפילו מיט זיין „אַנטיסעמיטיזם" האָט ער געמוזט וואַרטן, ביז ווייבינגער האָט אָנגעשריבן זיין בוך „געשלעכט און כאַראַקטער".

דאָס איז אָבער אויך נאָך ווייניק געווען. דער יונגער ווייבינגער האָט שוין לאַנג זיך געשאָסן אַ קויל אין קאָפּ אַריין. אין אויסלאַנד האָט מען דאָס בוך שוין באַלד פאַרגעסן. ערשט איז דאָס בוך איבערגעזעצט געוואָרן אויף רוסיש און, ווי דער שטייגער איז אין רוסלאַנד, — איז דאָס געוואָרן מיט איינמאָל דאָס מאָדערנסטע בוך פאַר יעדן אינטעליגענט, וואָס לעבט מיטן „גייסט פון דער צייט".

ווייבינגער איז געווען אַ ראַדיקאַלער גייסט און אַ יונגער פּאַראַדאָקסיסט, אַ מענטש, וואָס זיין בענקשאַפט צו גרויסקייט איז געוויס געווען אויפריכטיק און אינערלעך, און די גרויסקייט אַליין — זייער און זייער צווייפלהאַפט.

אָט ערשט איצט האָט לעאָ בעלמאָנט אַנטדעקט די מציאה און האָט געהאַלטן אַ לאַנגן רעפעראַט, וואָס אפילו די „גאָוו. גאַז." האָט געמוזט אָנרופן אַנטיסעמיטיש.

ווייבינגער האָט געליטן, האָט געטראַכט און אַם ענדע, קומענדיק צו דער איבערצייגונג, אַז די יידישע ראַסע איז אַ

בידעריקע, א „ווייבערישע", האָט ער זיך דערשאָסן. אויף יעדן פאַל — קאָנסעקווענט געלעבט און געשטאָרבן. ער איז אָבער נישט געווען אַזוי איבערפלעכלעך צו מיינען, אַז מיט אַ ביסל טבילה-וואַסער וועט ער ענדיקן די יידישע טראַגעדיע, וואָס ער האָט געטראָגן אין זיך.

לעאָ בעלמאָנט האָט גערעכנט, אַז ס'איז גענוג זיך צו שמדן, אום אַן עק צו מאַכן מיט דער יידישער טראַגעדיע, און האָט אַזוי געטאָן.

ערשט ווען דער „פּראָגרעסיווער אַנטיסעמיטיזם" האָט זיך אויסגעוויקלט פון די ווינדעלעך, און ניעמאָיעווסקי איז געקומען און האָט אָנגעהויבן נאָכצוקוקן די מעטריקעס און האָט אויסגע-שריען: „די העגט אויפן טיש!", ווער זענט איר? און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז לעאָ בעלמאָנט איז נישט לעאָ בעלמאָנט, נאָר גאָר לעאָפּאָלד בלומענטאַל, — ערשט איצט האָט זיך דער „וואָר-זאָגער" געכאַפּט צו דעם בוך און האָט גענומען קלאַפּן און פּויקן דערמיט —

„די יידן זיינען אַ געמיינע, בידעריקע, א. אַז. וו. ראַסע", די גרעסטע געמיינקייט פון די יידן איז געווען, וואָס זיי זיינען נישט באַגאַנגען קיין זעלבסטמאָרד און האָבן ווייטער געלעבט אין געטאָ", א. אַז. וו. .

און דאָס ווערט געזאָגט פאַר אַ גרויסן עולם מענטשן, וווּ מער ווי די העלפט זיינען יידן.

און דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן. דער ראַסן-אַנטיסע-מיטיזם פון בעלמאָנט-בלומענטאַל האָט אים נישט גערעכט גע-מאַכט אין ניעמאָיעווסקיס אויגן, פּונקט אַזוי ווי דאָס טבילה-וואַסער האָט אים נישט באַשיצט. רייניקנדיק דעם פּוילישן „פּראָגרעס" פון יידן, האָט ער אויך דעם אָרימען וואָר-זאָגער

געגומען פאַרן קאָלנער, און צוזאַמען מיטן הער קעמפּנער — געוויזן די טיר...

באמת: גאָטס רחמנות.

שרייט איצט דער וואָר־זאָגער צו די הימלען וועגן דער עולה, וואָס מען האָט אים געטאָן. עס לוינט צו ברענגען עט־לעכע ציטאַטן:

„ער (בעלמאָנט רעט וועגן זיך נישט אַנדערש ווי בלשון „ער" אָדער, לכל־הפחות, „מיר") האָט געוואַגט, כאָטש ער איז אַ משומד, צו ריידן וועגן די חסרונות און אַבערגלויבנס פון יידן אין אַזאַ טאָן, וואָס קיינער האָט נאָך ביז אַהער נישט גע־רעט צו יידן דאָ אין פוילן".

„אין פאַרלויף פון אָנדערטהאַלבן שעה האָט „ער", אויפן וועג פון וויינינגער, נאָר אין נאָך אַ קלערערן טאָן, „געמאַטערט די יידישע נשמה" א. אַז. וו.

און דאָס אַלץ האָט ער געטאָן אין נאָמען פון דער „ליבע" צו יידן.

און ניעמאָיעווסקי האָט נאָך אַלץ טענות, אַז לעאָ בערמאָנט איז נישט לעאָ בעלמאָנט און אַז לעאָפּאָלד בלומענטאַל האָט פאַריידישט דעם פוילישן „פּראָגרעס".

דער עיקר, פאַרשטייט זיך, איז דאָ „די ליבע צו יידן".

„זיי האָבן אַלע געהערט און שיער זיך נישט צעוויינט" — אַזוי זאָגט בעלמאָנט אַליין אין זיין געוויינלעכן זעלבסט־באַרימע־רישן טאָן.

זאָל גלויבן, ווער עס וויל. ווען איינער קומט צוגיין און זאָגט מיר: דו טוסט דאָס און יענץ שלעכט, דו האָסט דעם און יענעם חסרון, קאָן זיין ליבע צו מיר ריידן אַזוי, די ליבע וואָס וויל מיך אויסהיילן, בעסער מאַכן.

אָבער ווען איינער קומט צוגיין און זאָגט: נישט אין

דעם גייט דאָס, וואָס די טוסט שלעכט, וואָס די האָסט אַ חסרון, נאָר וואָס די אַליין מוזט זיין שלעכט און גוט קאָנסט גאָר נישט זיין: די ביסט געבאָרן פון אַ נידעריקער ראַסע, און דיין געמיינהייט איז, וואָס די עקזיסטירסט — איז דאָס ליבע?

וויינינגער — וואָס ער איז געווען איז ער געווען, אָבער אַ באַדייטנדן גייסט האָט ער געוויס געהאַט. דאָס איז געווען אויף יעדן פאַל אַ מענטש פון אויסערגעוויינלעכער מאָס. און ער האָט פון „ליבע" כלל נישט גערעדט, ער האָט פיינט גע־האַט, טיף און אינערלעך פיינט געהאַט זיך און זיין ראַסע (אַ ראיה — זיין טראַגישער טויט). די קליינע מאַלפּע, וואָס קאָן נאָר נאָכמאַכן דעם באַדייטנדן מענטש, פילט קיין שום טראַ־גערדיע נישט דערביי. וויינינגער — אַ נידעריקע ראַסע — גרויס־אַרטיק! מען קאָן מאַכן אַ סענסאַציאָנעלע, שרייענדיקע פּאָרלעזונג: דערפון און מען קאָן אפשר זוכה זיין נושא־חן צו זיין אפילו אין ביעמאָ־יעווסקיס אויגן און באַקומען אַן אַטעסטאַט פון „אַ „קעמפער קעגן יידישן פאַנאַטיזם".

עס וועט קיינעם פון אונדז נישט איינפאַלן אַריינצולאָזן זיך אין אַ וכוח מיט די הערן בעלמאָנט עט קאָמפּ. מיר ווייסן און מיר זיינען שוין צוגעוויינט דערצו, אַז די אַלע „פריי־ווערטער" און די „אומאָפּהענגיקע געדאַנקען" זיינען גענוג פריי און אומאָפּהענגיק צו פאַרדרייען די טאַט־זאַכן, אָנצורופן דאָס אַלץ, וואָס שטאַמט פון יידישן לאַגער, מיטן נאָמען „פינסטערניש", „פאַנאַטיזם" און צו געבן דעם פּראָטעסט קעגן דעם ראַסן־אַנטי־סימעטיזם פון אַ משומד עפּעס אַן אויסזען, ווי מיר וואָלטן קיין קריטיק נישט געקאָנט פאַר ליב נעמען.

דאָס איז דער געמיינסטער ליגנט, וואָס אונדזערע אַסימילאַ־טאָרן האָבן פאַרשפּרייט וועגן אונדז.

ווייל וואָס איז די גאַנצע יידישע ליטעראַטור, אויב נישט

איין גרויסע זעלבסט־קריטיק פון יידישע חסרונות, פון יידישער פאַרקריפּלטקייט?

וואָס איז מענדעלי מוכר ספרים? וואָס איז שלום־עליכם? וואָס איז אונדזערע בעסערע פּובליציסטיק?

וואָס — וואָס, נאָר אין זעלבסט־קריטיק זיינען מיר נישט אָרים, דער גייסט פון הייבריך היינע שוועבט איבער אונדז אַלע. און נישט נאָר די יידישע ליטעראַטור טוט דאָס, — דער פאָלקס־גייסט אַליין, די פאָלקס־ווערטלעך זיינען געבויג גיפטיק און בייסנדיק קעגן יידישע חסרונות. לעאָ בעלמאָנטס און וואַסער־צוגס באַמיונגען זיינען נישט נאָר אַרויסגעוואָרפן (ווייל קיינער וועט זיי נישט הערן), נאָר אויך איבעריק.

און אַ קינד פון זיין פאָלק איז אויך ווייניגער געווען. ער האָט די זעלבסט־קריטיק, וואָס ליגט אין גרונט פון אונדזער־ראַסן־כאַראַקטער, דערפירט ביז צו די לעצטע גרעניצן, און דאָס האָט אים זיין לעבן געקאָסט.

נאָר ווייניגערן וועט מען קיינמאָל נישט פאַראַכטן, ווייל ווי ניטשע האָט געזאָגט: „פון אַלעם געשריבענעם האָב איך ליב, וואָס איז געשריבן מיט בלוט".

די דאָזיקע הערן אָבער, וואָס די גרויסע טראַגעדיע איז פאַר זיי אַ טעמאַ פאַר רעפעראַטן, אַ באַווייז פאַר זייער כשר פוילישקייט, וואָס שרייבן נישט מיט בלוט, נאָר מיט קלע־פּעדיק שפייעכץ און האָבן נאָך די העזה צו ריידן וועגן „ליבע" — צו זיי קאָנען מיר קיין האָר אַכטונג נישט האָבן. קענען זיי שרייט נישט אונדזער נאַציאָנאַלע אייגן־ליבע, נאָר אונדזער מענטשלעכע ווערדע.

ווייל די איבערפלעכלעכקייט פון זייער אַרט דענקען איז גוט צוגעפּאַסט צו זייער אינעווייניקסטער קנעכטשאַפט.

# משה מאַנטעפּיאָרע.

די אַלטע בענקשאַפט פון „נשימה לנו מלך" (לאָמיר מאַכן אַ מלך איבער אונדז) דוכט זיך נאָך צו שלומערן אין דער יידישער פאָלקס-נשמה ביז צום היינטיקן טאָג. דו האָסט דעם איינדרוק, ווי דאָס אַלטע פאָלק זאָל זוכן מיט פאַרבענקטע אויגן אַ קאָפּ צו קרוינען, עפּעס אַ פּערזענלעכקייט צו פאַרערלעכן — צו געפינען דעם מענטשן, וואָס זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן אי־בער אַלע, העכער פון אַלע, מיט אַלע מעלות באַצירט, דעם מענטשן, צו וועלכן אַלע הערצער זאָל זיין געווענדט מיט ליבע און כבוד, אַ משיח, אַ געזאַלבטן פון גאָט.

איז דאָס געפיל פון אַ נידעריקער אַרט, צי פון אַ העכע־רער, איז די בענקשאַפט שיין, אָדער נישט, איז זי ניצלעך, אָדער שעדלעך, דאַרף אַ פאָלקס-ערציער דאָס געפיל פלעגן, אָדער, פאַרקערט, אויסראָטן? — איך שטעל מיר איצט נישט די פראַגן, איך בין פונקט אַזוי ווייניק יידישער מאָנאַרכיסט, ווי יידישער רעפובליקאַנער. און ביז מיר וועלן האָבן אַן אייגן

יידיש לאַנד, וועל איך נאָך צייט האָבן גאָכצוטראַכטן וועגן דעם.

מאַנטעפיאָרע איז אַ פּראָדוקט פון אָט דער פאָלקס-בענק-שאַפט. הערצל — דאָסזעלבע, טיילווייז אויך — באַראָן הירש. איך מיין, פאַרשטייט זיך, ניִשט די פּערזאָנען אַליין, וואָס זיי זיינען געווען, נאָר ווי אַזוי זיי האָבן זיך אויסגעמאָלט אין דער פאַנטאַזיע פון פאָלק. דאַרף דאָך אַ פאָלק, וואָס איז פול מיט עקל און שפּאָט, וואָס האָט שטענדיק גרייט פאַרקרימטע, איינגע-שרומפּטע ליפּן אויף אויסצולאַכן, חוזק צו מאַכן — דאַרף דאָך אַזאַ פאָלק צו האָבן אויך וועמען צו פאַרערלעכן, וועמען ליב צו האָבן.

אַן עסטעט פאַרקרימט מיט דער נאָז, צוזאַמען מיט דעם פאַרערלעכן, וואָס שטאַמט פון אַ טיפערן קוואַל, קומט די נאַ-רישע חנופה און די אומפאַרשעמטע פּראַזע. ביים אָרימען גרויבן קרעטשמער אין שטוב הענגט משה מאָנטעפיאָרעס בילד און וועקט אַזוינע יידישע האַרציקע געפילן. די קרעטשמערקע קוקט און די אויגן ווערן איר פייכט פון טרערן, דער קרעטשמער זיפצט אָפּ לייכטער. זאָל גאָט היטן און באַשיצן דעם גרייז-גרויען קאָפּ אין דער יאַרמולקע, דעם טייערן-טייערן יידן, דעם גרויסן שררה, וואָס פאָרט צו די קיסרים בעטן רחמים פאַר דעם פאָלק ישראל!

פון דער אַנדערער זייט אָבער שלעפּן זיך נאָך אַ חברה שנאָרער, שמייכלער, טעלער-לעקער, און אויף אונדזער פאַרנאַס בליט-אויף די בלום פון חנופה און צעוואַקסט זיך ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן: דאָס זיינען די שירים לכבוד השר מאָנטעפיאָרע, מיט וועלכע אונדזער ליטעראַטור איז אַ צייט-לאַנג פאַרפלייצט געווען. איך בין נאָך אַ יינגל געווען, ווען איך האָב די שירים געלייענט, און זיי האָבן דאַן שוין מיך געעקלט.

און די קאַנאַנדיקע פּראַזעס לכבוד הערצלען — האָבן זיי דען אַ בעסערן איינדרוק געמאַכט? —

* * *

מש ז. מאַנטעפּיאָרע איז געווען אַ גרויסער שתדלן, האָט פּיל נדבות געגעבן, האָט אַמאָל אויך געפּועלט מיט זיין שתדלנות, איז געווען אין רוסלאַנד, אין דמשק, האָט געקעמפט פאַר ביר־גער־רעכט פון די ענגלישע יידן. אַם ענדע איז ער דאָך גע־ווען אַ מיליאָנער און פון די ערשטע חובבי־ציון. אָט אַזוי שטייט דער מענטש צווישן די ערשטע פון די יידישע גרויסע נענער אין לעצטן יאָרהונדערט, אין סאַמע אויבן־אָן. איז דאָס געווען דער מענטש פון גרויסן גייסט, פון דער גרויסער ענערגיע? זוכט נישט ביי אים אומזיסט קיין צוג פון גרויסקייט, איר וועט נישט געפינען.

בשעת ווען עס האַנדלט זיך וועגן די בירגער־רעכט פון די ענגלישע יידן, זאָגט גאָלדסמיד: אָדער אַלץ, אָדער גאָר־נישט, ער פאַרלאַנגט פון דער רעגירונג פולבאַרעכטיקונג. מאַנטעפּיאָרע האָט אַן אַנדער מיינונג: לעולם תקח, וואָס מען גיט, וועלן מיר נעמען. אויסגעוויזן האָט זיך, אַז גאָלדסמיד איז געווען גערעכט, נישט מאַנטעפּיאָרע. גאָלדסמיד איז געווען אי שאַרפער, אי וויטזיכטיקער פאַר אים.

נאָר מאַנטעפּיאָרע איז געווען אַ האַרציקער ייד, מיט פיל, זייער פיל, אַלטע ספרדישע יידישע שיינהייט, זיין פּראָסטע, איינפאַכע פרומקייט, די ליבע צו זיין פרוי, אַן אמתע יוגנט־לעכע צערטלעכקייט בשעת ווען ער איז שוין געווען אַ זקן פון 70 יאָר, זיין אָפּהיטן יידישע שבתים, יום־טובים, כשר און טרפה, און דאָס וואָס ער האָט שטענדיק ליב געהאַט אַרויסצו־רוקן זיין יידישקייט און זיין רעליגיעזיטעט, אָנשטאָט עס צו

פאַרשטעלן — אָט די אַלע גוטע מאַניערן פון ענגלישן דזשענ־טלמען, וואָס זיינען אָנגעווענדט געוואָרן אויף אונדזער אַלט יידישקייט, האָבן געמוזט צוציען די הערצער פון אַלע גלות־יידן צו אים. אַזאַ שררה, אַזאַ מיליאָנער און אַזאַ הייסער ייד, אַזאַ ערלעכער ייד! ער האָט פיל פון אונדז נאָך ביז היינט געקאָנט לערנען, ווי אַזוי מען קאָן אָפּגעטפערן מיט אינעווייניקסטן, איבערצייגטן שטאָלץ אויף אויסנווייניקסטע פאַראַכטונג און רדיפות.

די יידן האָבן נאָך דעמאָלט קיין בירגער־רעכט נישט גע־האַט אין ענגלאַנד, משה מאַנטעפיאָרע ווערט אויסגעקליבן פאַר אַ „שעריף" פון דער לאָנדאָנער סיטי. טרעפט אַזאַ מעשה אין רוסלאַנד מיט אַ רוסישן יידן, וואָלט ער זיך געוויס באמת, כאָטש פון ערלעכקייט וועגן, צו באַהאַלטן זיין יידישקייט, אויף יעדנפאַל — עס צו פאַררוקן אין אַ זייט, עס זאָל זיך נישט וואַרפן אין די אויגן אַריין. משה מאַנטעפיאָרע טוט פונקט פאַר־קערט, ער בעט דעם לאָרד־מער אָפּצולייגן די צערעמאָניע, וואָס געפאַלט אין אַ יידישן יום־טוב, אויף אַן אַנדערן טאָג.

ער ווערט אַ „סער", אַן אַדליקער, אין קיניגלעכן הויף, בשעת דער צערעמאָניע, ווען די קיניגין וויקטאָריאַ לייגט אַרויף דאָס שווערד אויף זיין לינקן אַקסל לויט דעם אַלטן מנהג — דעמאָלט געפינט זיך צווישן אַנדערע מאַנטעפיאָרעס פאָן אַז אויף איר — דאָס וואָרט „ירושלים" מיט העברעישע אותיות. ער איז פאַרבעטן צו אַ פרינץ צום טיש און עסט קיין טריפות נישט. אויפן מיטאָג פון לאָרד־מער ברענגט מען פון אַ יידישער קיך באַזונדער כשר עסן פאַר אים. און אַזוי אויף יעדן טריט און שריט.

געוויס האָט ער דערביי פיל צו פאַרדאַנקען דעם אָנגעע־באָרענעם טאָלעראַנץ־געפיל פון ענגלישן פאָלק ד. ה. פון ענגלישן

דזשענטלמען, צווישן וועלכן ער האָט פאַרקערט. אפשר איז אַזאַ מין אויפפירונג, אַזאַ מין אַקצענטירן דאָס יידישקייט אין אַ צייט, ווען יידן האָבן נאָך קיין בירגער-רעכט נישט געהאַט— מעגלעך געווען נאָר אין ענגלאַנד, ווו די זעלבשטענדיקייט פון יעדן מענטש ווערט געשעצט איבער אַלעם אויף דער וועלט. דאָך האָט דאָ דאָס שטאָלצע געפיל פון אַלטע יידישע משפחות געשפילט נישט די קלענסטע ראָלע. ער האָט זיך פונקט אַזוי געפרייט צו זיין דער גבאי פון דער ספרדישער קהלה, ווי דער שעריף פון דער לאָנדאָנער סיטי; אַ שיר פון אַ העברעישן משורר האָט פונקט אַזוי געשמייכלט זיין אייגן-ליבע, ווי אַ גוטע אויפנאַמע אין אַ קייזערלעכן הויף.

מיט איין וואָרט: משה מאָנטעפיאָרע איז געווען דאָס, וואָס מען רופט געוויינלעך אַ „שיינער יידישער מענטש”, און ער איז עס געווען, פאַרשטייט זיך, אין דעם גרויסן מאַסשטאַב.

עס האָט זיך געדאַכט, אַז איר קאָנט דעם משה מאָנטע-פיאָרע אַריינזעצן צווישן איישישאָקער יידן, געבן אים דאָרט ששי און מאַכן אים פאַר אַ גבאי, — און ער וועט זיך גאַנץ הייכיש פילן — אַן אייגענער צווישן אייגענע.

און אַזוינע מענטשן זיינען געוויס ווערט געליבט צו זיין פון פאָלק.

## יא

### ריטמוס און מעלאָדיע.

יהואש: נייע לידער. צווייטער באנד

איר ליגט אין וואַלד אין אַ הייסן זומער-טאָג, עטעמט מיט שווערער דורכגעברענטער לופט, אין אייער האַרץ דריקט עפּעס אַ מאַטערניש, וואָס פעלט דאָך קיינמאָל נישט אין אַ לעבן. ס'איז בעצם אַ שווערע וועלט און אַ לאַנג לעבן. נחת — אַזוי ווייניק, מאַטערניש — אַזוי פיל; דער זומער איז אַזוי הייס און שווער, און דער וואַלד האָט אַזוי ווייניק שאָטן... שווערע, פוילע, דריקנדיקע געדאַנקען שלעפּן זיך אין קאָפּ, — אַן אומזיניקער פּלאָנטער, דער כאַאָס און די דיסהאַרמאָניע, פון וועלכע די מאָדערנע פּערזענלעכקייט זוכט ערגעץ-ווו צו אַנטרינען און וואָס זי געפינט אַזוי זעלטן.

שטיל איז אין וואַלד. נאָר אָט האָט זיך פון ערגעץ אַ בוים אין דער טיפעניש פון וואַלד אָנגערופן דער קו-קו. אַן אָרעם ליד קלינגט דורך דער לופט. צוויי טענער פאַרמאָגט אינגאַנצן דער פויגל, וואָס האָט קיין ליבע נישט אפילו צו

אייגענע קינדער, און דאָך שלינגסטו אַזוי גערן דאָס אָרעמע ליד. דאָס איז נישט קיין מעלאָדיע, נאָר בלויז ריטמוס. מאָדנע באַרויקט עס דאָס געמיט. ווי אַ זיידענער פליגל וואָלט געפאָכט איבער דעם שווערן כאַאָס פון דיין נשמה און געלינדערט דאָס מאַטערניש און געטרייסט, קו־קו, קו־קו, קו־קו... עס וועט זיך אַזוי ציען אין דער אייביקייט אַריין.

אין אַ ליכטיקער לבנה־נאַכט, פרילינג־צייט, טרילערט דער שפיל־פויגל. ווי מיט אַ ווייסן שניי באַוואָרפן שטייען די ביימער אין זייערע בליטן. דו מיט דיין כאַאָס — אין מיטן. ווהין האָט דיך דאָס ליד פאַרפירט? איז אַ נייע וועלט דיר אויפגעגאַנגען? אַ נייער קוואַל פון נחת און אַנטציקונג איז אין דיין נשמה אויפגעגראָבן געוואָרן? — נו, זע, מענטש! דו האָלסט דעם קאָפּ אויפגעהויבן, אַ ציטעריקע לופט פליסט דורך דיין בלוט, און לייכט זיינען דיינע טריט געוואָרן. וואָס איז געשען? —

און אָט האָט אַ לייכטער ווינט געמאַכט ציטערן די צווייגן, אַ שטערן פון הימל איז געפאַלן, דער פויגל האָט זיך פאַרקייכט אין שטילע, גיך־גיכע טרעלן... דו האָסט זיך פאַרבענקט נאָך דיין יוגנט? נאָך דעם ערשטן מיידלשן רייץ, וואָס האָט דיין לוסט דערוועקט? ווי גיך דאָס לעבן לויפט, ווי קורץ עס איז! איך האָב מורא: דאָס ליד וועט ווערן איבערגעריסן, נאָך דער לבנה־נאַכט וועט קומען אַ טאָג, און דער הימל וועט פאַר־צויגן ווערן מיט אַ כמאַרע... האַלט פעסט די רגע, דעם אויגנבליק!

דאָס איז די מעלאָדיע און איר פאַרפירערישע מאַכט.

גאָט אין הימל באַשאַפט נייע שאַרן פון מלאכים יעדן פרימאָרגן; דער דיכטער גיט אונדז נייע נשמות, נייע קוואַלן פון לוסט, אַנטציקונג, שיינהייט, בענקשאַפט און אַלע

אַנדערע געפילן, וואָס מאַכן פון דעם כאַאָס — הארמאָניע, וואָס באַוועלטיקן און פאַרפירן דעם צעבראָכענעם גייסט. ער שאַפט די איל וזיע, דאָס בישט-געוועזענע פאַר אים.

אויב די וועלט איז ליידן, איז די מעלאָדיע דער נחת פון דער וועלט; דער ריטמוס — דאָס שטיל־שווייגן, דאָס פאַר־גלעטן און פאַרלינדערן פון דעם מאַטערניש.

* *
*

יהואשס לידער זיינען ריטמוס. איך רייד בישט איצט פון דער פאָרם, נאָר פון גאַנצן אינהאַלט, פון דעם גאַנצן מין יהואש. ער זינגט פון לעבן און טויט, פון האָפענונגען און יאוש, פון גלויבן און צווייפל, פון לעבנס־לוסט און מידיקייט, פון ליבע און גרויזאַמקייט, פון ערהאַבענע מאָמענטן און דער נידעריקער ווירקלעכקייט א. אַז. וו. א. אַז. וו. ער איז דער פּאָעט פון גייסטיקע איבערלעבענישן: א ליריקער.

און עס פאַרשטייט זיך, אַז פון די עקסטרעמען האָבן טויט, יאוש, צווייפל, מידיקייט א. אַז. וו. די אויבערהאַנט. איז אָבער דער אונטערשייד, וואָס די איבערלעבענישן מאַטערן גע־וויינלעך אונדזער גייסט, דריקן דאָס געמיט, פּלאָנטערן זיך כאַאָטיש; ביי יהואשן ווערט פון דעם אַלעם אַן אייגנאַרטיקער ריטמוס, א געלאַסענער, א ביסל א מאָנאָטאָנער ריטמוס, וואָס שטילט־איין, באַרויקט, גלעט דעם מידן קאָפּ. לאָמיר זוכן א שאָטיקן בוים, אָנלענען דעם קאָפּ אויף דער האַרטער ערד, האַלב פאַרמאַכן די אויגן, און פאַרזאָרגט און שטיל־שווייגנדיק וואַרטן. די וועלט איז שווער, מאַטערדיק, פאַרדאָרבן, און קאָן בישט און וועט בישט בעסער זיין...

יהואש וועט אייך אָבער זייער זעלטן מיטרייסן מיט זיך,

ער פאַרמאָגט נישט די פּאַרפּירערישע מאַכט פון דעם זינגער, וואָס באַפאַלט אייך און באַוועלטיקט אייך און מאַכט אייך פאַר־געסן אייער גאַנצן באַלאַסט פון לעבן; וואָס באַשאַפט אייך אַן אילוזיע — זאָל זיין אויף אַ קורצע וויל — און אַ האַרמאָנישע שטימונג, — אַ מעלאָדיע.

איר לייענט די לידער, און איר בלייבט אַלץ ווייטער לעבן אין אייער וועלט; איר בלייבט מיט אייערע געדאַנקען, געפילן און איבערלעבענישן, נאָר עפּעס איז רויקער געוואָרן אין אייער גייסט, עפּעס איז פאַרגלעט געוואָרן, שטיל געוואָרן.

איר האָט אייך שוין געוויס נישט איינמאָל איבערצייגט אין אייער לעבן, אַז די פרייהייט פון אייער ווילן איז אַ פיקציע, אפשר האָט איר אין אַ האַנטבוך פון דער פילאָזאָפיע שטודירט דאָס פּראָבלעם פון פרייען ווילן און די קויזאַליטעט. פונדעסט־וועגן לייענט דורך דאָס ליד (ז. 19) „וויל און מוז" ביי יהואשן. און איר וועט פילן, ווי די גרויסע אַנטוישונג ווערט דורכגע־לעבט ריטמיש.

שרעקט אייך די אומענדלעכקייט מיט דעם שטומען סוד, וואָס זי באַהאַלט? ווייסט איר, אַז איר זענט אַריינגעוואָרפן גע־וואָרן אין דער דאָזיקער וועלט אַריין בלויז מיט אייערע פינף חושים, און אייער פאַרשטאַנד איז באַגרענעצט? — פונדעסטוועגן לייענט „דעם גבול" (ז. 7) „שכל במקום גאָט" (ז. 11), „גאָט־זוכעניש" (ז. 15), און זוכט נישט קיין פילאָזאָפישע פאַרטיפונג. די אַלע אידעען ווערן שטענדיק באַגלייט פון אַ געוויסן געפיל פון אַן איבערלעבונג; יהואש האָט זיי אויפריכטיק דורכגעלעבט, און זיי קלינגען ווי אַן עכאָ פון זיין ריטמישער נשמה.

* *
*

די אַלע דערמאָנטע געדיכטן געפינען זיך אין דער ערשטער אָפּטיילונג פון דעם בוך און טראָגן דעם נאָמען „לעבן און גלויבן". יהואש קומט דאָ אויס צו אַרבעטן מיט באַגריפן, וואָס זיינען ביז אַהער פרעמד געווען דער יידישער גאַס און דער יידישער שפּראַך. בשעת ווען לשון-הקודש האָט אַזאַ גרויסן שאַץ ווערטער אויף פּסיכישע צושטאַנדן, האָט די יידישע שפּראַך, די וואָכנדיקע, געמוזט נעמען די אַלע ווערטער גרייט פון העברעישן. נאָר מוז מען זען צו נעמען מיט אַ מאָס, עס זאָל נישט קלינגען פרעמד. יהואש האָט די אויפגאַבע נישט דערפילט. ער רעכנט זיך בכלל ווייניק מיטן גייסט פון דער שפּראַך. ער האָט ליב די דייטשע פאָרם פון צווילינג-ווערטער, וואָס מען דאַרף אין יידיש פּאָרזיכטיק באַנוצן; דערביי קומען ביי אים אויס געפּאָרט אַ דייטש וואָרט צוזאַמען מיט אַ העברעישע וואָרט („און דו ביסט דאַן ביחידות", „רולאָזן חלקים-טאַנץ, „סאַמע כחיר" א. ד. ג.

די צווייטע אָפּטיילונג, „געשטאַלטן און שאָטנס", ווו די אויגן פון דיכטער זיינען געווענדט שוין מער אויף דער אויסן-וועלט, ווי אויף די אייגענע איבערלעבענישן, האָט שוין אַ פרייערע שפּראַך, און פאַראַן דאָ געדיכטן, וואָס פאַנגען דאָס האַרץ פון לעזער מיט דער אוממיטלבאַרקייט פון געפיל. למשל, דאָס געדיכט „טויט" (ז. 59), וואָס דערציילט פון אַ טויט פון אַ חבר און לאָזט איבער אַ גאַנצן איינדרוק. דאָס איז אַ טרויעריקע, כאָטש נישט אָריגינעלע, מעלאָדיע, אַ גאַנצן איינדרוק מאַכט אויך דאָס געדיכט די „מצורעים" (ז. 69), ווען דער נאָמען וואָלט נישט געקלונגען אַזוי נישט-עסטעטיש.

די שוואַכסטע אָפּטיילונג פון דעם בוך זיינען די „צייט-

לידער”. אויב דער ערשטער טייל איז דורכגעלעבטע פילאָזאָפיע, איז דער דריטער שלעכטע פובליציסטיק, אַ מין פּראָטעסט אין גראַמען קעגן דער געלער אַמעריקאַנישער פּרעסע און דעם גאַסן-סאָציאַליזם מיט די „פּאָליטישענס”. „פון אַ רעוואָלוציאָנערן ספור” איז פשוט אויפגעשריבן ווי אַ שטיק כראָניק אין אַ ראַדיקאַלער צייטונג. אין אַ שווערער, אומגעלומפּערטער, כמעט נישט-פאַרשטענדלעכער שפּראַך זיינען געשריבן די איבערגעזעצטע לידער פון אָמאַר-כאַיאַם; געלונגענער איז שוין די צווייטע איבערזעצונג „סאַקיאָ מוני”, פון מערעזשקאָווסקי. פאַר דאָס ברענגט די פרייע לוסטיקע שפּראַך אין דער לעצטער אָפּטיילונג „אין לאַך-שפּיגל” גאָר אַן איבעראַשונג. יהואשן דוכט זיך, אַז ער נידערט אַראָפּ פון זיינע פילאָזאָפישע לידער און אַנטשולדיקט זיך אַזש פאַרן לעזער אין אַ טאָן פון סאַרקאַזם:

איצט האָב איך גלעקלעך אָנגעטאָן
און רייד מיט קאָמעדיאַנטן-טאָן
און פיטער זיי מיט שפּאַסן,
און זע, ווי אַלע קוועלן אָן,
נאָר איך, איך מוז זיי האַסן...

מוז איך מיך אָבער אַליין, דער שרייבער פון די שורות, צוצײלן צו די געהאַסטע פון דיכטער. די גערדיכטע ווי „דור-הפלגה”, „כאַ-כאַ-כאַ אַ קאָנסטיטוציע” לייענט מען מיט אמתן פאַרגעניגן, און עס קלינגט אין זיי אַ נישט-געפעלשטער און נישט-געקינסטלטער הומאָר:

דער טאַטע איז אַ קלוגער ייד,
האַלב משכּיל און האַלב פרומער,
ער גלויבט אין כּרמל-ווײן און גלויבט —
אין יין-המשומר...

עס באַקומט זיך כמעט אַ בילד.

עס איז אַ מאָדנער איינדרוק, וואָס איך באַקום שטענדיק פון יהואשס אַ בוך. עס איז אַ מענטש מיט אַן אומבאַדינגטער דיכטערישער באַגאַבונג. נאָר דאַכט זיך אַלץ אויס, אַז ער האָט די ריכטיקע פאָרם פאַר זיין „איך" נישט געפונען. די ערשטע לידער זיינע, ווי „מזמור שיר ליום השבת" און אַנדערע, וואָס זיינען געדרוקט געווען אין י. ל. פרצס אויסגאַבן, האָבן זייער פיל צוגעזאָגט, מער ווי יהואש האָט געגעבן. אפשר איז אַמע־ריקע, די נייע היימאַט פון דיכטער, שולדיק דערין? ער איז אין דעם נייעם לאַנד געבליבן אַ גר, האָט זיך נישט צוגעפּאַסט צו דעם גרויסן טומלדיקן און קרעפטיקן לעבנס־יריד, און ער איז געבליבן ווי אָפּגעריסן, ווי הענגען צווישן צוויי וועלטן.

צי איז נישט דאָס דער סוד פון זיינע אָנמעכטיקע גאָט־זוכענישן און פּאַרטיפונגען אין די אייגענע איבערלעבענישן, וואָס האָט ביז אַהער קיין מעלאָדיע נישט געגעבן, נאָר אַ מאָ־נאָטאָנעם ריטמוס? —

אַ בלימל איז אויסגעריסן געוואָרן פון זיין שורש, און קאָן נישט איינגעפלאַנצט ווערן אויף אַ נייעם באָדן...

## יב

## עמיץ און ערגעץ און וועןייץ!

„עמיץ" איז געבוירן געוואָרן צווישן טאָג און נאַכט, בין־השמשות. די שאָטנס האָבן אַ ציטער געטאָן, און אַלע האָבן געפילט (כאָטש קיינער האָט נישט געזען, נישט געהערט און נישט אָנגעטאַפּט) זיין דאָ־זיין. מייסטנס איז עס געווען שוואַרץ אָנגעטאָן און געגאַנגען אין זאָקן. עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אָרט פון זיין געבוירט איז „ערגעץ". די צייט? אָט פעלט גראָד אין דער יידישער שפּראַך אַ וואָרט פאַר דער אומבאַשטימטער צייט. „אַמאָל" איז צו פאַרעווע, גיט קיין שום ווידערקלאַנג נישט. איך וואָלט פאָרגעשלאָגן: „וועןייץ". האַרטלעך אַביסל, אָבער עס מאַכט נישט אויס, אַז מען געוויינט זיך צו, קאָן מען איינבייסן.

היינט קאָן מען פון „עמיצן" אָפּלאַכן, אויב מען וויל. איך מיין, אויף דער עלטער איז ער געוואָרן אַ נודניק, אָבער ער איז אַמאָל (טאַקע אַ מאָל, אונטערצושיידן פון „וועןייץ")

געווען יונג און פריש, און מיר אַלע האָבן אַמאָל געפילט זיין אינטימיטעט און דער אָטעם האָט פאַרכאַפּט.

עמיץ... ערגעץ... וואָסערער וווּנדערלעכער כּשוף! אין דער נשמה שאַלט אַ ווידער־קול, עפּעס ציטערט. וויבראַציעס אָן קלאַנג. אַ באַגראָבענע אַטאַוויסטישע אימה לויפט דורך. אַ פאַרגעסענער חלום דערוואַכט און פאַרשווינדט. אין אונדזער אונטער־באַוווּסטזיין ליגן גאַנצע פּעק איבערלעבענישן פון קור־צער עקזיסטענץ און באַדייטונג, אָנגעוואָרפענע סקעלעטן פון זומער־פייגעלעך: זיי נעמען פאָכען מיט די פליגעלעך.

אָבער נישט נאָר אַ רייץ פאַר די נערוון איז „עמיץ" געווען: עס איז געווען אַ קונסט־מאָטיוו.

מעטערלינק אין זיין „גאַס" האָט דעם מאָטיוו פאַרדיכ־טעט. אָנשטאָט דעם מלאך־המות מיט זיינע טויזנט אויגן און דער שאַרפער שווערד אין האַנט, אָנשטאָט מעפיסטאָפעל מיט דער רויטער מיץ, אָנשטאָט דעם סקעלעט מיט דער קאָסע, איז צוגעקומען אַ נייע געשטאַלט — „עמיץ". אַ געשטאַלטלאָזע גע־שטאַלט אָבער דאָך אַזאַווירקלעכע, אוממיטלבאַרע, „עמיץ" איז, צוגלייך מיט מעפיסטאָפעל, איוב צי פּראָמעטעוס, געוואָרן אַ קינסטלערישע רעאַליטעט.

פון דעמאָלט אָן איז ער געוואָרן אַ תּושב אין דער ליטע־ראַטור, ביי אַלעמען אויף דער צונג און אויף דער פּעדער.

זומער־פייגעלעך דרייען זיך אַרום אַ ליכט; פּאָעטן — אַרום שאָטנס, נאָר באַזונדערס — יונגע פּאָעטן און סענטימענטאַלע. „עמיץ" איז דער שאָטן פון אַלע שאָטנס, אַזוי צו זאָגן: דער „איבער־שאָטן".

און „עמיץ" איז איצט געוואָרן כּמעט די הויפּט־פיגור אין דער **דישער פּאָעזיע, אין אוקראַינע אַזוי ווי אין אַמע־ריקע (פוילן שרייבט אַלץ נאָך באָוועלן, סקיצן און ראָמאַנען).

אָבער אַלץ, אָדער כּמעט אַלץ, איז אַזוי פֿאַר„עמיצט״ און פֿאַר-ערגיצט״, אַז אָנשטאָט אימהדיק, הויבט עס אָן צו ווערן לעכערלעך.

„ערגעץ וואָגלט ווער אַרום״. — „עמיץ פּויזעט, טאַפּט מיט די פֿינגער״. — „גייט דיר נאָך״. — „עמיץ בעט זיך ציטע-דיק״. — „ערגיץ איז אימיצער טויט״. — „קומט ווער אַריין און גייט אַרויס״. — „עמיץ בעט רחמים״. — „איך הער אַן אָנ-ריר פֿון עמיצנס האַנט״ — „דרייט זיך אייגער אַרום מיר״. — „עמיצנס קול״. — „אימיצער זאָגט מיר״, א. אַז. וו.

דאָס האָב איך אויף אַ טשיקאַווע דורכגעבלעטערט אַן ערך 30 זייטלעך פֿון אַ יונגן דיכטער, גראָד פֿון די בעסטע און באַרימטסטע, נייע, די אַנדערע — דאָס זעלבע. „ערגיץ״ און „עמיץ״ זיינען די באַליבטסטע אויסדריקן.

עס דאַכט זיך, אַז אין דער יידישער פּאָעזיע זינגט איין כאָר, איין-איינציקער מאָטיוו. די סאָפּראַנען און די אַלטן און די באַסן, יעדער אויף זיין שטייגער: „איך ווייס נישט ווער, איך ווייס נישט וווּ; עמיץ, ערגיץ זיפֿצט, וויינט שטאַרבט... ערגיץ... ווען־יץ״...

יעדער מאָטיוו אין דער קונסט קאָן פֿאַרשיידן אויסגענוצט ווערן. מען קאָן דאָך נישט פֿאַרלאַנגען פֿון יעדן באַגאַבטן קינסטלער, אַז ער זאָל קומען מיט זיין אייגענעם נייעם מאָטיוו. עס וואָלט געהייסן: צופֿיל פֿאַרלאַנגט. אויפֿן פֿאַרנאַס פֿאַרנעמען אַ בכּבודיקן פּלאַץ נישט נאָר גאַנצע געטער, נאָר אויך האַלבע און פֿירטל-געטער, אַן אייגענעם נייעם מאָטיוו פֿאַרלאַנגט מען פֿון אַ זשעני. זעלבשטענדיק אויסנוצן אַ מאָטיוו, אים ניואַנ-סירן, געבן אים אַ נייע פֿאַרב, צי אַ נייע באַדייטונג, — דאָס איז אויך פֿיל.

איינפֿירן אַ נייעם, נאָכנישט באַקאַנטן מאָטיוו פֿון דער

וועלט-ליטעראַטור איז אויך אַ פאַרדינסט. דאַכט זיך, „עמיץ" איז איינגעפירט געוואָרן ביי אונדז שוין מיט אַ יאָר 15 צוריק דורך דוד איינהאָרן. פון דעמאָלט אָן קאָן איך מיך נישט דערמאָנען, אַז דער מאָטיוו זאָל האָבן געווען פרוכטבאַר. איך מיין שעפעריש פרוכטבאַר איז ער נישט געווען, ווייל געפרוכפערט און פאַרמערט האָט ער זיך. נאָך ווי!

די לבנה שווימט אין אַ בלויען הימל. — אַ פלייט שפילט פון ווייטן. — אַ טייך מורמלט שטיל. — די בלעטער רוישן. — בענקשאַפט צו דער געליבטסטער. —

היינע זאָגט: דאָס איז אַן אַלט ליד און בלייבט דאָך שטענדיק ניי. דאָס איז אָבער נישט אינגאַנצן ריכטיק. ווייל די דאָזיקע שטימונג אַלס קונסט-מאָטיוו האָט זיך איבערגעלעבט. און ווילט איר זי איצט מאַכן, מוזט איר האָבן נייע פאַרבן, גאָר נייע בילדער.

אָט ליגט פאַר מיר אַ באַנד כינעזישע פּאָעזיע, אַ זאַמלונג, וואָס שטרעקט זיך אויס איבער 3000 יאָר, פון דעם בוך שי קינג (12-טער יאָרהונדערט פאַר ק. ג.) ביז צו דעם מאָדערנעם לי-סאָנגפלון. איר לייענט דאָס ערשטע, דאָס צווייטע און דריטע געדיכט, און איר זענט אַנטציקט. אַזאַ ווייכקייט, אַזאַ פיינקייט, אַזאַ ראַפינירטקייט, אַזאַ פאַרבענקטע איינזאַמקייט. אָבער איר קומט צום צענטן און צום צוואַנציקסטן געדיכט, און די התפעלות אייערע קילט זיך אָפּ. איר שפרינגט איבער יאָרהונדערטער, און דער מאָטיוו בלייבט שטענדיק גלייך זיך אַליין. אַ מיידל, אַ בחור, אַ ליבשאַפט, אַ פלייט, אַ טייך, צעריסענע נעפלען, לבנה, שטערן, שטילע ווינטלעך. אַזוי האָבן די כינעזישע פּאָעטן געזונגען פאַר 3000 יאָר, פאַר 2000, פאַר 1000 און ביז צום היינטיקן טאָג! איר דערפילט די פאַרגליווערטקייט, די שטאַרע ירושה, די אָרעמקייט פון געפיל-לעבן, כאָטש די שאָטנס ציטערן

אַלץ נאָך אַזוי פאַרחלומט, און די כוואַליעס פון טייך שפּילן אַלץ נאָך אין ליכט פון דער לבנה, אַזוי ווי אין ערשטן ליד.

איך ברענג אָט דעם משל, כדי מען זאָל מיך בעסער פאַרשטיין. עמיצס חסידים קאָנען מיך נאָך וועלן פאַרוואַרפן מיט שטיינער. איך האָב אָנגערירט אַ הייליקייט, מיט מיינע טמאַ-דיקע הענט. איך קאָן נישט משיג זיין די דערהויבנקייט און שיינקייט פון עמיצן. דעריבער רייד איך אַזוי שפּאָטיש.

איך האָב גאָרנישט ספּעציעל קעגן עמיצן. אַזוי ווי ביי יעטוועדן מענטשן לעבט אויך ביי מיר אין דער נשמה די צאַטאַוויסטישע אימה פאַר דעם אומבאַקאַנטן. אַלס קונסט-מאָטיוו האָט מיר „עמיץ" נישט איינמאָל געגעבן קינסטלערישן געניוס. אָבער וואָס וועט איר זאָגן צו אַ פּאָעט, וואָס וועט אייך איצט נעמען זינגען גאָר אויף דאָס-ניי, ווי קיינמאָל גאָרנישט: „די לבנה שווימט צווישן וואָלקן, אַ פייגעלע צוויטשעט" א. אַז. וו., א. אַז. וו.? — איר וועט אייך פאַרשטאָפּן די אויערן, איר וועט אַנטלויפן, איר וועט כאַפּן דעם פּאָעט פאַר דעם גרגרת, אָדער איר וועט אייך אַ מעשה אָנטאָן.

וואָס די כינעזער קאָנען זיך דערלויבן דריי טויזנט יאָר נאָכאַנאַנד, און עס ווערט זיי נישט מיאוס, דאָס קאָן דער אייראָפּעער זיך נישט דערלויבן דריי צענדליק יאָרן.

מיטן עמיצן שטייט עס נאָך ערגער, ווי מיט יענעם כינעזישן מאָטיוו, ווייל דער לעצטער איז דאָך אַ וועלט-מאָטיוו; אויב דאָס ליד בלייבט שטענדיק ניי, איז די איבערלעבעניש דאָך שטענדיק פריש און ניי, אַזוי לאַנג ווי עס זיינען פאַראַן פאַרליבטע יונגע פּאָרלעך אויף דער וועלט, וואָס בענקען איינער צום צווייטן.

עמיצן אָבער שטייט פאַר די גרויסע סכנה צו ווערן מיט דער צייט אַ לעכערלעך באַשעפעניש, אַ לעקיש. איינמאָל האָב

איך אינסטינקטיוו אַ ציטער געטאָן; דאָס צווייטע מאָל האָב איך זיך נאָך אַלץ אָפּגערוקט מיט כּבוד; דאָס דריטע און פירטע מאָל איז ער מיר גלייכגילטיק. צום פינפטן און זעקסטן מאָל — באַהיט גאָט! אַ סקאַנדאַל וועט זיין. מען וועט כאַפּן בענקלעך און וואַרפן עמיצן אין קאָפּ אַריין.

ווייל עמיץ האָט אָנגעהויבן צו נודען. דאָס ערגסטע און בידעריקסטע, וואָס קאָן פּאַסירן אין דער קונסט...

## יג

### 47 זשעניען זיינען אונדז געבוירן געוואָרן.

דער נאַטור ווערט מיאוס אַמאָל זיך אויפצופירן סטאַ־טעטשנע לויט געזעצן, צו לאָזן לויפן אירע שטערן און זונען צו דער מינוט און דער סעקונדע ווידער אַמאָל און ווידער אַמאָל אין אייגענעם ראָד; עס ווערט איר מיאוס אַמאָל צו זען די אייגענע מענטשן מיט זייערע שטענדיקע קורצע השגות — און זי האָט זיך אירע קאַפּריזן.

ווערט אַ שטערן אויסגעלאָשן ערגעץ אין די ווייטקייטן פון מילך־וועג, שפּרינגט־אַרויס אַן אינזל פון ים, וואַרפט זי איבער אַ טייך פון איין אָרט אויפן צווייטן, אָדער מדינות ווערן חרוב פון ערד־ציטערניש.

און אויף דער ערד צווישן די מענטשן, וואָס זייערע חושים און זייער פאַרשטאַנד זיינען אָפּגענוצט, פאַרטעמפּט און שרעקלעך באַנאַל, וואָס זייערע אויגן זיינען פאַרטונקלט און זייער בליק איז באַגרענעצט פון אַלע זייטן, אַזוי ווי דער בליק פון אַ פערד, וואָס גייט אין שפּאַן, — אָט צווישן די אָרעמע און

זייער פאַרהאַװעטע מענטשן װערט געבוירן ד ע ר ז ש ע נ י.

אַזאַ איינער, װאָס הויבט-אָן פון דאָס-ניי, מיט חושים פאַרשאַרפטע, מיט אַ פאַרשטאַנד, װאָס זעט טיפער, ברייטער און װייטער... מיט איין װאָרט — אַ זשעני װערט געבוירן.

עס האָט אַמאָל געטראָפן (איך װייס נישט גענוי װען), אַז אַזאַ זשעני איז געבוירן געװאָרן, און די װעלט האָט אים נישט אָנערקענט. מען האָט אים פאַרשװיגן, מען האָט אים נישט פאַרשטאַנען, מען האָט אים אויסגעלאַכט.

מען דאַרף די מענטשן דאָס נישט נעמען פאַר אומגוט. זיי האָבן דאָס נישט געטאָן פאַר בייזװיליקייט, װי צוליב זייער באַרישקייט און זייער באַנאַליטעט, ד. ה.: צוליב דער געװיינ־הייט, װאָס זיי האָבן, צו טראַכטן נאָר, װאָס אַלע טראַכטן, װאָס דאָס איז גלייך, װי גאָרנישט טראַכטן.

דער זשעני אָבער איז געװען אַ טראַכטער און אַ שעפער, האָט געליטן פיין, נויט און פאַרדרוס, און מען קאָן נישט גע־נוי װיסן, צי דער װעלט איז אַרויסגעקומען אַ רעה דערפון, צי אַ טובה.

װייל ס'איז אַ סברא, אַז אַ הונגעריקער זשעני איז נישט װייניקער שעפעריש, װי אַ זאַטער, אַז װען מען צערייצט אַ לייב װאַקסט זיין כח.

פריער אָבער, צי שפעטער, איז דער זשעני דאָך געװאָרן אָנערקענט און די גרויסע מוזעומס האָבן געזאַמלט זיינע מאַנו־סקריפטן, און גרויסע מענער פון דער װיסנשאַפט האָבן אויסגע־פאָרשט גענוי די דאַטומס פון זיין לעבן, און אַ גאַנצער טראַק־טאַט איז אָנגעשריבן געװאָרן, כדי אויסצוגעפינען װו זיין דריטע געליבטע איז געבוירן געװאָרן און אין װעלכן יאָר.

ס'זיינען געװען אויך אַנדערע זשעניען אויף דער װעלט, אַזוינע, װאָס זיינען בעקומען אין ליכט און גלאַנץ און אין

טריומף, וואָס אַלע האָבן באַלד אָנערקענט, און יעדער איינער האָט — לויט זיין השגה — פאַרשטאַנען און זיי זיינען געווען בעליבט און געאַכפּערט.

אָבער וועגן די גליקלעכע זשעניען ריידן מיר איצט ניט. מיר ריידן פון דעם זשעני, וואָס מען האָט נישט פאַרשטאַנען.

דאָס איז געווען אַן אומגליק, אַן אמת וועלט-אומגליק, און אַ געוויין אויף אַלע דורות. די מעשה, וואָס ס'האָט זיך פאַרלאָפן מיט דעם זשעני, וואָס זיינע געדאַנקען זיינען געווען אַזוי טיף און אָריגינעל, אַז מען האָט אים נישט פאַרשטאַנען, האָט געבראַכט אַ צעמישעניש אויף דער וועלט, און אַלערליי ליטעראַרישע לאָבוסעס, אַלערליי זשוליקאָוואַטע גראַמאַרעס (על משקל שמוגלאַרעס) האָבן אויסגענוצט די צעמישעניש, אַזוי ווי מען נוצט-אויס מוטנע וואַסער, כדי צו כאַפּן פיש.

וואָס? איר פאַרשטייט מיך נישט? איר זאָגט, אַז ס'קלעפּט זיך נישט אַ וואָרט צו אַ וואָרט? איר האָט אוודאי נישט געהערט די מעשה מיט יענעם זשעני, וואָס מען האָט אים נישט פאַרשטאַנען. אַהאַ! זעט איר! אָט אַזאַ זשעני בין איך...

און מען האָט אָנגעוואָרפן אַ מורא אויף די מענטשן-לעזער.

דער גאַנץ-געוויינלעכער לעזער איז איצט אַ צעשראָקענער און אַ צעטומלטער. פאַרשטיין טוט ער נישט, אַ הנאה האָט ער אוודאי נישט, אָבער ער האָט מורא אויסצוזאָגן זיין מיינונג, גאָט! פאַרוואָס קומט דאָס אים צו זיין דער אָפּגעשטאַנענער, פאַרעלטערטער, באַנאַלער מענטש, וואָס אָנערקענט נישט דעם זשעני, מיט וואָס האָט ער זיך דאָס אַזוי פאַרזינדיקט! אַדרבה, דאַכט זיך, ער האָט ליב די קולטור, ער האַלט פון קונסט, גייט ממש אויס פאַר קונסט... אין פאַריין האָט מען אָנגענומען אַ רעזאָ-לוציע אין דעם זין.

ער האָט אַן איידל געוויסן, דאָס מענטשן-קינד, דער לע־
זער, און ער וויל נישט זיין פון די, וואָס רודפן אַ זשעני.

מיינע הענט האָבן דאָס בלוט נישט פאַרגאָסן... — טרייסלט ער זיך אָפּ.

אַ זשעני! אַ זשעני! אַ זשעני!

נישט מער — ביכער קויפט ער נישט, אָט דער לעוער מיט דעם איידעלן געוויסן, לייענען האָט ער אויפגעהערט, ווייל וואָס וועט אים העלפן דאָס לייענען, אַז פאַרשטיין וועט ער סיי־ווי נישט.

און מיר האָבן אַ מוראדיקן ביכער-קריזיס.

און די אַלע צרות, מערקט איך, שטאַמען דערפון, וואָס אַמאָל (אין וועלכן יאָרהונדערט?) האָט די נאַטור געהאַט איינע פון אירע קאַפריזן, און אַן אמתער זשעני איז געבוירן געוואָרן, די וועלט האָט פאַרלוירן איר באַשטענדיקן באַנאַלן גאַנג, דער זשעני האָט זיך געמוזט באַשאַפן אַ נייע שפּראַך נייע מיטלען פון אויסדרוק, און מען האָט אים געלייענט און נישט פאַר־שטאַנען.

און מיט מיר אַליין האָט עס פּאַסירט. איך האָב געוווינט אַמאָל אין ווייטע מקומות, צווישן פרעמדע מענטשן און אַ פרעמ־דער שפּראַך, און איך האָב מיך פאַרבענקט נאָך אַ יידיש וואָרט, שטאַרק זיך פאַרבענקט צו לייענען אַביסעלע ליטעראַטור.

און איך האָב מיך זייער דערפרייט, ווען צו מיינע הענט האָט דערגרייכט אַ ביכעלע פּאָעזי, זייער שיין, זייער מאָדערן אַרויסגעגעבן, מיט ווינעטקעס, מיט צאַצקעס, מיט ריסונקעס.

איך האָב געלייענט און נישט פאַרשטאַנען.

אָבער מיין געוויסן איז אויך נישט פון לעדער, און מיר ווילט זיך אויך נישט זיין קיין אָפּגעשטאַנענער, און מיר ווילט זיך נישט זיין איינער, וואָס רודפט אַ זשעני, האָב איך דאָס

ביכלע אװעקגעלייגט מיט גרויס רעספעקט, האָב שװער אָפּגע-
זיפצט, און געטנהעט מיט זיך אַליין, למאי פאַרשטיי איך נישט
קיין זשעני.

דערנאָך איז אָנגעקומען אַ מיסטעריע אין פערזן, אַ פּורים-
שפּיל אין פּראָזע, איך האָב געלייענט, נישט פאַרשטאַנען און
געזיפצט.

נאָר איינמאָל האָט פּאַסירט אַן אויסערגעװײנלעכע זאַך:
איך האָב געקראָגן צו לייענען אַ קליין זאַמל-ביכל פון רוסלאַנד;
אויף אַן ערך 150 זײַטלעך זיינען געװען רעפּרעזענטירט 47
נייע פּאָעטן, אַלע 47 לויטער זשעניען, איינער װי דער
אַנדערער.

נישט קיין איינציקן איז מעגלעך צו פאַרשטיין.

פאַר דאָס קאָנט איר יעדן איינציקן לייענען פון הינטן
אַרויף, פון לינקס אויף רעכטס, און מיט דעמזעלבן גענייאַלן
ערפאָלג פון נישט-פאַרשטיין.

דעמאָלט ערשט האָב איך זיך צעבוינטעװעט נישט אויף
קאַטאָװעס.

47 זשעניען זיינען אונדז געבוירן געװאָרן מיט איינמאָל!
דאָס איז צופיל.

דער זשעני װערט דאָך ערגער, װי די ערגסטע באַנאַליטעט.

עס איז אַן אָנשיקעניש, אַ פּלאָג פון הײשעריקן אויף די
פעלדער פון דער יידישער ליטעראַטור — אָט די זשעניען.

און איך האָב באַשלאָסן ביי מיר, אַז—בושה אָן אַ זייט —
איך מוז אויסשרייען פאַר דער גאַנצער װעלט, אַז די גאַנצע
מעשה איז אַ ליגן.

נישטאָ קיין 47 זשעניען, נאָר 47 נישטיקע, קליינלעכע
און זשוליקאָװאַטע גראַמאַרעס, אַז מהיום והלאה איז א ו י ס
מיט דער גאַנצער געשיכטע:

קיינמאָל נישט געווען אַזאַ זשעני, וואָס מען האָט נישט פאַרשטאַנען, קיינמאָל וועט ער נישט זיין, און אַז מען שרייבט, מוז מען פאַרשטיין, ווייל דאָס איז די גאַנצע קונסט פון צוזאמענשטעלן אותיות אין ווערטער און פראַזן, אַז מען זאָל פאַרשטיין, און נאָך און נאָך אַזוינע אפיקורסישע, נישט-מאָדערנע רייד.

ווייל די פאַרצווייפלונג איז שטאַרקער ווי אייזן, און ס'איז אַ פאַרצווייפלונג צו זען 47 זשעניען קומען מיט איינמאָל אויף 150 זייטלעך.

## יד

## דער פּראָצעס פון שאַפן און די עראָטיק — אָדער אַ וואָרט וועגן קריטיקער.

איך וויל זאָגן אַ וואָרט וועגן קריטיקער, און דער פאַר־לאַנג פון מיין האַרץ איז, איך זאָל זיין גערעכט און אָביעקטיוו אין מיין זאָגן, מינדעסטנס כאָטש אַזוי ווי קאָנפוציוס, דער גרויסער חכם פון כינע, איז געווען. אַזוי האָב איך אויף מיר גענומען און אַזוי העלף מיר גאָט.

איך רייד וועגן קריטיקער, און איך מיין אַלע און מיין קיינעם ניט. איך מיין דעם קריטיקער אַלס טיפּ, דעם קרי־טיקער פון ריינער נאַטור. דאָס איז אַזאַ קריטיקער, וואָס שאַצט־אָפּ, וואָס פאַרגלייכט, וואָס אַנאַליזירט, וואָס זאָגט מבינות: דער, וואָס שטייט ביי דער שוועל פון דער קונסט און לאָזט־אַריין און לאָזט־אַרויס. ביי אונדז, יידן, איז ער ניט קיין זעלטנהייט. אין בערדיטשעוו איז אַ מנהג, אַז ווען אַ ייד האַנדלט אַליין ניט מיט קיין קאָרט און קיין לייוונט, אַ מבין אויף אַ שטיקל סחורה איז ער פונדעסטוועגן. פאַראַן אַ סך בערדיטשע־

ווער ביי אונדז, און לאָמיר זאָגן וועגן זיי אונדזער וואָרט.

שוין אין די אַלטע צייטן האָט מען אויסגעפונען, אַז פּאָעטן זײַנען זייער ענלעך צו פרויען, און גאָר באַזונדער — צו שיינע פרויען. אַחוץ אַלע אַנדערע זאַכן, ווז די ענלעכקייט ווייזט זיך אַרויס, ווי, למשל, די שוואַכקייט אין ציילן און רעכענען, די אומבאַהאָלפנקייט אין רעאַלן לעבן און דער פאַקט, וואָס זיי אַלע גיבן זיך צופיל אָפּ מיט זאַכן פון געפיל, און דערפון קומט־אַרויס, וואָס די לאָגיק עקזיסטירט כמעט נישט פאַר זיי — אַחוץ די ענלעכקייטן, זאָג איך, דאַרף מען דערמאָנען נאָך איינע, און דאָס איז: דאָס באַשטענדיקע, אויף קיין איין רגע נישט אָפּלאָזנדיקע, באַדערפעניש צו זיין אַרומגערינגלט מיט אויפמערקזאַמקייט. אַ פיש אין וואַסער איז אינדערהיים, און אַ שיינע פרוי קאָן לעבן נאָר אין אַן אַטמאָספער פון באַוווּנדערונג און פאַרליבטקייט. שטעלט זי אַוועק אַליין, זאָל זי אויפהערן צו פילן אויגן, וואָס העפטן אָן איר שיינקייט, בליקן, וואָס עסן זי לעבעדיקערהייט, און איר וועט פאַרפעלן אָטעם, מינדעסטנס, וועט זי קריגן אַ מיגרען. און מיט די פּאָעטן איז עס אויך אַזוי: עס ציט זיי ווי מיט אַ מאַגנעט צו רום. אַלץ אויף דער וועלט וועלן זיי פאַרטראָגן: נאַרישע קאָמפּלימענטן, ליבע־דערקלערונגען פון עלטערע מיידלעך, אויסגעדרייטע שיך, אפילו הונגער, נאָר נישט גלייכגילטיקייט.

באַקאַנט איז אויך, אַז דער פּראָצעס פון שאַפן ביים פּאָעט שטייט זייער נאָענט צום פאַרהוילענעם פּראָצעס פון פרוכפּערונג אין דער גאַנצער נאַטור, און איז פאַרבונדן מיט דעם אויפשטיין פון נייע דורות. דערביי איז דער פּאָעט מער געגליכן צו אַ מוטער איידער צו אַ פאָטער. מען קאָן דערויף ברענגען פאַרשיידענע באַווייזן. איך וויל אויסקלויבן נאָר איינעם: אַ מאַמע האָט ליב איר לעצט־געבוירן קינד מער ווי אַלע

איבעריקע. איר דאַכט זיך, אַז דאָס יונגסטע איז דאָס שענסטע, דאָס גרויסאַרטיקסטע, וואָס זי האָט געבראַכט אויף דער וועלט, מעג עס זיין גראָד נישט-געראָטן, גראָד שוואַך און קרענקלעך. די פּאָעטן האָבן אויך אַ נאַטור, אַז דאָס לעצטע פון זייער פעדער, מעג עס זיין דאָס שוואַכסטע ווערק, זעט ביי זיי אויס דאָס גרעסטע און שענסטע. וואָלט אָבער דער פּאָעט אין דער באַציונג צו זיין ווערק געווען אַ פּאָטער, וואָלט ער געקאָנט קלאָרער באַטראַכטן זיין מעגנגע פרוכט און עס אָפּשאַצן אָביעקטיווער. ווייל די פּאָעטן זייגען, אין תוך אריין, די גרעסטע (אפשר די איינציקע) מבינים, אָפּשאַצער, געניסער פון קונסט.

און וואָסער ראָליע, פרעגט זיך, שפּילט דער קריטיקער אין דעם פאַרהוילענעם פּראָצעס פון שאַפן? וואָסער פונקציע דערפילט ער דאָ אויס און ווו איז זיין ריכטיקער פּלאַץ?

מיט דעם עצם פּראָצעס פון שאַפן האָט ער נישט וואָס צו טאָן. דאָס, מיין איך, איז קלאָר פאַר אַלעמען, און מען דאַרף דערויף נישט צו ברענגען קיין שום עקסטרע באַווייזן. באַקאַנט איז אויך, אַז דער קריטיקער איז נישט קיין שעפערישע נאַטור. דער אויסערלעכער סימן פון אַ פּאָעט איז אַ באַוואַקסענער קאָפּ האָר, און פון קריטיקער — אַ פּליך (מען האָט באַמערקט, אַז וואָס גרינטלעכער און גלאַנצנדיקער אַ פּליך איז, אַלץ סעריעזער, וואָגיקער איז די קריטיק און אַלץ מער אָנגענומען איז זי ביים פובליקום).

פון דער צווייטער זייט אָבער קאָן מען נישט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז דער קריטיקער האָט גאָרנישט וואָס צו טאָן אינם טעמפּל פון קונסט, אַז מ'דאַרף אים פון דאָרט דערווייטערן. ווען איר באַטראַכט די נאַטור מיט אַ רויקן געדאַנק און אַ קלאָרן געמיט, מוזט איר קומען צום באַשלוס, אַז אַלץ, וואָס איז פאַראַן, האָט אַ באַרעכטיקונג און פאַסט אויף זיין אָרט.

ווען נישט, וואָלטן אים די כּוחות פֿון דער נאַטור (וואָס איז קליגער פֿאַר אונדז) צעמורמלט און אַרויסגעשטויסן. דער קריטיקער אָבער בלאָנקעט זיך שוין אַרום דער קונסט עטלעכע מענטשלעכע דורות, ער וואַנדערט פֿון לאַנד צו לאַנד, פֿון קולטור צו קולטור, — אַ באַווייז, אַז ער האָט דאָ אַ שליחות אויסצופֿילן.

מיר מוזן דעריבער צוריקקערן צו דער עראָטיק, כּדי אויסצוגעפֿינען די ריכטיקע ראָלע פֿון קריטיקער. לאָמיר דעריבער אָנשטאָט דעם „טעמפּל פֿון קונסט" אַוועקשטעלן דעם „טעמפּל פֿון ליבע", אָדער קירצער נאָך: דאָס וואָרט „האַרעם", דעם קריטיקער וועלן מיר אָנרופֿן מיט דעם אַלגעברישן צייכן „עוונוך", און אַלץ וועט מיטאַמאָל קלאָר ווערן אין ליכט פֿון וויסנשאַפֿטלעכן אמת.

דער עוונוך שטייט ביי דער טיר פֿון האַרעם. קיין אינערלעכע שייכות האָט ער נישט צו ליבע און צו פֿרויען־שיינקייט, אָבער אַ מבֿין איז ער, אַ זאַך־קענער, פֿיל־פֿיל מער, ווי אַלע פּאַשאַס פֿון טערקיי, עגיפּטן און פּערסיע. ער האָט אַזוי פֿיל פֿרויען געזען אין זיין לעבן, פֿון פֿאַרשיידענע ראַסן, פֿון פֿאַרשיידענעם עלטער, פֿון פֿאַרשיידענעם בוי. ער קען אַלערליי סטילן פֿון פֿרויען־שיינקייט, און זיין אויג איז קיינמאָל נישט באַטריבט געוואָרן דורך אַ באַוועגונג פֿון האַרץ. זיין משפּט איז ביז צום לעצטן גראַד אָביעקטיוו און גערעכט, מען קאָן זאָגן, וויסנשאַפֿטלעך. די מענטשלעכע שוואַכקייט האָט אויף אים קיין שום פּעולה נישט. ער האָט זיי אַלע געמושטערט מיט אַ גלייכן בליק; זיי זיינען דורכגעגאַנגען פֿאַר זיינע אויגן און ער ווייסט גענוי יעדע ליניע פֿון זייער געשטאַלט, יעדן ניואַנס פֿון זייער הויט־פֿאַרב, יעדן אויסדרוק פֿון זייער אויג, יעדן שעלמישן שמייכל, יעדע מין צניעותדיקע ליבלעכקייט, —

אַלץ, אַלץ ווייסט ער, קיין זאַך איז פון אים נישט פאַרהוילן.

נישט פרעגט ביים פּאַשאַ אַ מיינונג, פרעגט ביים עוונוך! דער פּאַשאַ האָט שטימונגען, וואָס קומען און גייען, וואָס זיינען שיטער און פליסיק, אַזוי ווי די צייט: וואָס היינט איז שיין, איז מאָרגן ביי אים מיאוס. די מיינונג פון עוונוך איז שטענדיק סטאַביל, וויסנשאַפטלעך, נישט-אָפּהענגיק פון דער צייט (וואָס איז נישט מער ווי אַן איינבילדונג פון אונדזער מוח), ס'איז אַ מיינונג, באַגרינדעט אויף פאַקטן און אויף לאַנגע שטודיעס און נישט-באַטריבטן באַקלערן.

אין דער קונסט שפּילט דער קריטיקער די אייגענע ראָלע. נישט עס גליען זיינע אויגן פון אַנטציקונג, נישט קיין מינע פון עקל שפּילט אַמאָל אויף זיינע ליפּן. ער באַנעמט, ער פאַרגלייכט, ער אַנאַליזירט.

און מערקט אייך נאָך איין שלאַגנדיקע ענלעכקייט: אַ שיינע פרוי האָט נישט ליב קיין מבינות. זי האָט נישט ליב, ווען מען נעמט זי אַנאַליזירן. זי וויל האָבן אַ באַציונג. אין איר נאַרישקייט און קורצן שכל ווערט זי אויפגערעגט, ווען מען נעמט זי אָפּשאַצן, פאַרגלייכן, ווען מען וויל צעגלידערן איר שיינקייט. פיל מער האָט זי גערן, איר זאָלט זי אָפּשאַצן מיט דריי אויסרוף־צייכנס: „אָ, ווי שיין!!!" און דעסגלייכן פּלאַכע, גאָרנישט-זאָגנדיקע ווערטער. זי וויל נישט קיין באַגרינדעטע מיינונג פון אַ זאַך-קענער.

דעסגלייכן דער פּאָעט. ער פאַרלאַנגט איר זאָלט אייך מיט אים אַנטציקן, איר זאָלט אים ליב האָבן, באַוואונדערן; ער וויל דווקא אייער האַרץ באַוועגן. ווען עס איז אַנדערש שוין נישט מעגלעך, טאָ מינדעסטנס האָט אים פיינט, קריצט מיט די ציין, שעלט אים, פלוכט אים! אויף אַלע סאָלידע, וויסנשאַפטלעך-באַגרינדעטע, וואָגיקע, אָביעקטיווע מיינונגען פייפט ער.

זינט חוה, אונדזער מוטער, האָט געגעסן פֿון עפּל, איז אַ שטענדיקע פֿיינטשאַפֿט צווישן איר און דער שלאַנג. צווישן דעם קינסטלער און קריטיקער ליגט אויך אַ באַשטענדיקע פֿיינדשאַפֿט.

האָמער האָט געזונגען זיינע לידער, און כאָטש ער איז געווען בלינד, האָט ער דאָך קלאָר געזען (ער האָט געהאַט פֿאַנטאַזיע), ווי די מענטשן קריגן באַגייסטערטע אויגן, ווי עס בליצט די פֿרייד פֿון זיי, ווי זיי קוועלן, ווי זייערע פּנימער ווערן באַגאָסן מיט נחת, ווען די געפּלאָכטענע העקזאַמעטערן זיינען געקומען איינער נאָכן אַנדערן, און ער האָט געהאַט זיין לוין (האָנאָראַר און נאָבעל-פּרעמיע פֿאַר ליטעראַטור זיינען נאָך דעמאָלט נישט געווען). און געוואַקסן איז דער נחת, און פֿריי-דיקע מענטשן האָבן צעטראָגן די לידער אין אַלע ווינקעלעך פֿון די צעוואָרפֿענע אינזלען... איך בין זייער מסופּק, צי וואָלט דער אַלטער בלינדער געהאַט אַ פֿאַרגעניגן אויסצוהערן אַ באַ-גרינדעטע מיינונג פֿון אַ געלערנטן פּראָפֿעסאָר וועגן זיין געניאַליטעט.

און דעריבער — צוריקקערנדיק צו אונדזער ערשטן שטאַנדפּונקט, אַז דער פּראָצעס פֿון שאַפֿן איז געגליכן צו דער עראָטיק, וועלן מיר עס סומירן אַזוי:

דער פּאָעט (פֿון ריינער נאַטור) איז געגליכן צו אַ שיינער פֿרוי; דער קריטיקער (פֿון ריינער נאַטור) איז געגליכן צום עוונוך.

דער ערשטער קען דעם פּראָצעס פֿון שאַפֿן, יענעם פֿאַר-הוילענעם כּח, וואָס גייט ווי אַ שטראָם איבער אַלע וועלטן. דער צווייטער קען נאָר דאָס געשאַפֿענע, אַלץ, וואָס איז פֿאַר-גליווערט און טויט. און ווייל ער קען דעם ציטער נישט, דע-ריבער מאַכט ער פֿאַרגלייכן, ווו פֿאַרגלייכן זיינען נישט אויפֿן

אָרט; אַנאַליזירט ער, ווו דער אַבאַליז באַווייזט גאָרנישט, אַחוץ די שטענדיקע טויטקייט פון דער מאַטעריע.

און דערפון שטאַמט, וואָס אַ באַשטענדיקער האַס איז גע־לייגט געוואָרן צווישן פּאָעט און קריטיקער, אַזוי ווי צווישן דער־שלאַנג און חוהן, אונדזער מוטער.

## טו

## כלל-טוער.

דאָס וואָרט, אָדער דאָס ווערטער-פּאָר, איז אַלט אַ יאָר צוואַנציק. דער „כלל" האָט זיך געפּאָרט מיטן „טוער" אין דער רעדאַקציע פון ערשטן „פריינד" אין פּעטערבורג, און דאָס יידישע לשון איז באַפרוכטעט געוואָרן מיט אַן אויסדרוק, פרעמד האָט עס דעמאָלט אַריינגעקלונגען אין דער מוזיק פון אַ יונגער ליטעראַטור, וואָס איז געשטאַנען אין איר ערשטער בליעכץ.

געווען איז עס אַן אינטעליגענטישער אויפטו. מען האָט זיך נאָר געדאַרפט צוהערן צום קלאַנג — כלל-טוער — כדי צו פאַרשטיין, — אַז דאָס איז נישט גלאַט אַזוי אַרויסגעשפּרונגען פון דער פעדער אַרויס, נאָר מען האָט זיך פריער טאַקע גוט מיישב געווען, געפירט אַן ערנסטן שמועס (אפשר אויך אָפּגעשטימט?) און עס איז געבליבן —

כלל-טוער.

אין וואַרשע האָט איינער זיך געקראַצט הינטערן קאַרק, אַ צווייטער האָט געעפנט דאָס מויל און פאַרצויגן די נאָז, קורץ, מען האָט געמאַכט אַלערליי זויערע מינעס, וואָס טייל מענטשן מאַכן, בשעת מען קראַצט אויף גלאָז. עפּעס האָט גע־ריסן אין אויער... איך געדענק נאָך ווי היינט דעם געשמאַק, וואָס מיר האָבן געפילט, ווען דאָס בלאַט צייטונג מיטן „כּלל־טוער" איז אָנגעקומען. אָבער איינער דעם אַנדערן האָט נישט פאַרטרויט זיינע געפילן. אַלע האָבן געהאַט דעם גרעסטן רעס־פּעקט צו דער רעדאַקציע דאָרט אין פּעטערבורג, ווו עס זיצן קאָרפּן־קעפּ, דאָקטוירים און — כּלל־טוער.

נישט אַלע האָבן פאַרשטאַנען קלאָר, וואָס מען מיינט דערמיט.

צום גליק האָב איך פאַרשטאַנען אַביסל רוסיש, און איך האָב מיך מאָמענטאַל געכאַפּט, וואָס דאָס איז אַזוינס.

כּלל — דאָס מיינט מען „אָבשטשעסטווענני", טוער איז „דיעיאַטעל", און צוזאַמען כּלל־טוער — „אָבשטשעסטווענני דיעיאַטעל".

פון יענעם מאָמענט אָן (כּדי צו זיין היסטאָריש פּינקטלעך) הויבט זיך ביי מיר אָן אַ שטילע אָפּאָזיציע צום כּלל־טוער, און שפּראָצונגען פון בונט און מרידה זיינען צום ערשטן מאָל אויפגעגאַנגען אין מיין האַרץ.

איך האָב ביי מיר געטראַכט: דאָס איז אַ משונהדיקער צוזאַמענשטעל פון אַ נישט־פּאַסיק העברעיש וואָרט מיט אַן ערשט־פאַבריצירטן יידישן וואָרט, לאַנגע יאָרן וועט מוזן גע־דויערן ביז מען זאָל דאָס איינבייסן, און ווען די צייט וועט שוין קומען, און די שפּראַך וועט עס אַסימילירן, וועט עס אַלץ בלייבן אַ פאַרזעעניש, און וואָס עפּעס „כּלל"? פאַרוואָס נישט „ציבור" (העוסקים בצרכי ציבור)? פאַרוואָס נישט

„חברה"? קהל? און צי דען קאָן מען אויף יידיש אויסמיידן דאָס וואָרט „געזעלשאַפט", איז דאָך שוין בעסער „געזעלשאַפט־לעכער טוער"?

ווער איר דאָך זאָגן: איך האָב געדאַרפט פּראָטעסטירן, אָנשרייבן אַן אַרטיקל, און אויסווייזן „מיין שטאַנדפּונקט", אַז, ערשטנס, „כּלל" פּאַסט אַהער ווי אַרבעס צו דער וואַנט: צווייטנס, אַז דאָס פּאָרן העברעיש מיט יידיש קאָן געמאַכט ווערן נאָר פון אַ שפּראַך־מייסטער מיט אַ מוזיקאַליש אויער א. אַז. וו.

ניין! איך האָב דאָס נישט געדאַרפט טאָן, ווייל עס וואָלט נישט געהאָלפן. צי ווער, למשל, העלפן, אַז איך זאָל זאָגן דעם הער ליטוואַקאָוו פון מאָסקווער „עמעס", אַז זיינע געוואַלט־טאַטן קעגן דער יידישער שפּראַך זיינען שרעקלעכער, ווי די געוואַלט־טאַטן פון די סדום־מענטשן קעגן זייערע גֶעסט? — איך ווייס און שעם זיך נישט דאָס אָפן אַרויסצוזאָגן. איך בין צו־שוואַך און קעגן דעם כּלל־טוער וועל איך נישט קאָנען ביישטיין. ער רעט מיט אַן אַפּלאָמב, מיט אַזאַ זיכערקייט, גאָט מיינער! ווי קאָנען דאָס לעבעדיקע מענטשן אַזוי זיכער זיין! נאַראָנים אָדער געטער זיינען אַזוי זיכער ביי זיך. ער רעט און עס האָט קיין שיעור נישט צו זיין ריידן. ער צעשרייבט זיך אויף 1000 שורות אין איין אָטעם, און נישט אַנדערש ווי אין טאָן פון „מיר", בשעת איך (וואָס קאָן איך העלפן?) בין נישט מער ווי „איך", און בסך־הכל קאָן איך וועגן דעם אָנשרייבן דריי־פיער זאַצן, וואָס זאָלן האָבן עפּעס אַ זין. ס'איז אַ פאַרשפּילטע מלחמה פון פאָרויס, און נישט יעדער דור קאָן האָפן אויף גאָטס הילף קעגן אַ גלית הפּלישתי.

דערצו האָב איך אַ גרויסע מעלה, וואָס איך בין אַ ייד, דאָס הייסט אַ שטיקל אַזיאַט, דאָס הייסט אַ שטיקל פאַטאַליסט, און דעריבער האָב איך מיר נישט געלאָזט פאַרביטערן דאָס

לעבן פון „כּלל-טוער״: פאַרפאַלן! אַזוי איז באַשערט...

אָבער, אַזוי ווי אויבן איז שוין דערמאָנט געוואָרן, איז דער זאָמען פון פּראָטעסט געפאַלן אין מיין האַרץ, און האָט מיר נישט איינמאָל געגעבן פיל צו טראַכטן (שטילערהייט, כּדי דער כּלל-טוער זאָל מיך נישט אויסמעסטן מיט זיין בליק, וואָס דעם-דאָזיקן בליק האָב איך פיינט צו פילן אויף מיר).

דורך צוואַנציק יאָר ווערט דאָך אַ מענטש קליגער, און איצט פאַרשטיי איך, אַז יענער מאָמענט (ווען דאָס בלאַט צייטונג מיטן כּלל-טוער האָט זיך צום ערשטן באַוויזן) איז געווען אַ דאַטע. נישט נאָר דער אויסדרוק, נאָר דער מענטש איז דעמאָלט געבוירן געוואָרן. דער כּלל-טוער אין זיין געשטאַלט פון פלייש און ביינער. איך וויל בכיון נישט זאָגן פלייש, ביינער און גייסט, ווייל דאָס וואָלט געווען צופיל געזאָגט, כאָטש פון דער צווייטער זייט וויל איך נישט זאָגן, אַז דער כּלל-טוער פאַרמאָגט נישט קיין שום זאַך, וואָס מענטשן רופן קאָפּ, האַרץ א. אַז. וו.

זאָל מען נאָר מיך ריכטיק פאַרשטיין:

גייסט — דאָס מיינט מען האָבן פאַנטאַזיע, האָבן אַ פרישן לעבן-אינסטינקט, אינערלעכע פרייהייט, איך וואָלט נאָך צוגעגעבן דאָס וואָרט „אינטויציע״, האָבן אָבער די כּלל-טוער צופיל באַנוצט דאָס וואָרט, און עס איז אָפּגעבלאַקירט געוואָרן, האָט באַקומען אַ פאַרמעטענעם כּלל-טוערישן אויסזען.

עס איז דעמאָלט געבוירן געוואָרן דער כּלל-טוער און האָט זיך פאַרשפרייט אויף דער וועלט.

וואָס איז דאָס פאַר אַ טיפּ?

דאָס איז נישט דער אַמאָליקער רעוואָלוציאָנער מיט זיין פאַנאַטיזם און מסירות-נפש.

דאָס איז אויך נישט דער טיפּ פון אַ פּאָליטיקער אין מאָדערנע מדינות.

ער שטייט אינדערמיט.

פון איין זייט ליגט נאָך אויף זיין פּנים די מינע פון אַ קדוש, פון אַן אידעאַליסט, פון דער צווייטער זייט איז דאָס כּלל-טוערײַ ביי אים אַ פּראָפעסיע, אַ באַשטענדיקע באַשעפטיקונג, אַ פּאָזיציע אין לעבן.

דערפון שטאַמט, וואָס ער איז נישט האַרמאָניש, נישט אָרגאַניש אויסגעפורעמט. ער לאָזט זיך צענעמען אויף צוויי העלפטן. פּונקט אַזוי ווי דער אויסדרוק „כּלל-טוער", וואָס זיינע צוויי העלפטן זיינען נאָך ביז היינט נישט צוזאַמענגעוואַקסן.

(און מיינט נישט, אַז דאָס איז נאָר אַ שיינהייט-פעלער, ווען אַ מענטש באַשטייט פון צוויי העלפטן; דאָס איז אויך אַ מאָראַלישער דעפעקט, נאָר וועגן מאָראַל בין איך נישט קאָמפּעטענט צו זאָגן מיין וואָרט).

ער איז אַ ביוראָקראַט, אַ גרעסערער, צי אַ קלענערער „סאַנאָווניק" פון דער אַנאָנימער יידישער אימפּעריע, אַזוי אָבער ווי די אימפּעריע איז נישט מער ווי אַ פיקציע, קומט אויס, אַז דער יידישער ביוראָקראַט האָט איבער זיך נישט קיין שום אויבערהאַר, און שטייט נישט אונטער קיין שום קאָנטראָל.

און דאָך מיין איך, אַז דער כּלל-טוער איז נוצלעך און מען מוז אים האָבן. אַ ראיה — ער איז דאָ.

ער איז דער כּח, וואָס אָרגאַניזירט.

אונדזער לעבן וואָלט געוועזן מער אָפּגעשטאַנען ווען מיר וואָלטן אים נישט געהאַט. איך בין כּלל נישט אויסן אַרונטערצורייסן דעם כּלל-טוער.

מיר מוזן אים האָבן, נאָר די צרה איז, וואָס מיר האָבן אים נישט, נאָר ער — אונדז האָט.

און דאָ קומען מיר נאָענט צום עיקרשט, צו דעם ריכטיקן מיין פון אונדזער פּלוידערײַ.

די כּלל-טוּערײַ — גיט אַכטונג! — לױערט איצט שװער איבער אונדזער גײַסטיקן לעבן. װי אַן עפּל איבער אַ לאַנד-שאַפט, אַזױ האָט זי פאַרצױגן דאָס אָנגעזיכט פון דער ײדישער ליטעראַטור מיר שװימען אין אַ ברודיקן טײַך פון כּלל-טוּערישע השגות און כּלל-טוּערישער קונסט.

איך האָב דעם אײַנדרוק, אַז צװישן לעזער און שרײַבער האָט זיך אַװעקגעשטעלט דער כּלל-טוּער.

װוּ איז אַ שמײכל אין אונדזער ליטעראַטור? װוּ איז אַ שטיף, אַ טראָץ, דער שעלמישער בליק, אָדער יענע, יענע ליכטיקייט פון שאַפן?

דאָס בײזע, דאָס טריבע אויג פון כּלל-טוּער האָט צוּ-לאַנג געװאַכט איבער אונדזער ליטעראַטור, האָט געהאַלטן דעם פינגער פאַר דער נאָז: ערנסט, קינדערלעך, זאָלט איר מיר זײַן

דאָרט געשמאַקלאָזע, דאָס גײַסטלאָזע, דאָס פאָרמעלע, אַלץ דאָס, פון װאָס דער כּלל-טוּער איז צוזאַמענגעשטעלט, האָט זיך צעלײגט אין דער לענג און אין דער ברײט.

פילט איר דאָס נישט? — איז שלעכט. באַװײזן בין איך נישט אימשטאַנד.

הערט די קינסטלער װי אַזױ זײ מאַכן קונסט, הערט די פּאָעטן װי זײ זינגען. צי װילן זײ עמעצן פרײלעך מאַכן, טרויעריק-מאַכן? צי װילן זײ (אַזױ װי מען האָט געזאָגט אין די אַלטע גוטע צײטן) דיך „רירן", מיטרײסן אױפהױבן? אױף כּפּרות דער לעזער! זײ זינגען פאַר דעם כּלל-טוּער, כּדי ער זאָל סאַ-ליר צושאָקלען מיט זײַן סאָלידן קאָפּ: יאָ.

יאָ, אָט-אָ-דאָס-זשע הײסט קונסט און ײדן זײַנען אַ נאַציע, און אַ נאַציע מוז האָבן קונסט...

װײסט איר נישט, װוּ עס איז אַהינגעקומען דער הומאָר, די פרײלעכקײט? אַלץ איז אַזױ ערנסט, טויט-ערנסט...

און אָך און ווײ! איך האָב געוואָלט נאָר אַ שטיף טאָן, אַ בריקע געבן קעגן דער געשמאַקלאָזיקײט פון קונסט-מבינים און רעפאָרמאַטאָרן פון אונדזער לשון — און איך בין אַליין געוואָרן ערנסט.

דער דור איז אַ כּלל-טועריש דור, און קײנער קאָן נישט אַרויסקריכן פון זײן דור.

# א

## אַ בריוו צו אַ פריינט.

מיין ליבער פריינט!

דו וואָלסט דיך נישט אַזוי געבייזערט אויף מיר פאַר מיין שווייגן, ווען דו וואָלסט וויסן, וואָס דאָס הייסט „אַרבעטן אין אַ צייטונג". אַ מיאוסע זאַך אויף אונדזער וועלט איז דאָס מין „אַרבעטן" בכלל (דוכט זיך, טאָלסטאָי זאָגט דאָס ערגיץ; איבעריקנס, קאָן איך דיר אָנווייזן אויף אונדזער ביבל, אַז „אַרבעטן" איז אַ קללה פון גאָט) הײַנט נאָך „אַרבעטן" מיטן געדאַנק, „אַרבעטן" מיטן האַרץ, מיטן געפיל! און לאָמיר זאָגן, אַז דו האָסט נאָך אין טומל פון „לעבן", אין סאַמע מיטן פון גרויסן קוי-און חזירים-מאַרק, געראַטעוועט פאַר דיר אַ שטיקל קלאָרן געדאַנק, אַביסל געפיל. האָסט דיר די אויערן פאַרשטאָפּט און געטראַכט אַמאָל פאַר דיר, געפילט פאַר דיר. לאָמיר אָננעמען, אַז דו האָסט נאָך, אַזוי ווי דאָס הייסט אויף דעם שרייבערישן זשאַרגאָן: „עפּעס צו זאָגן". פאַרוואָס גראָד

היינט און נישט מאָרגן? פאַרוואָס גראָד איצט און נישט שפּעטער? פאַרוואָס גראָד אין יענע מאָמענטן, ווען די הונגעריקע בייזע חיה, די זעץ־מאַשין, באַדאַרף דיין „אַרטיקל“? — דאָ ענדיקט זיך דער לעבעדיקער פרייער רעפלעקס פון מענטש אויף דער וועלט, און עס הויבט זיך אָן די „אַרבעט“.

נו, וועסטו מיט דער צייט געוויינט צו קוקן אויף טינט און פעדער ווי אויף אַ פלאַכע מאַשינעריע. געענדיקט די „אַרבעט“, רוקסטו עס אַוועק אין אַ זייט און ווילסט עס פּאַקטיש נישט מער אָנקוקן. אָט פאַרוואָס איך האָב דיר, מיין ליבער, נישט געענטפערט אויף דיינע בריוו. עס האָט זיך פּשוט נישט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט טינט און פעדער.

און דאָך איז עס אַזאַ שיינע דערפינדונג — דאָס שרייבגעצייג. שיין צום אַנטציקן. דאָס זע איך ערשט איצט, ערב פּסח, געלויבט צו גאָט, די „אַרבעט“ אין רעדאַקציע איז שוין געענדיקט).

עס איז מיר אומעטיק אויפן האַרץ, מיין ליבער פריינט. פאַר איינזאַמע מענטשן איז דער פרילינג אַ שווערער נסיון. אַ צו־שאַרף אויפרעגנדיק געטראַנק. אַ ווילדער דורשט אין מיטן אַ זאַמדיקן מדבר. איבערגעטריבענע פאָרשטעלונגען וועגן מעגלעכקייטן פון אונדזער וועלט: וועגן גליק, ליבע, דערהויבנקייט און שיינהייט און אַלע אַנדערע הערלעכע ווערטער, וואָס האָבן אַמאָל מיט אַזוינע פעסטע פולע אַקאָרדן אָנגעקלונגען אין אונדזער האַרץ, און וואָס מיט דער צייט זיינען זיי אָפּגעבלאַקירט געוואָרן, מאַט, מיט אַ נעפּל פאַרצויגן, אַזוי ווי די פאַרלאָשענע אויגן פון אונדזער אַמאָליקער שיינהייט, מאַדאַם X (דו זאָלסט זי זען היינט!).

און איצט, אין פרילינג, וועקט זיך דאָס אַלץ. די אַלטע

מעלאָדיע קלינגט, און אַ גראָער נעבן־טאָן באַגלייט זי טאַקט ביי טאַקט: „געוועזן... געוועזן... און נישטאָ".

און דער אפיקורס אין דיר שטייט אָן אַ זייט און לאַכט:

— גאָר קיינמאָל נישט געווען!

טפוי! איך האָב דעם פרילינג נישט ליב. ער פאַרווירט באַר דאָס ביסל לעבן. ער וועקט די איינגעשלאָפענע פאַנטאַזיע, ער גראָבט־אויף דעם פאַרשאָטענעם קוואַל פון אַלע אונדזערע אינערלעכע ליידן, און ערגער פאַר אַלץ — ער צערייצט דאָס בלוט, ממש דאָס בלוט אין די אָדערן!

ווידער אויסשטרעקן די אָרעמס צו די שאָטן־בילדער וואָס אַנטלויפן? ווידער דאָס נארישע שפּיל? — נו, איך מיין, מיר קאָנען עס שוין מיט אַלע „פּיטשעווקעס", ווי מען זאָגט אויף טיף־יידיש. עס לוינט נישט און עס פּאַסט נישט פאַר דערוואַקסענע מענטשן. דו האָסט דאָך ליב דיין „דערוואַקסנקייט" און שטאָלצירסט אַזוי דערמיט.

ציט עס מיך, ווי דו זעסט, צו טינט און פעדער. זאָל לעבן די פריינדשאַפט! זאָל לעבן דאָס שרייב־געצייג, וואָס קאָן דערנענטערן אַ האַרץ צו אַ האַרץ! אַ קלוגע המצאה...

מיין האַרץ! גלויב מיר, מיין פריינט, איך האָב שטענדיק געפילט אַ באַדערפניש דאָס ביסל האַרץ צו האַלטן ווייט פון דער גאַס, פון זייטיקע בליקן. איך בין געגאַנגען אין חדר צו די פילאָזאָפן פון דער געלער ראַסע. זיי האָבן געלערנט, אַז דאָס „געפיל" פון אַ מענטשן, דאָס אינערע, דאַרף זיין באַהאַלטן, דאַרף געהאַלטן צו ווערן פאַרבאָרגן, און פאַרהילט, אַזוי ווי אַ הייליקייט, אין אַ שלייער, ווייסטו, ווען בודאַ דערגרייכט די העכסטע שטופע פון הייליקייט? — ווען ער זיצט אויף אַ שטיין, און דער שטן מיט אַלע מלאכי־חבלה מאַכן די לעצטע אַטאַקע אויף אים. עס איז געקומען די גרויסע מינוט,

עס האָט געשלאָגן די שעה פון נסיון, און ער, בודאַ, צוקט נישט מיט קיין ברעם, און אויף זיין פּנים ציטערט קיין מוסקל נישט... און איך ליב ביז היינט צו לייענען די ביכער פון בראַמאַנישע און בודיסטישע קלוגע לייט. עס איז שטיל ביי זיי צווישן די שורות, אַזוי שטיל ווי די גאַנצע וועלט וואָלט שוין לאַנג געווען אויסגעשטאָרבן. נאָר אונטן. טיף-טיף פאַרבאָרגן *אונטער* די שורות, פליסט דער מעכטיקער שטראָם פון שטאַרקן גייסט און פלאַמיקן טעמפּעראַמענט, פון אַ רייך און אַ ליידנשאַפטלעך לעבן.

איך מיין: זיי וואָלטן אין אַ צייטונג נישט געקאָנט אַרבעטן, שלעכטע פּובליציסטן וואָלטן זיי געווען פאַר אונדזער מאָדערנער פּרעסע.

ווי דו זעסט און ווי דו ווייסט אפשר אַליין, האָב איך קיין „פּעולה" נישט געהאַט אין דעם חדר. איך האָב די תורה גוט געלערנט, אָבער מקיים זיין — נישט פאַר אַ היינטיקן שרייבער, מיין פריינט, און פאַר אַ יידישן שרייבער — אודאי נישט.

וואַרף-צו דער גאַס שטיקער הויל האַרץ, — זי עסט און איז נישט זאַט. ווייטער, ווייטער גיב — אינגאַנצן וויל זי דיך אויפעסן.

אין דעם אָנשטענדיקן הויז זייבען די ראָלעטן אַראָפּגעלאָזט. נאָר נאָענטע און היימישע פאַרקערן דאָרטן, ווייסן דאָס אינערלעכע פון הויז. פאַר פרעמדע איז פאַראַן העפלעכקייט, די שיינק איז אָפן פאַר אַלע. פאַר 5 קאָפּיקעס גייט דאָרט אַריין ווער עס וויל און גיט נאָך אַ קניפּ דאָס „ביער-מיידל".

אַזאַ מין שיינק וויל דאָס פּובליקום מאַכן פון שרייבער.

און נישט נאָר דאָס פּובליקום. די *קריטיק* איז נישט בעסער. *נשמה-קריכעריי* — דאָס איז דער הויפּט-עלעמענט פון דער ניי-מאָדישער קריטיק.

און איך רייד שוין נישט פון „פּאָלעמיק", פון דער גאַסן-זידלעריי!

אַלע שטורמען זיי און דרענגען אויף דיין האַרץ, דוקא דאָס האַרץ ווילן זיי האָבן.

און קאַרג אייך מיין שמייכל? — וואָן! אַרויס! פאַר אייך האָב איך קיין האַרץ נישט. פרעמדע זענט איר מיר!

מיין ליבער פריינט! עס איז פרילינג און עס איז טרויעריק און עס ווילט זיך ריידן מיט דיר, ווי אַ האַרץ צו האַרץ רעט..

ב

# דאָס פינטעלע ייד אין דייטשלאַנד.

די יידן זיינען מער ווי א נאציע, זיי זיינען א ראַסע.
די פעלקער פון איראָפּע זיינען ערשט אויפן וועג צו
ווערן ראסן. (גיטשע).

ס'איז קיין נייעס נישט. נישט פאַר מיר, נישט פאַר אייך, וואָס מיך אינטערעסירט איצט. ס'איז אַלט ווי די וועלט און ווי די יידישע עלנטקייט צווישן פעלקער. נאָר אפילו אַלטע געדאַנקען ווערן ווי נייגעבוירן און ווירקן מיט אַ נייער פרישקייט, ווען איר שטויסט אייך אָן אויף זיי אין אַ נייעם ווינקל פון לעבן.

וואָס איז דאָס אַזוינס אַנטיסעמיטיזם? צי וועט ער לאַנג, אייביק געדויערן, אָדער גייט ער דורך? פאַרשווינט ער צוזאַמען מיט דער קולטור און מיט דער ציוויליזאַציע, אָדער נעמט ער נאָך אָן אַנדערע פאָרמען? צי האָט דער אַנטיסעמיטיזם נאָך אַזוי לאַנג אַ באָדן אונטער זיך, ווי לאַנג דער מענטש איז

„שלעכט״, ענג־האַרציק, קליין־קעפּלדיק און ווי לאַנג ער האָט „פּאָראורטיילן״ און לאָזט זיך פאַרפירן פון שלעכטע דעמאַגאָגן און פּאָליטיק־מאַכער?

יעדער טאָג, יעדע באַגעגעניש, יעדע פאַרזאַמלונג, יעדעס פּאָלקפּעסט, וואָס קומט אויס צו זעען דאָ, אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל פון דייטשלאַנד, לערנט מיך, אַז דער אַנטיסעמיטיזם אין דייטשלאַנד איז גרויס, פיל גרעסער, ווי, למשל, איך אַליין האָב מיר דאָס פאָרגעשטעלט, ווי איך אַליין בין געווינט געווען צו טראַכטן. דער כּלל איז: מען האָט דעם יידן זייער און זייער נישט גערן, און דער דאָזיקער כּלל גילט פאַר אַלע שיכטן פון פאָלק, פון אויבן ביז אונטן; און אויסנאַמען זיינען פאַראַן, וואָס באַשטעטיקן, ווי באַוווּסט, דעם כּלל.

נאָר וואָס ·איז דאָס פאַר אַ אַנטיסעמיטיזם? אין וואָסערע פאָרמען גיסט ער זיך אויס?

און אָט וועל איך דערויף ענטפערן: ס׳איז אַ טונקל גע־פיל, אויסגעגאָסן איבערן גאַנצן פאָלק; ס׳איז אַ ממשות, וואָס פלאָנטערט מיט דער צונג און געפינט נישט שטענדיק דעם פּאַ־סיקן אויסדרוק, און דאָך אַ ממשות, וואָס איר קאָנט מיט די הענט אָנטאַפּן.

מען רופט דאָס „ראַסע״?

די דייטשע ראַסע, וואָס פילט צווישן זיך אַ שטאַם פון אַזיע, אַ ווילד־פרעמדן שטאַם, און דער שטאַם לאָזט זיך בייגן, לאָזט זיך קנעטן ווי אַ טייג, און בלייבן בלייבט ער — וואָס ער איז.

ס׳איז אַ פאַקט, אַז נאָך אַסימילאַציע, וואָס געדויערט שוין כּמעט 100 יאָר, נאָכדעם ווי יידן האָבן אָנגענומען די שפּראַך, די קולטור, די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון דייטשן פאָלק, האָט איר דאָ, אין דייטשלאַנד, אַ יידישע ראַסע, און מיט נאָך שאַר־

פערע, נאָך בולטערע סימנים פון אַ ראַסע, ווי ערגעץ־אַנדערש. דעם יידן איז דאָ נאָך לייכטער צו דערקענען ביים ערשטן אָנבליק, ווי ביי אונדז אין רוסלאַנד.

ווייל אַ „ראַסע" קאָן זיך נישט אַסימילירן; אַ „ראַסע" קאָן נאָר אויסגעראָט ווערן פון דער וועלט, פאַרשווינדן און נישט מער עקזיסטירן אַלס אַ טיפ פון מענטשלעכן געשלעכט. שפּראַך, קולטור, נאַציאָנאַלע אינטערעסן — דאָס זיינען אַלע סימנים פון דער נאַציאָן. דאָ גילט די אַסימילאַציע. די נאַציאָן געהער צו דער ספערע פון באַוווסטזיניקן, און דעריבער — נאָר אויבער־פלעכלעכן. די ראַסע—דאָס איז דער גאַנצער גרויסער טיפער ים פון דעם אומבאַוווסטן, פון דעם, וואָס געשיט אין פלייש און בלוט, אין די איינציקע צעלן פון יעדן אָנגעהעריקן צו דער ראַסע. דאָס איז דער „זעלבסט" און נישט דער „איך".

אַלס נאַציאָן האָבן יידן זיך דאָ אָפּגעזאָגט פון אַן אייגע־נער עקזיסטענץ; אַלס רעליגיע האָבן זיי עס אַזוי ווייט געבראַכט (און גאָר באַזונדער די רעפאָרם), אַז זיי האָבן אָנגענומען דאָס אויסנווייניקסטע אויסזען פון די אַרומיקע רעליגיעס, און דער תוך, דער אינהאַלט, איז געבליבן כמעט גאָרנישט. געבליבן איז אָבער דאָס, וואָס ס'לאָזט זיך נישט איבערמאַכן, וואָס ס'באַהאַלט זיך אונטער די פרעמדע קליידער — די אַלטע יידישע ראַסע, די איינגעוואַנדערטע פון מזרח מיט איר גאַנצער שאַרפער אייגנ־אַרטיקייט, קערפערלעכער ווי גייסטיקער.

און די ראַסע איז קלוגער, אויסגערעכנטער און איינגע־שפּאַרטער, ווי די רעליגיעזע סעקטע און די נאַציאָן. זי וויל נישט פאַרטיליקט ווערן פון דער וועלט, און זעט זי פאַר זיך אַ גרויסע סכנה ווערט זי זיך אין קראַמף און אין פיבער. אָט דאָ ליגט דער סוד באַהאַלטן פון דער אַנטי־שמד־באַוועגונג, וואָס קומט איצט פאָר צווישן די דייטשע יידן, צווישן פרומע

און נישט-פרומע צוגלייך.

די באַוועגונג האָט אַ שטום מויל. די לאָגישע טענות קעגן די משומדים זיינען אַזוי שוואַך, אַז דער מינדסטער ווינט קאָן זיי אַוועקבלאָזן. נאָר די ראַסע איז נישט קיין לאָגיק, און די ראַסע איז שטענדיק שטום. נאַטירלעכע כחות, וועלט-פּראָצעסן ווירקן און שפּילן זיך אָפּ אין אַ געטלעכער שטומקייט און שטילשווייגן. זיי קומען נישט צו ערשט פרעגן אַ שאלה ביי דער פּראָפעסאָרישער לאָגיק און זיי באַדאַרפן נישט דעם הכשר פון פאַרשטאַנד און פון דער נוצלעכקייט.

די יידישע ראַסע לעבט און וויל לעבן. דאָס איז דער פאַקט. כאָטש אַנדערע פאַקטן זיינען (פאַרשיידענע סטאַטיסטישע ציפערן), אַז די געפאַרן פון פאַרטיליקונג שרעקן פון אַלע זייטן, די געמישטע חתונות, דער גרויס-שטאָטישער אַרט לעבן האָבן אָפּגעשטעלט די נאַטירלעכע פאַרמערונג.

און אַזוי ווי דאָס ביסל „יידישקייט" דאָ, וואָס איז אין תוך אַריין בלויז ראַסע, אַזוי איז אויך דער אַנטיסעמיטיזם — ראַסע: שטומקייט און שטיל שווייגן, אַ זאַך, וואָס אַפּעלירט על-פּי-רוב נישט צו דער לאָגיק און וואַרפט זיך איר נישט אונטער.

איך מוז זאָגן, אַז ווען איך רייד וועגן אַנטיסעמיטיזם, האָב איך בכלל נישט אין זינען דעם פּאָליטישן אַנטיסעמיטיזם: די „ווירטשאַפטלעכע פאַרייניקונג" און די גרופּן, וואָס שטייען איר נאָענט אין דייטשן רייכסטאָג. דאָס איז באַקאַנט און קאָן געוויגן און געמאָסטן ווערן. אין גרעסטן טייל קאָנט איר דאָס צופירן צו עקאָנאָמישע סיבות. אין דער פּאָליטיק האָט דאָ דער אַנטיסעמיטיזם בשום אופן נישט די אויבערהאַנט, און געפערלעך איז ער כלל נישט. יידן קאָנען דאָ לעבן און געלט פאַרדינען. די פּאָליטיק איז אָבער נישט דער שפּיגל פון לעבן אינגאַנצן. דעם טעות מוז מען אויסמיידן. און אויב

יידן מאַכן דאָ וואַארן-הייזער און באַוועלטיקן דעם האַנדל, הייסט עס ניִשט, אַז אין זייער אינעווייניקסטן לעבן שפּילט זיך נישט אָפּ קיין וועלט-טראַגעדיע, אַז זייער גורל איז נישט טראַגיש, אַז איבער זיי הענגט נישט דאָס עלנטע יידישע מזל פון זייער געבוירן ביז צום קבר.

ס'איז אַן אָפּגעזונדערטער שטאַם, וואָס פילט זיך פרעמד, און זיין פרעמדקייט אַליין איז אים אַזוי אָפט פרעמד און אומפאַרשטענדלעך.

מיין שכנה, די לערערין אין דער פאָלק-שולע, איז אומבאַדינגט דעמאָקראַטיש געשטימט. צי איז זי סאָציאַל-דעמאָקראַטיש? — זי וועט אייך ענטפערן דערויף, אַז זי באַשעפטיקט זיך נישט מיט פּאָליטיק, נאָר ווען זי רעט וועגן קינדער, זייט זיכער, אַז זי האָט אין זינען אַרבעטער-קינדער. די בורזשואַזיע, זאָגט זי, האָט גענוג צייט און מיטלען אַליין צו זאָרגן פאַר זיך.

און וואָס האָט זי קעגן יידן? — זי ווייסט אַליין נישט און אפשר האָט זי קעגן זיי גאָרנישט. אָ, יאָ! זי האָט געהערט: די יידן האָבן אַ זייער שיין פאַמיליע-לעבן, העלפן איינער דעם אַנדערן א. אַז. וו. זי וועט אייך אויסרעכענען, אים אָביעקטיוו צו זיין, אַ גאַנצן צעטל יידישע מעלות, און פאַרטראָגן קאָן זי זיי נישט! אַ ייד, זאָגט זי, דערקענט זי אין גאַנג, ווי ער שטעלט די פיס; זיין בליק איז איר ווידריק. פאַרוואָס? — עפּעס טונקלס שוועבט אַרום אין איר גייסט, און זי וועט זיך דערפון קיין חשבון נישט אָפּגעבן. צי וואָס דען? זי האָט אויך נישט בדעה דעם יידן שלעכטס צו טאָן.

און דאָס יידישע מיידל אין וואַארן-הויז, וואָס אַרבעט 14 שעה אין מעת-לעת און פאַרדינט קוים אויף אַן אָרעם לעבן (פרויען-אַרבעט ווערט אין דייטשלאַנד זייער שלעכט באַצאָלט),

זאָגט מיר: מיט אַ קריסט וועט זי קיינמאָל נישט פאַרקערן שמדן זיך וואָלט זי בשום אופן נישט.

איז זי רעליגיעז? — עס הויבט זיך נישט אָן. ציוניסטיש? נאַציאָנאַל? — זי האָט קוים אַן אָנונג, וואָס די ווערטער באַדייטן. אַ פראַנקפורטער קינד איז זי מיט דעם לאַכנדיקן לייכטן טעמפּעראַמענט פון דרום־דייטשלאַנד. נאָר זי איז אויך אַ טאָכטער פון איר ראַסע, און בשעת זי זאָגט די ווערטער „דיעס מאַך איך ניע”, גלאַנצן אירע יידישע אויגן, און די איינגעשפּאַרטקייט פון איר ראַסע בליצט אויף — אַ ווידער־קול פון די שפּאַנישע קדושים!

די לעזער וועלן מיר אַנטשולדיקן, וואָס איך ברענג צוויי ביישפּילן, און ביידע גראָד פון שיינעם געשלעכט. דאָס זיינען אויך קיין ביישפּילן נישט, ווייל נישט אויף זיי שטיצט זיך דאָס, וואָס אין דעם אַרטיקל איז געשריבן. דאָס זיינען אילוסטראַציעס, און נישט מער; איך וויל, די לעזער זאָלן מיך ריכטיק פאַרשטיין, וואָס איך מיין מיט דעם וואָרט ראַסע; פאַר מיר איז עס דאָס אומבאַשטימטע, דאָס נישט־לאָגישע, אויב איר ווילט, — ווי עס זעט אויס אין לעבן. און עס איז אָן אַלטער כּלל, אַז ווו עס האַנדלט זיך וועגן לאָגיק, פרעגט דעם מאַנספּערשוין, ווו עס האַנדלט זיך אָבער אָן זאַכן, וואָס שמעקן מיט סטיכישקייט, מיט די פאַרבאָרגענע סודות פון דער מענטשלעכער נאַטור — פרעגט די פרוי.

דער געדאַנק, וואָס מיך אינטערעסירט, איז — פון דייטשן יידענטום איז נאָך אַלע אַסימילאַציעס און רעפאָרמען געבליבן דער עצם־מהות, דאָס שטאַרקסטע און וויכטיקסטע, די יידישע ראַסע, וואָס איז נישט איינגעשלינגען געוואָרן און נישט פאַרטיליקט געוואָרן און ווערט זיך און וואַרפט זיך אין פיבער, ווען זי דערפילט די נאָענטע סכנה; דער דייטשער אַנטיסעמיטיזם.

די קעגן-זייט, ווערט אַלץ ווייניקער אַ פּאָליטישער פּאַקטאָר, נאָר זיין עצם-מהות ווערט כּלל נישט שוואַכער. די פּאַרפרעמדקייט פון די ראַסן וואַקסט פּאַרקערט, און די קולטור און די ציוויליזאַציע קאָנען נאָר מיטהעלפן, אַז די פּאַרפרעמדקייט זאָל וואַקסן.

דער קולטור-מענטש איז פיינפיליקער פאַר דעם אַלעם, וואָס בלאָנדזשעט אַרום בלינד אין דעם גייסט פון דער פאָלק-לערערין, ווי דער נישט-קולטור-מענטש, און ביי אַ העכערער גראַד אינטעליגענץ, מוז אויך שטייגן דאָס זעלבסטגעפיל פון דער פראַנקפורטער יידישער טאָכטער.

* *
*

נאָך אַ קליינע באַמערקונג. איך שרייב נישט קיין אָפּ-האַנדלונג וועגן דעם ראַסן-פּראָבלעם. איר האָט אַ גאַנצע ליטע-ראַטור וועגן דעם ענין, און באַזונדערע צייטשריפטן. דאָס זיינען נישט מער ווי איינדרוקן, מיינע פּערזענלעכע איינדרוקן, וואָס האָבן זיך בּאַ מיר אָפּגעשטעלט, צוקוקנדיק זיך און צו-הערנדיק זיך צום לעבן גראָד אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל פון דייטשלאַנד, וווּ די קלאָרע שטים פון לעבן ווערט נישט אַזוי באַטויבט און באַרוישט, ווי אין דער גרויסער שטאָט, וואָס דער קאַפּיטאַליזם פירט אין איר די אַליינהערשאַפט.

פאַר אַכט טאָג איז עס געווען, דאָ אין יענאַ. אַ ייד איז געשטאָרבן. קיין יידישע קהלה איז דאָ נישטאָ, כאָטש עס ווינען דאָ עטלעכע צענדליק יידישע פאַמיליעס. נישטאָ איצט קיין חשק ביי די דייטשע יידן צו גרינדן נייע קהלות. מען וויל זיך נישט וואַרפן אין די אויגן. די מתים פירט מען קיין ערפורט, נאָר מטהר דעם מת איז מען דאָ אויפן אָרט. קיין שמש

איז אויך נישטאָ און קיין חברה קדישא. קומען זיך צוזאַמען אַן ערך צוויי מנינים יידן דעם פאַרשטאָרבענעם זיין רעכט צו טאָן. און עס איז געקומען דער רייכסטער און דער אָרימסטער; גאָלדענע פינגערלעך מיט טייערע בריליאַנטן האָבן אַראָפּגעפינקלט פון די הענט, וואָס האָבן זיך מיט דעם מת מתעסק געווען, און עס איז געווען שרעקלעך-שרעקלעך שטיל אין דער שטוב, און די פנימער זיינען געווען ערנסט — צי דאַווענען נישט די אַנוסים יום-כפור אין דער הייל אונטער דער ערד?

דייטשע יידן, פולבאַרעכטיקטע, זיינען דאָס געווען, וואָס האָבן זייער מת שטיל-שווייגנדיק אַוועקגעשיקט אויף זיין אייביקער רו.

דייטשן מיט זייערע ראַסאָווע יידישע פנימער, פונקט אַזוי ווי דאָס פנים פון מת, וואָס איז געלעגן פאַר מיר...

## ג

## דאָס פּינטעלע ייד.

צוגלייך מיט אונדזער באַרימטער „תורה" איז אויך „דאָס פּינטעלע ייד" שטאַרק אַריין ביי אונדז אין דער מאָדע. עס גייט אַ ווילדער באַרבאַרישער טאַנץ.

דער צייכן פון אונדזער צייט איז אַ מעדאַליאָן: אויף איין זייט איז אויפגעשריבן „שמד־באַוועגונג", פון דער צווייטער — שאָוויניזם, מיט צביעות, פאַרגלאָצטע אויגן צום הימל. אַזוי באַוועגט זיך אונדזער קליין וועלטל צווישן צוויי אַקסן, און עס דרייט זיך אַזוי גיך, אַז עס שווינדלט פאַר די אויגן, און מיר באַקומען קאָפּ־דרייעניש.

ווילט איר וויסן, ווער מיר זיינען אַזוינע? — אתה בחרתנו מכל העמים" איז אַ גאָרנישט. מיר זיינען די שענסטע, די בעסטע, די ערלעכסטע און שטאַרקסטע און געפיל־פולסטע מענטשן אויף דער וועלט; אויסערדעם, וואָס גאָט אַליין האָט דאָך אונדז אויסגעטיילט, און מיר שטייען אונטער זיין עקסטרע־

השגחה. ווילט איר וויסן, ווער די גויים זיינען? — נו, זענט אייך אליין משער. איר זענט דאך א ייד און קאנט אייך אנ־שטויסן. מען דארף אייך נישט לייגן קיין פינגער אין מויל אריין.

אזוי ווערט טאקע געזונגען אין „דעם פינטעלע ייד", וואס האט געמאכט אן איינדרייסעניש היי־יאר:

זענט נישט קיין יאלדן און שטויסט אייך אן...

און פון דער אנדער זייט ווערט ענג און דושנע ביי אינדז און מען ווערט דערשטיקט, ווייל עס פעלט פרייע לופט.

און דאס יונגוואוארג אנטלויפט מאסנוויין. און אונדזערע לויב־לידער צו זיך אליין קאנען זיי בשום אופן נישט איבער־צייגן, אז מיר זיינען טאקע באמת די שענסטע, בעסטע א. אז. וו. און אז א ייד זאל קאנען האבן די מעגלעכקייט קולטורעל צו לעבן און זיך צו אנטוויקלען ביי זיך אינדערהיים.

לויפט ער צו א פרעמדער סביבה, צו א פרעמדער קול־טור, צו א פרעמדן טעאטער און ליטעראטור. און דריקט עס אים שטארק צו, און ער קאן זיך קיין עצה נישט געבן—לויפט ער צו פרעמדער רעליגיע אויך. האבן מיר די שמד־באוועגונג, און מיר מאכן געוואלטן און מיר שרייען ווידער: „אתה בחרתנו, מיר זיינען די שענסטע און די בעסטע... און זיי דארט — די ערגסטע א. אז. וו. וווהין לויפט איר?"

און זאגט מען: פראזן זייגען צו־ווייניק. אפילו ווען זיי האבן א פעולה אויף איין מינוט און פארטויבן, קומט דער מינדס־טער ווינט און בלאזט זיי אוועק. אונדזער יונגוואַרג שטייט פאר א תהום, און א תהום מוז מען אויספילן מיט עפעס, אבער נישט איבערשרייען מיט ווערטער, וועט זיך ווידער דערזעלבער „אתה־בחרתנו" אנטקעגנשטעלן און וועט לאכן און וועט חוזק מאכן און וועט קרימען מיט דער נאז און וועט

אויסנוצן זיין גאַנץ ביסל סקעפּטיציזם און וועט פּשוט זוכן צו־שאָדן, ווי ער קאָן.

מיר מוזן אויספּילן מיט עפּעס דעם תהום. מוזן מיר צו־טרעטן צו באַשאַפן אַ יידישע קולטורעלע סביבה, אַ יידישע קולטור, אַ יידיש טעאַטער, אַ יידישע ליטעראַטור און קונסט. אַ קליין שטיקעלע ערפאָלג האָבן מיר דאָך שוין צו פאַרצייכענען אויף איין געביט, אויף דעם געביט פון דער יידישער ליטעראַטור. מען זאָל זי, גרויס שטעלן, אָדער קליין שעצן, נאָר איג־נאָרירן זי קאָן שוין אפילו איר ערגסטער פיינט נישט. און מיר ווייסן גאַנץ גוט, אַז אָט דאָס ביסעלע ליטעראַטור איז געוואָרן אַ נאַציאָנאַליזירנדער פאַקטאָר אין אונדזער לעבן. נו, ווע־לן מיר ווייטער פּרווון. לאָמיר פּרווון צו מאַכן אַ יידיש טעאַטער, וווּ אַן אינטעליגענטער קולטורעלער ייד זאָל קאָנען אַריינקומען און ער זאָל, לכל הפחות, נישט אַוועקגיין מיט אַ געפיל פון עקל, און איידער נאָך, מיר וועלן אָנהויבן, וועט שוין די נאָז געמען זיך קרימען.

דיזעלבע נאָז, וועלכע קאָן גאַנץ גוט פאַרטראָגן „דאָס פּינטעלע ייד".

* *
*

און טאַקע „דאָס פּינטעלע ייד", וואָס גייט נישט אַראָפּ פון די טעאַטער־ברעטלעך אי דאָ, אי אין לאָנדאָן, אי אין אַמעריקע, געהער אויך צו דעם צייכן פון דער צייט. איר האָט דאָרט דעם געמיינסטן ציניזם, די ווילדסטע, באַרבאַרישסטע גראָבקייט צוזאַמען מיטן „אתה־בחרתנו" פון דער העכסטער אָקטאַווע: איר האָט „606" און אַ הייסע דרשה וועגן ציוניזם. און פאַלט דאָרט אַריין אַ גוי, מוטשעט מען אים און מען דרעשט אים איבער אַלע אַקטן, אַז איר האָט דאָס געפיל, אַז דער מחבר פון דעם שטיק וואָלט גאָר קיין שלעכטער טאָרקוואַ־

מ..דע נישט געווען, און קומט דאָרט אַרויס אויף דער סצענע אונדזער תורה, — אונדזער באַרימטע „תורה", וואָס איז געוואָרן די בעסטע סחורה אין דער לעצטער צייט — האָט שוין דער ווילדער ציניזם גאָר קיין גרונט נישט.

מען נעמט זי און מען גיט זי איבער דער כאָריסטקע אין די הענט און נישט מען שיקט זי אַרויס אויף דער סצענע— דאָס איז צו ווייניק! — מען שיקט די כאָריסטקעס מיט די ספרי־תורות אויף די הענט טאַקע צווישן פובליקום, און זיי שפּאַצירן זיך דורך איבערן פּאַרטער צווישן די בענקלעך. זאָלן יידן נחת האָבן און זאָלן זיי האָבן דאָס פאַרגעניגען צו זען זייער פאַרהייליקטע עמבלעמע, זייערע ספרי־תורות, פון דער נאָענט, און אין איינוועגס—טאַקע אויך די באַפּודערטע פּנימער פון די כאָריסטקעס, און די נייע קליידלעך צו באַטראַכטן און צו באַוווּנדערן.

אמת, ביי אונדז דאָ איז פאָרגעקומען אַ שטיקל מיספאַר־שטענדניש. דער מחבר פון דעם שטיק, אָדער איר „צושניי־דער", איז דער אַמעריקאַנער דירעקטאָר פון אַ יידיש טעאַטער טאָמאַשעווסקי, וואָס איז זייער באַרימט... מיט זיינע וווּנדער שיינע פיס. ס'איז קיין וויץ נישט. אַלע אַמעריקאַנער יונגע ווייבלעך און מיידלעך זיינען שטערבלעך פאַרליבט אין טאָמאַ־שעווסקין, און אַז ער כאַפּט אַ טענצל, ווערן נישט ווייניקער ווי עטלעכע הונדערט יונגע הערצער פאַרוווּנדעט.

טאָמאַשעווסקיס טעאַטער האַלט זיך אויף זיין אייגענעם אויטאָריטעט, האָט, אַזוי צו זאָגן, אַ פערזענלעכע מאַגישע קראַפט.

האָט דער הערר טאָמאַשעווסקי צוגענומען עטלעכע יונגע כאָריסטקעס. און אַ יונגע כאָריסטקע, מוזט איר וויסן, איז אין אַמעריקע אַ זעלטנהייט, ווייל די „יוניאָן" לאָזט נישט צו קיין

פרישע קרעפטן. האָט ער טאַקע געוואָלט אַרויסווייזן זיך פאַרן עולם מיט זיין „רעפאָרם", האָט ער גענומען די כאָריכטקעס, האָט זיי לייטיש אָנגעטאָן, און האָט זיי אַרויסגעשיקט... צווישן פובליקום. נאַ, און זעט, ווי איך באַמי זיך פאַר אייך! און אַזוי ווי קיין טייערע ברילִיאַנטן האָט דאָך קיין יידישע כאָריסטקע נישט אויף זיך, האָט ער זיי מיטגעגעבן ספרי-תורות. ס'איז גלאַט בעסער, זיי זאָלן האָבן וואָהין די הענט אַהין צו טאָן.

און דער הער טאָמאַשעווסקי, איז אויך אַ הייסער יידישער פאַטריאָט. עס געהער צו זיין העלדישקייט און צו זיינע שיינע פיס אַ ביסל בּיליקער פאַטאָס, פונקט ווי די ספרי-תורות געהערן צו די יונגע כאָריסטקעס. דעסגלייכן פאַסט אים אַ ביסל אַמע-ריקאַנער פאַטריאָטיזם און לויב-לידער צום „אָנקעל סיים", ווייל די „אָל-רייטניקעס", וואָס זיינען ביי אים די שטאַם-געסט, האָבן דאָס ליב.

וואָסער שייכות האָבן מ י ר צו דעם אַלעם — פרעגט קיין קשיות נישט. אַז מען אימפּאָרטירט אַ שטיק פון אַמעריקע, נעמט מען עס, אַזוי ווי אין פסוק שטייט, „על קרבו, על כרעיו, ועל פרשו", מיט דעם אינגעווייד און מיט דעם מיסט, פאַר-געבנס. ביי אונדז איז, געלויבט צו גאָט, קיין „יוניאָן" נישטאָ, און די כאָריסטקעס מאַכט נישט אויס, אויב מען וועט זיי זען פון דערווייטנס פון דער סצענע, און אונדזער העלד האָט נישט אַזוינע שיינע פיס און קאָן אויסקומען אָן דעם ציוניסטישן פאַ-טאָס, און אָן דעם אַמעריקאַנישן פאַטריאָטיזם — אַוודאי. נאָר אַן אַמעריקאַנער שטיק איז דאָ פאַר אונדזערע אַקטיאָרן אויך, להבדיל, אַ תורה. מען דאַרף נישט פאַרקירצן און נישט צוגעבן.

*
*

איך האָב שיער נישט אָנגעשריבן אַ רעצענזיע וועגן „דעם פינטעלע ייד", וואָס איך האָב כּלל נישט אין זינען געהאַט.
איך געדענק: איך האָב דאָס שטיק געהאַט געזען, און האָב געהאַט דעם אויפריכטיקסטן באַגער, וואָס גיכער צו פאַרגעסן דעם איינדרוק, זאָל ער נישט מאַטערן און פאַרפאָלגן.

ווייל אויב אונדזער תורה האָט קיין גרונט און קיין ברעג נישט, האָט, להבדיל, די גראָבקייט און דער געמיינזאַמער ציניזם, וואָס ווערט געפירט מיט דער „תורה" און מיט אונדזער ביסל הייליקייטן — אויך קיין גרונט און קיין ברעג נישט.

ווייל, אויב איך וואָלט געגלויבט אָן דער דיכטערישער וואָרהייט פון דעם מאַן פון די וואונדער-שיינע פיס, וואָלט איך וועגן יידן אַרויסגעטראָגן אַזאַ משונהדיקע מיינונג, אַז איך וואָלט פאַרשאָלטן, ווי איוב, דעם טאָג פון מיין געבוירן-ווערן. איך וואָלט געזען דאָס יידישע פאָלק דורך דער דיכטערישער פּריזמע פון טאָמאַשעווסקי, און איך וואָלט באַדויערט מיין אָנגעהעריקייט צו דעם פאָלק.

דאָס פאָלק וואָלט אַרויסגעקומען שרעקלעך אכזריותדיק, שרעקלעך פאַרליגנט פון קאָפּ ביז צו די פיס, ענגהאַרציק און שאָוויניסטיש...

עס וואָלט באמת אַ חרפּה געוועזן צו זיין אַ ייד.

פון אַזוינע איינדריקען וויל מען פריי ווערן, מען וויל זיי פאַרגעסן ווי אַ וויסטן בייזן חלום.

און דערמאָנט מען זיך, אַז דאָס שטיק גייט נישט אַראָפּ פון די טעאַטער-ברעטער, אַז די דיכטונג פון די „וואונדער-שיינע פיס" האָט אַזאַ השפּעה אויף אונדזער גרויסן פּובליקום, וואָס וועגט געוויס איבער די השפּעה פון אַלע אונדזערע

דיכטער, דערצעלער און פּאָעטן צוזאַמען גענומען, ווייל אים הערט מען טאָג-טעגלעך, און זיי באַר זעלטן-אַמאָל, ווייל זיין ווירקונגס־קרייז איז אומגעהויער גרויס, און זייערער איז אַזוי קליין — באַפּאַלט פּשוט אַ שרעק און אַ גרויל.

צי איז דאָס טאַקע אַזוי אונדזער מזל, אַז אַלץ היימישע זאָל זיין מאוס, ציניש, גראָב, אומדערטרעגלעך פאַר אַ קולטורעלן מענטש? צי איז אונדז טאַקע באַשערט צו פאַרבלייבן אויף אייביק ביי אָט אַזאַ טעאַטער, ביי אָט אַזאַ יידישער סביבה?!

און מיט וואָס וועלן מיר אויספילן דעם תהום? מיט הונ־דערט מאָל אַ טאָג „אתה בחרתנו״? מיט טאָמאַשעווסקיס פּאַטריאָטיש-יידישן פּאַטאָס?

איך האָב פאַרגעסן: די נאָז, וואָס קרימט זיך ביי אַ געׂ־דאַנק וועגן דער מעגלעכקייט און וועגן דער האָפענונג אויף אַ יידיש — לאָמיר נישט זאָגן, קינסטלעריש, נאָר פּשוט — אַ מענטשלעך קולטורעל טעאַטער, דיזעלבע נאָז האַלט זיך גאַנץ רויק און געפינט אפילו ווערטער פון פאַרטיידיקונג, אַז מען שפּילט איר פאַר „דאָס פּינטעלע ייד״.

די נאָז האָט נעמלעך זייער ליב די יידישע מאַסע. די אָרעמע מאַסע נעבעך וויל זיך פרייען און לאַכן, לאָזט זי, זי לויפט צו זען די באַפּודערטע כּאָריסטקעס מיט די ספרי-תורות אויף די הענט — פאַרגינט איר דאָס פאַרגעניגן. ס'איז דאָך אַן אָרימע פינסטערע מאַסע.

און — מ י ר ? —

מיר זיינען גרויסע גוטע פריינט פון דער מאַסע, און צוליב איר, זעט איר, זיינען מיר גרייט גלייך צו האַלטן אונדזער נאָז, וואָס האָט אַ רגילות צו קרימען זיך.

אָך, די ליבע, די ליבע! די ליבע צו דער אָרימער מאַסע!

אַזוי ווי אין פסוק שטייט:

ווייל שטאַרקער פון טויט איז די ליבע און טיפער פון גיהנום — די קנאה.

ד

# עלילת-דם און שעקספירס שײַלאָק.

נישט פון הײַנט און נישט פון נעכטן, — הונדערטער יאָרן ציט זיך דאָס שרעקלעכע בלבול; דורך דורות גײט עס פון פאָטערס צו זין, און מאַמעס שרעקן דערמיט זײערע קינדער — אומעטום װוּ מיר זײַנען פאַרשפּרײט אויף דער װעלט.

און װאָס זאָגט דער בלבול?

אַ ײדן איז עס שװער אפילו נאָכצוזאָגן; עס איז אים שװער זיך פאָרצושטעלן און אויסריסעװען אין געדאַנק אַזאַ מין װילדע, אַזאַ מין שוידערהאַפטע סצענע, װאָס נאָר אין אַ בלוט-דורשטיקער פאַנטאַזיע האָט זי געקאָנט געבוירן װערן.

אַז אַן עדה מענטשן נעמט אַ אומשולדיק קינד, פּײניקט עס, מאַטערט עס, שאַכט עס, מאַכט אין דעם צאַפּלדיקן קלײנעם גוף 70—80—100 קלײנע װוּנדן און צאַפּט אויס דאָס בלוט, װאָס מער בלוט, דאָס גאַנצע בלוט — פריש, רויט, קינדיש בלוט... דערנאָך... מישט זי דאָס בלוט אין איר געבעקס און עסט עס, און דערמיט — דערמיט דינט זי איר גאָט!

נעמט דעם שרעקלעכסטן צווישן אונדז, דעם גראָבסטן, דעם געמיינסטן און דערציילט אים בלויז די סצענע׳ וועט אים דאָס פּנים בלייך ווערן פון שוידער און פון גרויל און פון עקל צו אזאַ אכזריותדיקייט: דער פיינפיליקער וועט די אויערן פאַרשטאָפּן, ער וועט נישט קאָנען צוהערן; דער גע־ווייגלעכער ייד וועט אָן טרערן אין די אויגן דאָס נישט קאָנען אויסהערן.

און דאָס איז אויך נישט פון היינט אָן אַזוי און נישט פון נעכטן, — דורך הונדערטער יאָרן און דורך אַלע אונדזערע דורות זייגען מיר אַזוי: מענטשן פון דעם וואַסערדיקסטן מיט־געפיל צו יסורים, אַ פאָלק פון „רחמנים בני רחמנים", אַ פאָלק, וואָס — וואָס איר ווילט קאָנט איר אויף אים אויסטראַכטן, אָבער נישט בלוט־דורשטיקייט.

און דאָס איז קיין סוד נישט פאַר קיינעם. און עס איז גענוג פאַר דעם גאַנץ־געוויינלעכן, דורכשניטלעכן קריסט נאָר צען יידישע פּנימער אין זיין לעבן אָנצוקוקן, צען פאָר יידישע אויגן צו האָבן געזען, אום אַרויסצוטראָגן די איבערצייגונג, אַז די דאָזיקע מענטשן געהערן כּלל נישט צו די בלוט־דורשטיקע, אַז גרויזאַמקייט ליגט כּלל נישט אין זייער באַטור.

ווי אַזוי־זשע האַלט זיך פאָרט דאָס בלבול אין דער טיפעניש פון דער קריסטלעכער נשמה אַזוינע לאַנגע יאָרן און שווימט אַרויס פון צייט צו צייט?

דער גרעסטער טייל געבילדעטע קריסטן, וועט מען זאָגן, האָט דערין אויפגעהערט צו גלויבן. אפשר איז דאָס ריכטיק. נאָר וואָס האָט דאָס צו זאָגן? אין דער פאַנטאַזיע פון פאָלק לעבט דאָס בלבול ווי אַ שטיק ווירקלעכקייט. די טויזנטער גע־בילדעטע און ליבעראַלע קריסטן גלויבן דערין נישט; די צען־טויזנטער האַלב־געבילדעטע זייגען מסופּק: אפשר יאָ און אפשר

נישט, אָבער די גרויסע מאַסע, דאָס פאָלק און זיינע ברייטע שיכטן, גלויבט דערין, טראָגט עס איבער פון דור צו דור צו־זאַמען מיט אַלע זיינע גלויבנס און אַבערגלויבנס. ס'איז ביי אים פשוט און פאַרשטענדלעך: יידן פאַנגען קליינע קריסטלעכע קינדער, צאַפּן אויס זייער בלוט און באַקן דערמיט זייערע מצות!

איז דאָס נישט קיין פסיכאָלאָגיש רעטעניש: פון וואַנען עס נעמט זיך אַזאַ גלויבן ביים פאָלק? צי ווייסן מיר דען נישט, אַז יעטווידע לעגענדע האָט איר יסוד אין דער היסטאָריע, יעטוועדער גלויבן — זיין טיפן שורש אין די איבערלעבונגען, וואָס קומען פאָר אין דער פאָלקס־נשמה?

וואָס־זשע איז דאָ געשען? איז פאָרגעקומען אַ היסטאָריש־מיספאַרשטענדניש? —

יאָ, עס איז פאָרגעקומען אַ טעות אין חשבון. די ציפערן זיינען ריכטיק, נאָר זיי זיינען אויף נישט ריכטיקע קאָנטעס איינגעשטעלט געוואָרן. מען האָט פאַרביטן די פערזאָנען און געלאָזט די ראָלעס.

די אַרישע נשמה האָט דעם יידן צוגעשריבן, וואָס זי, די אַרישע נשמה, האָט איבערגעלעבט, אַז זי האָט זיך געשטעלט אויף דעם יידס אָרט און אין זיין לאַגע.

דאָס פאָלק האָט געזען מענטשן, וואָס זיינען געפייניקט און געיאָגט און געשענדט אָן אויפהער און אָן רו, וואָס האָבן זייער גאַנץ לעבן אָפּצוקומען און צו ליידן פון אַרומיקן מענטש־לעכן האַס, פון פאַראַכטונג, און זיי האָבן זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז די דאָזיקע מענטשן, וואָס זיינען געיאָגט שטענדיק ווי די ווילדע חיות, אין וואַלד זיינען באמת נישט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ווילדע בלוטדורשטיקע חיות; זיי האָבן באַנוצט די

געוויינלעכע מאָס און האָבן געזאָגט: מענטשן, וואָס זיינען אַזוי לאַנג געפּייניקט, מוזן ווערן בלוט־דורשטיק ווי די טיגער, אין זייערע הערצער מוז זיך אָנזאַמלען אַ געפּרעסטע, באַהאַלטענע דורשט צו נקמה, וואָס שטייגט איבער די ווילדסטע פאַנטאַזיע. זיי האָבן זיך געזען אין דער יידישער לאַגע. זיי האָבן אונדז געמאָסטן מיט דער דורכשניטלעכער מאָס, מיט דער מאָס, וואָס קאָן צוגעלייגט ווערן צו אַ נאָרמאַל און פריי פאָלק, וואָס האָט דערצו נישט אַלטע געהייליקטע און איינגעבאַקענע טראַדיציעס פון באַרמהערציקייט, פון גרויל צו מענטשלעך בלוט.

און — און עס איז אויסגעקומען נאַטירלעך אַזוי, אַז דער שטענדיק־פאַרפאָלגטער האָט אַ ברענענדיקן דורשט צו נקמה אין זיין האַרצן, אַ דורשט צו דעם קינדערישן בלוט פון זיינע פאַרפאָלגער, און ווען ער קאָן עס, טוט ער עס.

און עס דערמאָנט זיך „דער קויפמאַן פון ווענעדיק", שעקספּירס ייד — „שיילאָק".

מיר לייענען, מיר זעען אין טעאַטער און שטויגען: ווי קומט די געניאַלע פאַנטאַזיע פון דעם וועלט־דיכטער צו באַשאַפן אַזאַ מין ווילדע זאַך? ווי קומט עס דער רעאַליסט־פּסיכאָלאָג צו אַזאַ ווידערשפּרוך מיט דער ווירקלעכקייט? ווו האָט דאָס שעקספּיר געקאָנט זען אַזאַ גרויזאַמען יידן, וואָס וויל דווקא האָבן אויסגעשניטן אַ פונט פלייש פון אונטער זיין בעל־חובס האַרץ? נישט אַנדערש ווי אַ פונט פלייש, און נישט אַנדערש ווי פון אונטערן האַרצן! ווי קומט דאָס, אַז דער זשעני זאָל טרעפן פונקט דעם היפּך ווי עס איז, ער זאָל צו שרייבן יידן אייגנשאַפטן, וואָס זיינען פונקט דער קאָנטראַסט פון דעם, וואָס ליגט אין זייער נאַטור? —

ס'איז די זעלבע מיספאַרשטענדניש, דער אייגענער טעות אין חשבון.

שעקספּיר האָט געגומען אַ מענטשן, מיט אַ נאָרמאַל מענטשלעכער נאַטור, און האָט אים אַרייגגעזעצט אין דער יידישער לאַגע, און ער איז אַרויסגעקומען בלוט־דורשטיק. בקמה דורשטיקע, אַ ווילדע בעסטיע, וואָס די אויגן ברענען איר פון הונגער און תאוה צום פאַרפאָלגערס פלייש פון אונטערן האַרץ.

ביי שעקספּירן שטייט עס אָפן געשריבן. לייענט שיילאָקס דיאַלאָג, ווי אַזוי ער רעכטפערטיקט זיין פאַרלאַנג, ווי אַזוי ער דערציילט פון די יסורים פון זיין פאָלק, די עגויים פון זיינע זיידעס און באָבעס, די שאַנד פון זיינע זין און פון זיינע טעכטער, ווי ער רעכנט אויס אַלץ, וואָס זיי האָבן געליטן און וואָס זיי שטייט נאָך פאָר צו ליידן, און איר וועט זען, אַז ער האָט די בלוט־דורשטיקייט צו לאָגיש־פּסיכאָלאָגיש אַרויס־געפירט פון דער יידישער לאַגע צווישן די פעלקער.

ער האָט זיך געטראַכט אַ מענטש, וואָס האָט אַזוי פיל געליטן, וואָס איז אַזוי פיל פאַרפאָלגט געוואָרן, און ער האָט אים אַנדערש נישט געקאָנט זען ווי אין דעם געשטאַלט פון שיילאָק — אַ ראַפינירטער גייסטרייכער מענטשן־פרעסער.

און שעקספּיר, ביי זיין גרויסן געניאַלקייט, איז די שטים פון פאָלק. אַ ווידער־קלאַנג פון דער טיפעניש — אַ זשעני איז דאָס שטענדיק! — אָט אַזוי האָט די קריסטלעכע וועלט זיך פאָרגעשטעלט דעם יידן, נישט קאָנענדיק אים נאָר זיין לאַגע, אָט אַזוי און נישט אַנדערש, האָט זי זיך אים געמוזט פאָרשטעלן.

אַ מענטש, וואָס די פאַרפאָלגונגען האָבן פון אים געמאַכט אַ בלוטדורשטיקע חיה.

און ווייסן מיר, אַז דאָס איז פּונקט דער היפּוך פון אמת, זעען מיר, אַז די פאַרפאָלגונגען האָבן נאָך ווייכער געמאַכט אונדזער האַרץ, נאָך שטאַרקער אַנטוויקלט אונדזער ריין-מענטשלעכער באַרעמהערציקייט און ווידער-געפיל צו בלוט און צו בלוטיקע נקמה, קוקן מיר מיט אַביסל שטאָלץ אונטער זיך:

אַזוי פיל פאַרפאָלגונגען, אַזוי פיל אוממענטשלעכע ליידן, און מענטשן זיינען מיר פאָרט געבליבן. און וואָס אָנבאַלאַנגט בלוט-דורשטיקייט — גראָד פון דעם בעסערן סאָרט מענטשן.

## ה

## נאַציאָנאַליזם.

נאַציאָנאַליזם איז אַ גוטע זאַך אַזוי לאַנג, ווי מען רעט נישט פון אים; ער איז אַזוי לאַנג אַ טוגנט, ווי לאַנג ער איז נישט קיין טעאָריע און נישט קיין אידעאַל, נאָר אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט. אַ מאַמע האָט ליב איר קינד; אַ מענטש איז צוגעבונדן צו זיין היים, צו זיין פאָלק, צו זיינע טראַדיציעס. דאָ מוז געשטעלט ווערן דער פונקט. דאָ מוז מען אָפּהאַקן. ווייטער נישט קיין טראָט, אויב איר ווילט זיך נישט געפינען אין דער חברותא פון רוסישע, פוילישע, פראַנצויזישע צי ניי־געבאַקענע אַמעריקאַנישע נאַציאָנאַליסטן.

דער נאַציאָנאַליזם פון שוואַכע און אונטערגעדריקטע פעלקער קאָן זיין פונקט אַזוי גיפטיק, ווי דער נאַציאָנאַליזם פון שטאַרקע פעלקער. אמת, שאַדן קאָן ער אָנטון ווייניקער, ווייל ער איז שוואַך. דער אַפּעטיט איז דער אייגענער און די „פילאָזאָפיע” איז די אייגענע ביי ביידע.

פון איין זייט איז ער מעטאַפיזיק, הוילע רוחניות, און

ער האָט, דאַכט זיך, נישט ליב צו רעדן וועגן פּראַקטישע זאַכן. דייטשטום, עכט־רוסישקייט, „ריח־היהדות" — מיינט נישט, אַז דאָ איז פֿאַראַן עפּעס אַ וועזנטלעכער אונטערשייד. גענוי און באַשטימט וועט אייך דער דייטש־נאַציאָנאַלער נישט זאָגן, וואָס דאָס איז אַזויגס, נישט דער רוס און נישט אונדזער איינער. און ווען זיי הויבן אָן צו זאָגן און צו באַשטימען, קומט אַרויס אַ פּלאָנטער פֿון באַגריפֿן און מען פֿאַלט אַריין אין סתּירות. אַלע אָבער זיינען זיי זיכער, אַז אין זייער פֿאָלק שטעקט עפּעס אַזוינס, וואָס שיידט עס אָפּ פֿון אַלע אַנדערע פֿעלקער, און דערדאָזיקער „עפּעס" איז דאָס חשובסטע און גרעסטע און טייערסטע, וואָס מען דאַרף אָפּהיטן. דעמדאָזיקן „עפּעס" פֿאַרמאָגט נ אָ ר דאָס איינע פֿאָלק; די איבעריקע פֿעלקער פֿאַרמאָגן נישט דעם „עפּעס".

וואָס איז עכט־דייטשטום? אַמאָל האָט מען געזאָגט: דאָס איז דער דייטשער אידעאַליזם (אין דער פֿילאָזאָפֿיע), אָדער די סענטימענטאַליטעט פֿון גרעטכען, אָדער די פּרייסישע דיסציפּלין. מיר אַלע, למשל, זיינען זיכער, אַז עכט־יידישקייט איז רחמנות, מדת הרחמים, ווייכקייט; אחד העם, אין זיין אַרטיקל וועגן יידישקייט און קריסטנטום, קומט צום אויספֿיר, אַז יידישקייט, דאָס איז גראָד דער מדת־הדין, די שטרענגקייט פֿון אַ צאָן פֿאַר אַ צאָן און אַן אויג פֿאַר אַן אויג.

אָבער דער נאַציאָנאַליזם האָט נאָך אַ צווייטע זייט, אויסער דער פֿילאָזאָפֿיע. אויף אַ מערקווירדיקן אופֿן גלייכט ער זיך דאָ אויס ביי אַלע פֿעלקער: אומעטום איז ער רויבעריש און ווייזט די געפֿאַנצערטע פֿויסט. עס קומט אויס מאָדנע, וואָס ווען איר פֿאַרגלייכט די אַרטיקלען און דרשות פֿון פֿראַנצויזישע, רוסישע צי דייטשע נאַציאָנאַליסטן, געפֿינט איר כּמעט קיין שום אונטערשייד נישט. דערזעלבער נוסח, כּמעט דיזעלבע ווערטער

זיינען בײַ זײ אַלעמען אויף דער צונג. איך האָב געהאַט דאָס פֿאַרגעניגען צו הערן אַ נאַציאָנאַליסטישע דרשה פֿון זשאַבאָטינסקין, און איך פֿאַרזיכער אײַך, אַז זי האָט געהאַט דעמזעלבן זיבעטן חן, וואָס יעדע אַנדערע העצערישע דרשה פֿון אַ פֿרעמדן נאַציאָנאַליסט. אמת, דער עולם אין זאַל האָט זיך געפֿילט דערבײַ נישט באַקוועם, און פּראָטעסטן האָבן זיך געהערט, און זשאַבאָטינסקי האָט געמוזט אײנעם, אַ צו שאַרפֿן אויסדרוק קעגן די אַראַבער צוריקנעמען. דאָס באַווײַזט אָבער נאָר, אַז דער נאַציאָנאַליזם איז בײַ אונדז זייער נישט פּראַקטיש און קאָן האָבן ווייניק אָנהענגער. קיינער וועט אָבער נישט אָפּלייקענען, אַז זשאַבאָטינסקי איז אַ קאָנסעקווענטער מענטש, און אַלס נאַציאָנאַליסט איז ער דערגאַנגען ביז צום סוף, ביז צו דער לאָגישער גרעניץ.

דער נאַציאָנאַליזם טוט נאָר אַ קלײניקייט: ער אַקצענטירט, ער שטעלט דעם טראָפּ אַנדערש. אײנער זאָגט מײַן *הײמאַט*, מײַן *פֿאָטערלאַנד*, מײַן *פֿאָלק*, און עס איז פּשוט, מענטשלעך און זעלבסטפֿאַרשטענדלעך. דער נאַציאָנאַליסט שטעלט נאָר איבער דעם טראָפּ. ער זאָגט: *מײַן* הײמאַט, מײַן פֿאָטערלאַנד, *מײַן* פֿאָלק. און איר פֿילט באַלד, ווי ער שליסט אויס אַ גאַנצע וועלט. עס ווערן באַשאַפֿן צוויי צדדים: פֿון *מײַן* פֿאָלק קאָנטראַ נישט-מײַן-פֿאָלק. נאָך איין טראָט, און איר האָט די רויבערישע פּסיכיק פֿון דער חיה אין וואַלד: איך בין דער פֿרעסער, און די אַרומיקע וועלט איז צום פֿרעסן. זי קאָן אַזוי לאַנג עקזיסטירן, ווי לאַנג איך בין זאַט. בײַ דעם געוויינלעכן מענטש איז דאָס וואָרט „מײַן", נישט מער ווי אַ באַצייכענונג, בײַ דעם נאַציאָנאַליסט איז עס די מאָטיווירונג.

דער נאַציאָנאַליזם איז על-פּי רוב היסטעריש, פֿאַרברעכט די הענט, שרײַט און שילט, זעלטן רעט ער געלאַסן און רויק.

דאָס דייטשע פאָלק איז לאַנג, צו לאַנג, קראַנק געווען אויף דער היפּערטראָפיע, און עס האָט איִם צו טייער געקאָסט. אין דער צייט פון דער מלחמה איז די היסטעריע דערגאַנגען ביז צו דער מדריגה פון אַ ריכטיקן משוגעת. ערשט נישט לאַנג האָט מיך אַן אויפשריפט, וואָס איז פאַרבליבן נאָך פון דער מלחמה-צייט, אָפּגעשטעלט און מיר לאַנג געגעבן נאָכצוטראַכטן. ביים אַריינגאַנג אין זאָאָלאָגישן גאָרטן איז צוגעקלאַפּט אַ טאָוול און דערויף איז געשריבן: „זאַמלט די קאַשטאַנעס, דאָס איז אַ שפּייז פאַר אונדזערע חיות". אין דער צייט פון דער מלחמה האָבן די באַשעפענישן פון זאָאָלאָגישן גאָרטן מיטגעהונגערט. און עס איז זייער מענטשלעך און שיין, וואָס מען האָט געדענקט אָן זיי און מען האָט גערופן דעם עולם, ער זאָל זיי שענקען דאָס אַראָפּפאַלעכץ פון די ביימער, אָבער איין איינציק וואָרט איז פאַראַן אין דעם אויפשריפט, און דער גאַנצער ענין באַ-קומט דעריבער גאָר אַן אַנדערן זין. „אונדזערע" חיות. דאָס זיינען חיות, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דייטשטום, נישט גלאַט אַזוי חיות אויף דער וועלט. דער טיגער, דער לייב און דער העלפאַנט זיינען געהייליקט געוואָרן דערמיט, וואָס זיי זיינען „אונדזערע". עס איז נישט מער ווי קאָמיש, ווען איר לייענט עס איצט דורך, אָבער דעם גאַנצן פּסיכאָז, דאָס גאַנצע נאַציאָנאַלע משוגעת, פילט איר אַרויס אין דעם איין איינציקן וואָרט. מען האָט די חיות אָנגעטאָן פּיקלהויבן און געמאַכט פאַר עכטע דייטשן.

אַן אַנדער ביישפּיל: אַ רוסישער אַרבעטער האָט אָפּגע-אַרבעט עטלעכע יאָר אין פראַנקרייך. ער פאַרדינט גוט, עס פעלט אים גאָרנישט, און איך טרעף אים אין בערלין אויפן וועג קיין רוסלאַנד. איך פרעג אים, צי ער ווייסט דערפון, ווי שווער דאָס לעבן איז אין רוסלאַנד. ער ווייסט דערפון. צי

ער איז אַ באָלשעוויק? — ניין, ער איז גאָרנישט. „איך בין אַ רוסישער און רוסלאַנד איז מיין אָרט", ענטפערט ער מיר פּשוט, אָן שום איבערלייגעניש.

אָט דאָס איז די זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט.

פאַראַן פיל זאַכן אַזוינע אויף דער וועלט, וואָס זיינען זעלבסטפאַרשטענדלעכקייטן, ווי לאַנג מען נעמט זיי נישט דעפינירן, באַגריגדן און טייטן אויף זיי מיט די פינגער. נעמט איר אָבער מאַכן מיט זיי קאָפּ-שפּעקולאַציעס, קומען אַרויס פאַרזעענישן, איך רעכן, אַז אויך אונדזער מיסטעריעז גאָט-געפיל געהער אויך צו דער קאַטעגאָריע. ווי לאַנג מען רעט נישט דערפון און מען ציט נישט דערפון קיין לאָגישע קאָנסעקווענצן, מאַכט עס שענער און רייכער דעם מענטש. עס פאַרשמעלערט אים אָבער און מאַכט אים באַגרעניצט, ווען ער הייבט עס אָן צו דעפינירן און צו מאַכן דערפון אַ טעאָריע.

רעט נישט מיט מיר פון קיין נאַציאָנאַליזם און פרעגט מיך נישט, צי איך בין אַ נאַציאָנאַליסט: איך וועל ליבער ענטפערן מיט אַ ניין איידער מיט אַ יאָ.

ו

# וואָס איז דאָס אַזוינס טאָלעראַנץ?

מיר באַנוצן זייער אָפּט ווערטער, וואָס מיר פאַרשטייען נישט זייער ריכטיקע באַדייטונג, אָדער, וואָס מיר פאַרשטייען זיי נאָר גאַנץ אויבערפלעכלעך, וואָס דאָס איז נאָך ערגער ווי אינגאַנצן נישט פאַרשטיין. באַרעכנט וויפל מענטשן באַנוצן די ווערטער ליבע, גערעכטיקייט, שיינקייט, און פאַרשטייען דאַרונטער אַלץ, וואָס איז פּאַסיק און באַקוועם פאַר זייערע קליינלעכע אינטערעסן. טרעפט אָבער אַמאָל אַ נישט געוויינלעכער פאַל, אַ צוזאַמענשטויס, שטייען די אייגענע מענטשן מיט ברייט-געעפנטע מויל און אויערן און פרעגן פאַרוואונדערט: וואָס איז דאָס? ווי פּאַסט דאָס צו אונדזערע ווערטער און צו דער באַדייטונג פון די ווערטער!

דאָס וואָרט „טאָלעראַנץ" געהער צו דעם סאָרט ווערטער, און די מעשה מיט די פּראַגער נישט-טאָלעראַנטע פרומע יידן, וואָס האָבן בשום אופן נישט צוגעלאָזט, אַז דאָס הויז פאַר די אַקאַדעמיקער זאָל געבויט ווערן נעבן דער שול, — איז, צי עס

געפעלט אייך יאָ, צי נישט — אַ דראַמאַטישער צוזאַמענשטויס, וואָס ס'לוינט זיך אויף אים אָפּצושטעלן.

וואָס איז דאָס אַזוינס טאָלעראַנץ?

דער מענטש פון דער אייראָפּעישער קולטור האַלט דאָס פאַר אַ גרונט-זאַץ פון זיין מאָראַל. די טאָלעראַנץ האָבן מיר באַקומען צוזאַמען מיט דער נייער טעכנישער קולטור, צוזאַמען מיט דער נייער אויפקלערונג, און אויב איר ווילט אייך אַ ביסל טיפער אַריינטראַכטן — צוזאַמען מיטן מאַנשעסטערטום, וואָס האָט די פּרינציפּן פון „פרייהייט" און „טאָלעראַנץ" אָנגעווענדט אויפן ווירטשאַפטלעכן לעבן. זאָל יעדער טאָן, וואָס ער וויל און קאָן, זאָל מען קיינעם נישט שטערן, פרייער וועג פאַר דעם טויגלעכן — און דאָס וועט בעסער זיין פאַר אַלעמען.

און אויפן געביט פון גלויבן: זאָל יעדער גיין אין נאָמען פון זיין גאָט, זאָל יעדער זוכן זיין העכסט גליק און זיין „אויסלייזונג", אַזוי ווי ער פאַרשטייט, און מיר וועלן אַלע בעסער דורכקומען.

אין די לאַנגע דורות פון מיטלאַלטער איז די מידה פון טאָלעראַנץ נישט געווען פאַרשפּרייט. פאַרוואָס? ווייל דער מיטלאַלטער האָט גאַנץ אַנדערש אויסגעבויט זיין גייסטיקע וועלט; דער מיטלאַלטער האָט געהאַט אַ רעליגיעזע קולטור, וואָס האָט אויסגעפילט דאָס גאַנצע לעבן. דער מיטלאַלטער האָט געהאַט דעם גרויסן און אויסגעהאַלטענעם סטיל — דעם גאָטיק — אין זיין בלוט. דער מענטש פון מיטלאַלטער איז געווען אַ גלויביקער, דער אייראָפּעער איז אַ סקעפּטיקער.

וואָס קאָן זיין גרינגער ווי טאָלעראַנץ פאַר אַ סקעפּטיקער!

דער גוטער אייראָפּעער, דער, וואָס האָט באמת אויפגענומען אין זיך איר קולטור, איז טאָלעראַנט. ער שעצט יענעמס גלויבן און יענעמס מיינונג, ווייל ער ווייסט, אַז אויך

זיינס איז נישט אַראָפּגעפאַלן פון הימל גלייך צו אים. דער אויסדערוויילטן. מען האָט אים געלערנט, אַז אפילו די מאַטעריעלע וועלט אַרום זיך קאָן ער ווייניק, נאָר אויף אַזוי פיל וויפל זיינע פינף חושים קאָנען אים צופירן, און וועגן מאָראַלישע ענינים ווייסט ער, אַז דאָס איז אָפּהענגיק פון צייט און אָרט, פון קלימאַט און פון הונדערט אַנדערע פאַקטאָרן, אַז די מאָראַל, ווי אַלץ אויף דער וועלט, פאַרענדערט זיך, אַנטוויקלט זיך, נעמט-אָן אַנדערע פאָרמען.

דאָס הייסט בשום אופן נישט זיין ציניקער און ניהיליסט. דער איראָפּעער קאָן זיך האָבן זיין מאָראַל און קאָן לעבן לויט איר געבאָט, אָבער די מאָראַל איז נישט אַבסאָלוט וואָר, און איר געבאָט איז נישט אַבסאָלוט אָן אַפּעלאַציע. ער פאַרבינדט זי מיט זיין „איך", מיט זיין קלאַס, אָבער אויסער דעם איך איז פאַראַן נאָך אַ „דו", און ער קאָן האָבן זיין מאָראַל. און אויסער זיין באַשטענדיקן „איך", איז נאָך פאַראַן אַן אויסנאַם-„איך", אַן „איך" אין אַ געוויסן צושטאַנד.

זיין איך און זיין מאָראַל זיינען — רעלאַטיוו און פאַרענדערלעך.

אָבער די גוטע איראָפּעער זיינען זייער ווייניק אין צאָל. די מענטשן, וואָס זיינען באמת דורכגענומען מיט דער נייער איראָפּעישער קולטור, זיינען אַ זעלטנהייט. אונדזער „געבילדעטע" געזעלשאַפט, אונדזער גוט-בירגערלעכע געזעלשאַפט, טוט, וואָס יעדע מאַסע, וואָס יעדער המון טוט. ער קאָן נאָר אויפכאַפּן די אויסערלעכע סמנים פון אַ קולטור, ער קאָן זיך באַנוצן מיט אירע באַקוועמלעכקייטן, ער קאָן נאָכמאַכן, ער קאָן אויך סוגעסטירט ווערן פון די אָנגענומענע מנהגים פון אַ קולטור, — איר טיפער אינהאַלט, איר מעטאַפיזיק, בלייבט אים פרעמד. דער המון פון אונדזערע „געבילדעטע" איז נישט

בעסער ווי יעדער אַנדערער המון.

לאָמיר נעמען כאָטש די טאָלעראַנץ. זיינען אונדזערע (איך מיין נישט בלויז יידישע, נאָר דורכשניטלעך אייראָפּעישע) אַזוי־גערופענע „בעסערע" קלאַסן טאָלעראַנט? יאָ, אין רעליגיעזע זאַכן זיינען זיי טאָלעראַנט. אָבער דאָס שטאַמט נישט פון אַ טיפערן געפיל פאַר דעם צווייטנס איבערצייגונג; דאָס שטאַמט פון רעליגיעזער גלייכגילטיקייט. די דאָזיקע קלאַסן זיינען באַמת האַלבע, אָדער גאַנצע אפיקורסים, נישט־גלויביקע; על פי הרוב געהער אַזאַ איינער צו אַ רעליגיע נאָר צוליב קאָנסערוואַטיזם, צוליב „וואָס קאָן עס מיר שאָדן", צוליב דעם, וואָס אַזוי טוט אויך דער שכן. אינערלעך באַרירט אים די רעליגיע כלל נישט, אָדער זי באַרירט אים זייער ווייניק. צי איז עס אַ גרויסע קונסט צו זיין טאָלעראַנט אין רעליגיעזע פראַגן?

אָבער פּרוווט שטעלט דעם זעלבן דורכשניט־מענטש פאַר אַ פּראַגע פון טאָלעראַנץ אויף אַן אַנדער, נישט רעליגיעזן געביט, און איר וועט באַלד דערזען, ווי ווייט די „טאָלעראַנץ" האָט פאַר אים גילטיקייט.

ווי באַציט מען זיך אין בורזשואַזע קרייזן צו אַ מענטש, וואָס צאָלט נישט זיינע חובות? ווי באַציט מען זיך צו אַ מענטש, וואָס פירט זיך נישט אויף לויט דער אָנגענומענער עטיקעט? ווי באַציט מען זיך צו אַ מענטש, וואָס וועט אייך קומען מאַכן אַ באַזוך אָן אַ קאָלנער? און ווי באַציט מען זיך צו אַ פרוי, וואָס האָט זיך דערלויבט באַצוגיין דער אינערלעכער שטים פון איר האַרץ קעגן דער אָנגענומענער מאָראַל? א. אַז. וו., א. אַז. וו.

די אַלע „געבילדעטע" „בעסערע" קרייזן ווייזן נישט אַרויס די מינדסטע נייגונג צו טאָלערירן עפּעס, וואָס פּאַר־שטויסט קעגן זייערע פּרינציפּן און פּאָראורטיילן. זיי קאָנען זיך,

היצן זיך און ווערן גאָטפּורכטיק אויפגערעגט, ווען עמיצער האָט זיך דערלויבט צו טאָן עפּעס אַזוינס, וואָס איז לויט זייער מיינונג נישט מאָראַליש. דערביי פּאַלט זיי נישט איין דער מינדסטער ספק אַ טראַכט צו געבן: גוט, דאָס איז מיין מאָראַל און די מאָראַל פון מיין קלאַס, אָבער פאַרוואָס זאָל נישט אַן אַנדער מענטשן דערלויבט זיין צו האָבן אַן אַנדער מאָראַל? מיין מאָראַל איז דאָך נישט אַראָפּגעפלויגן פון הימל צו מיר, אַזוי ווי זיינע איז נישט אַראָפּגעפאַלן צו אים.

דאָרט, ווו דער דורכשניט-מענטש איז פאַראינטערעסירט, דאָרט איז ער כלל נישט טאָלעראַנט. דאָרט איז ער על-פּי הרוב ענגהאַרציק, אָן שום רחמנות, אָן שום באַדענקען; דאָרט איז ער פאַנאַטיש; דאָרט — גייט אים פון וועג, ווען ער קעמפט פאַר זיין מאָראַל! דאָרט איז ער נישט בעסער ווי יענער פאַנאַטישער המון, וואָס האָט געשטורמט די גמינע.

בלויז אין רעליגיעזע ענינים איז פאַר אים גילטיק די טאָלעראַנץ, ווייל אינערלעך קימערט ער זיך בכלל נישט וועגן רעליגיע.

•

די פּראַגער יידן זיינען נישט טאָלעראַנט, ווייל זיי זיינען צו דער רעליגיע כלל נישט גלייכגילטיק.

די פּראַגער יידן זיינען פאַנאַטיקער דאָס איז אומבאַדינגט וואָר. זיי לעבן אין אַן אַנדער וועלט. זיי האָבן מיט דער איירּאָפּעישער גייסטיקער קולטור גאָרנישט צו טאָן, זי איז פאַר זיי אפּיקורסות, טמאקייט. זיי לעבן און אָטעמען אין אַן אַטמאָספערע פון פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער. און אין יענע אַטמאָספערע איז טאָלעראַנץ נישט קיין גוטע מידה, נאָר פאַרקערט, אַן עבירה. יעדע וועלט-באַנעמונג, וואָס פּרעטענדירט צו זיין אַבסאָלוט אמת, אמת אויף אייביק און אומעטום, אמת אויף אַלע וועלטן — קאָן קיין טאָלעראַנץ נישט צולאָזן. זי וואָלט זיך אַליין

דערמיט אָפּגעלייקנט. די אייראָפּעישע וועלט-באַנעמונג פּרעטענ־דירט נישט אויף אַזוינע אמתן, דעריבער קאָן זי זיין טאָלע־ראַנט. די אייראָפּעישע וועלט-באַנעמונג האָט דעם סקעפּטיציזם אַריבערגעטראָגן אפילו אויף דעם געביט פון מאַטעמאַטיק.

און דער מוסר פון די ווערטער וויל זאָגן: איידער איר, די געבילדעטע, פאָדערט טאָלעראַנץ פון מענטשן, וואָס באמת קאָנען זיי זי נישט האָבן, ווייל זי איז פרעמד זייער גאַנצן מהות, פּרוּווט אַ קאָרשט כאָטש אין אייער אייגענער געזעלשאַפט צו זיין טאָלעראַנט. פּרוּווט און איר וועט זעען, ווי שווער דאָס וועט אייך אָנקומען, איר וועט זעען, אַז אייער אייגענע געזעל־שאַפט וועט זיך צוליב אייער טאָלעראַנץ ווענדן קעגן אייך, ווי אַן אַפּיקורס, אַ צעשטערער, אַן אונטערגראָבער פון די מאָראַ־לישע יסודות, א. אַז. וו.

און דער צווייטער מוסר איז — און דאָס איז געזאָגט פאַר דעם גוטן אייראָפּעער, פאַר דעם גוטן סקעפּטיקער. די מידה פון טאָלעראַנץ מוז אָנגעווענדט ווערען אפילו קעגן נישט־טאָלעראַנטע, דאָס מיינט מען: טאָלעראַנץ פאַר נישט טאָ־לעראַנץ.

ביי מענטשן, וואָס לעבן אין אַן אַנדער קולטור, נישט די אייראָפּעישע, מוזט איר טאָלערירן (פאַרשטיין) זייער אומ־טאָלעראַנץ, ווייל זי איז אַ טייל פון זיי, זי איז זייער נאַטור; פּונקט אַזוי ווי די טאָלעראַנץ געהער צו אייער קולטור, געהער די אומטאָלעראַנץ צו זייער קולטור.

ווען איר שטויסט אייך אָן אויף פאַנאַטיזם, גייט אָפּן און מוטיק און בראַוו אין אייער קאַמף (!) זאָגט, מיר קומען אין נאָמען פון אַן אונדזער, היינטיקער קולטור, און מיר צעשטערן אייערע ווייל זי האָט אָפּגעלעבט איר צייט, אָבער — אין נאָמען

פון דער קולטור, וואָס איר פאַרטרעט, — נאָר זייט היפּאָקריטי־קער, בישט שטאַמלט און מאָנט „טאָלעראַנץ“. דאָרט, ווו דאָס וואָרט האָט קיין שום זין בישט.

ווייל זיין אָפן און מוטיק איז דאָס געבאָט פון אייער קולטור.

## ז

## פאָלקס-לידער.

מיר האָבן די וואָך געהאַט א יידישן יום-טוב אין וואַרשע, און איר ווייסט נישט פון וואָס צו זאָגן!

מען האָט אייך פאַרגעסן צו קלאַפּן צו פויקן וועגן דעם, און אַז מען קלאַפּט אייך נישט און מען פויקט אייך נישט פאָר, בלייבט איר, ליב-האַרציק פּובליקום, וואַכנדיק.

אָן אַלטע, נישט זייער סימפּאַטישע געוווינהייט. דאָס פּוב-ליקום האָט זיך ליב צו פאַרלאָזן: וואָס מבינים זאָגן, וואָס קריטיקער זאָגן און וואָס פאַכמענער זאָגן, הערט עס און זאָגט נאָך, פּונקט אַזוי ווי אַן עם-הארץ אונטער דער חופּה — דעם „הרי את", אָדער ווי אַ גוסס — די ודוי. דעם אייגענעם איינ-דרוק טרויט זי נישט.

זונטאָג אוונט איז אין „ערמיטאַזש" געווען דער יידישער יום-טוב. ביי אַ פול-געפּאַקטן טעאַטער האָבן געזונגען סאָפּראַנאָוו, ראָזאָווסקאַיאַ, מעדוועדיעוו יידישע פאָלקס-לידער. אַ יום-טוב איז עס געווען פאַר יעדן, וואָס האָט ליב און ווייסט דעם ווערט פון

אַ ביסל אייגענעם, האַרציקן, אוממיטלבאַרן. און ווען די יידישע ווערטער מיט די יידישע מעלאָדיעס האָבן געקלונגען פון אַזאַ אָפּערן־שטים, ווי סאָפּראַנאָוו, דורך אַזאַ געפיל־פולן זינגער ווי מעדוועדיעוו און מיט אַזוי פיל האַרציקייט און נאַיוויטעט ווי ביי דאָזאָווסקאַיאַ, — איז קיין וווּנדער נישט, אַז איך בין אַריינגע־פאַלן אין אַ יום־טוב׳דיקער געהויבענער שטימונג. ס׳איז מיין שענסטער יום־טוב און מיין געהויבנסטע שטימונג צו הערן אַ פאָלקס־ליד, געזונגען מיט געפיל און מיט אוממיטלבאַרקייט, אַזוי ווי דאָס פאָלקס־ליד אַליין איז. הײַנט זײַנען דאָס דאָך עפּעס יידישע פאָלקס־לידער, אונדזערע אייגענע! ליגן דאָרט ערגיץ באַהאַלטן אונטער די פּראָסטע ווערטער קריסטאַליזירטע טרערן, זײַנען דאָס דאָך אונדזערע טרערן, און הערט זיך דאָרט ערגיץ דאָס שטילע זיפצן פון אַ נשמה, איז עס דאָך די נשמה פון אונדזער פאָלק! פון דעם פאַקטישן, רעאַלן יידישן פאָלק וואָס לעבט און, מוטשעט זיך אין איישישאָק און אויף דער סמאָטשע־גאַס אין וואַרשע, וואָס ברומט־אונטער זײַן לידל ביי דעם וויגל פון אַ קינד, פאַר דעם מוט פון אַ טויטער מאַמען, אין בית־המדרש, אין חסידישן קלויז, צי אין ענגען וואַרשטאַט

און אַז אַרטיסטן, (האַלב־אַסימילירטע יידן, וואָס זייער אָבי־געהעריקייט צו יידן האָט זייער אונטערגעהינקט) מיט אַן איירא־פּעיש־אַנטוויקלטן געשמאַק קומען פון דער רוסישער בינע און קומען אין יידישן תחום אַרײַן מיטן יידישן ליד אין מויל, און זינגען עס מיט ליבע און מיט נאַטירלעכע צוגעבונדנקייט צו דעם ביסל אייגענעם, וואָס מיר פאַרמאָגן, — האָט עס שוין אודאי געקאָנט מאַכן יום־טובדיק מיין שטימונג.

איך מוז אָבער מודה זײַן, אַז עס איז מיר ביים אַנטראַקט געוואָרן אַ ביסל נאַרישלעך אויפן האַרצן. דער פאַכמאַן דער מוזיקער שטעלט מיך אָפּ מיט אַ זויערע מינע אויף זײַן פּנים:

אָרים זיינען זיי אים, די פּאָלקס־מעלאָדיעס. און ער קרימט מיט די פּלייצעס: צו וואָס מאַכט זיך אַזאַ סאָפּראַנאָ נאַריש? אַזאַ געוואַלטיקע, שטאַרקע שטים נעמט זינגען: „זאָגט דאָס חסידל״! ער פאַרשטייט דאָס נישט.

ראָזאָווסקאַיאַס הויכע טענער, זאָגט צו מיר אַן אַנדער מבין, קלינגען נישט שיין.

און אַ דריטער פאַכמאַן קרימט זיך: די באַאַרבעטונג פון די מעלאָדיעס דורך ענגעלן געפעלן אים נישט.

און מיין אומבאַקאַנטע דאַמע, וואָס פאַרנעמט אין טעאַטער דעם פּלאַץ נעבן מיר, הערט זיך איין און שאָקלט צו מיטן קאָפּ, און פילט זיך פאַרשעמט, שרעקלעך פאַרשעמט, גלייך ווי זי וואָלט עפּעס אַ גרויס נאַרישקייט אָפּגעטאָן פאַר אַלעמען אין די אויגן.

די דאַמע נעבעך האָט זיך גאַנץ אָרענטלעך אויסגעוויינט ביים לידל „נישטאָ קיין מאַמע, נישטאָ קיין נחמה״. איך בין געזעסן נעבן איר און האָב געזעצן, ווי זי האַלט דאָס טיכל פאַר די אויגן און האָב געהערט זי זיפצן. די יידישע ווערטער, מיט וועלכע זי שעמט זיך אפשר אינדערהיים. דער פּראָסטער פּרימיטיווער, נאָר נישט־געפעלשטער טראַגיזם פון טויט האָבן זי גערירט ביז טרערן. און אַז מען האָט געענדיקט, האָט זי געקלאַפּט און געקלאַפּט „בראַוואָ״. איצט שטייט זי אָט דאָ נעבן מיר, די טרערן האָבן נאָכנישט אויסגעטריקנט אויף איר פּנים, און זי הערט דאָס מבינות, און — — — שעמט זיך!

איך האָב איר געוואָלט זאָגן:

— ליבע, האַרציקע יידישע פרוי, דו שעמסט זיך, איך שעם מיך אויך: דו מיט דיינע טרערן, איך — מיט מיין יום־טובדיקער שטימונג. מיר וועלן זיך שעמען צוזאַמען, און אויב צוזאַמען, וועלן מיר זיך בנאמנות אויפהערן צו שעמען. ווייל

צו אונדז וועלן צוקומען נאָך צוויי, און נאָך פיער, און נאָך אכט — אלע די, וואָס האָבן געהאַט דעם אוממיטלבאַרן איינדרוק. און גערעכט וועלן מ י ר זיין.

* *
*

אין די פאָלקס-לידער און אין די פאָלקס-מעלאָדיעס, ליגט באַהאַלטן עפּיס אַ סוד, אַ מיסטעריע. איך ווייס ניט, צי דאָס פּראָבלעם האָט אַמאָל באַשעפטיקט אַ פּסיכאָלאָג, אַ פאָרשער. פאַרוואָס ווירקן אויף אונדז פּרימיטיווע ווערטער, טיילמאָל גאָר זינלאָזע ווערטער, אַזוי שטאַרק, פאַרוואָס דרינגט אַ געוויינלעכע מעלאָדיע, וואָס באַשטייט אינגאַנצן פון פינף טענער, אָן אַ רימע, לויט איר אינהאַלט, און אַ שוואַכע, לויט דעם אויסדריק, אַזוי טיף אין האַרצן?

די ביימעלעך בליען, די יאָרן פליען,
די צייט גייט אַוועק ווי אַ רויך...

וויפל מאָל איז דער פּרימיטיווער געדאַנק שוין אַרויסגעזאָגט געוואָרן, וואָסערע פאַרשיידנאַרטיקע קינסטלערישע פאָרמען האָט ער שוין אָנגענומען! און דאָך, ווען מען הערט אים אויף דאָס ניי אין דעם פאָלקס-ליד, מאַכט ער אַ פרישן, אייגנאַרטיקן איינדרוק. וואָס איז דאָ צוגעקומען? די פאַרקלענערונג פון „ביימער" אויף „ביימלעך", פון „יאָרן" אויף „יאָרעלעך", פון וועלכער עס הערט זיך אַ געוויסע ליבלעכקייט, אַ געוויסער טרויעריק-באַדויערנדיקער טאָן צו דער וועלט? — דעם אמת זאָגנדיק, איך וויל דאָס ניט באַהויפּטן.

פאַרוואָס ווירקט אויף אונדז דער נגון פון „כל נדרי" אַזוי ערשיטערנד? די מוזיקאַלישע שטאַרקייט? די פאָרשטעלונגען, וואָס דערוואַכן אין אונדזער גייסט פון דער יום-כפּורדיקער

אַטמאָספערע? דער ריח פון צעשאָטענעם היי, די ברענענדיקע ליכט מיט די ווייסע קיטלען? — איך מיין, דאָס איז נאָך נישט אַלץ.

אַלע וואַסערלעך פליסן אַוועק,
די טייכעלעך בלייבן ליידיק, —
אוי, ווו נעמט מען אַזאַ מענטש אויף דער וועלט,
וואָס זאָל פאַרשטיין מיין ווייטאָק?

פרוווט דעם געדאַנק אויפצופּאַסן לאָגיש, האָט איר אַ ריי־נעם אומזין. די ערשטע צוויי שורות האָבן נישט קיין שום שייכות צו די לעצטע צוויי: נישט קיין לאָגישע, נישט אפילו קיין פּסיכאָלאָגישע. פון וואַנען נעמט זיך אַזאַ אַסאָציאַציע, וואָס פאַרבינדט דאָס בילד פון די טייכלעך, וואָס בלייבן ליידיק, מיט דעם ווייטאָק, וואָס קיין מענטש אויף דער וועלט קאָן נישט פאַרשטיין? — אַ ריינער צופאַל! אין מח וואַלגערט זיך אַרום [illegible]ס. אַ נעבלהאַפטיק בילד פון „וואַסערלעך וואָס פליסן אַוועק", דאָס האַרץ קלעמט איבער עפּעס אַ ווייטאָק, און דאָס בילד מיט דעם געפיל טרעפן זיך צוזאַמען ווי צופעליק און ווערן צוזאַמען אויסגעדריקט.

און דאָך בלייבט דאָס האַרץ קיינמאָל נישט גלייכגילטיק, ווען מען זינגט פאָר די פיער שורות. און איר אַנט זאָגאַר אַן אָרגאַנישע פאַרבינדונג צווישן די פיער שורות. עס איז פאָרט א י י נ ס, איין ליד! ווי אַזוי? פון וואַנען נעמט זיך דאָס?

אַ ניגון און אַ ליד האָבן אַ נשמה. זיי וואַנדערן אויף דער וועלט, און יעדער, וואָס זינגט זיי, לאָזט איבער אויף זיי אַ שפּור פון זיין גייסט, שענקט זיי אַוועק אַ שטיקל פון זיין נשמה. אַ פאָלקס־ליד און אַ פאָלקס־ניגון ווערן געשפּינט און געוועבט דורך דורות, און עס רינגלט זיי אַרום אַן אַטמאָספערע פון הונדערטער און טויזנטער עכאָס פון געפילן, וואָס זיינען

בײַ די ווערטער און בײַ די טענער דורכגעלעבט געוואָרן. ווי אַ שוואָם, זאַפּט דאָס פֿאָלקס־ליד אײַן אין זיך די אַלע זיפֿצן, בכחתן און אַנדערע איבערלעבונגען, וואָס זײַנען דורך אים אַרויס־גערופֿן געוואָרן, עס זאַפּט זיי אײַן און זיי וואַנדערן ווײַטער מיטן ליד אויף דער ברייטער וועלט איבער דורות.

דאָס איז זייער נשמה.

און בשעת מען זינגט מיר „כל נדרי״, ציטערן אפשר דאָרט ווײַט, אונטער דער שוועל פֿון מײַן דערקענטעניש, איבער־לעבונגען פֿון מײַנע עלטער־עלטער־זיידעס אין שפּאַניע, בשעת זיי האָבן דיזעלבע מעלאָדיע געזונגען, איבערלעבענישן, וואָס זײַנען איבערגעגאַנגען צו מיר בירושה, וואָס שלומערן אין מיר, כאָטש איך ווייס פֿון זיי נישט און וועל קיינמאָל נישט וויסן; דער אומזין פֿון די לײַדיקע טײַכלעך מיט דעם ווײַטאָק ווערט אָרגאַניש פֿאַרבונדן, ווײַל די געפֿילן, וואָס זײַנען בײַ די ווער־טער דורכגעלעבט געוואָרן, האָבן זיי באַהאָפֿטן און האָבן זיי געמאַכט פֿאַר אײנס.

בײַ פֿאָלקס־לידער איז די אַ ט מ אָ ס פֿ ע ר ע, וואָס טראָגט זיך אַרום זיי, פֿ י ל מ ע ר ו ו י ד אָ ס ל י ד אַ ל ײ ן; פֿאָלקס־לידער זײַנען מער גײַסט, ווי קערפּער, מער לירישעס געפֿיל, ווי געפֿאָרמטער אויסדרוק.

און פֿאָלקס־לידער דאַרפֿן כּלל נישט געזונגען צו ווערן „מוזיקאַליש״, אין געוויינלעכן זין פֿון וואָרט.

סאַפּראַנאָוו איז פֿיל מער אַרטיסט און האָט אַ שטים אַ פֿיל שטאַרקערע און רײַכערע, ווי ראָזאָווסקאַיאַ. עס איז גאָר קיין פֿאַרגלײַך נישט. און דאָך האָט ראָזאָווסקאַיאַ, לויט מײַן מיינונג, בעסער געכאַפּט דעם ספּעציעלן ריטמוס פֿון די פֿאָלקס־לידער: נעבן די אַטמאָספֿערע האָט זיך עס דײַטלעכער געפֿילט, און דער אײַנדרוק איז געווען (אַלנפֿאַלס — אויף מיר) אַ שטאַרקערער.

## ח

### דער פעדלער גייט.

פאַר עטלעכע יאָר איז צום ערשטן מאָל אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ זאַמלונג פון פאָלקס-לידער דורך גינצבורג און מאַרעק, און עס איז געווען אַן אמתע פרייד און אַ גוטע בשורה פאַר אַלע די, וואָס האָבן זיך שוין דאַמאָלט געטראָגן מיט דעם געדאַנק וועגן אַ יידישער פאָלקס-קולטור.

מערקווירדיק איז דערביי, אַז דאָס איז אויסגעפאַלן גראָד אין דערזעלבער צייט, ווען אין אונדזער יונגער יידישער ליטעראַטור האָט זיך דערפילט אַ שטראָם פון נייעם לעבן. יונגע טאַלאַנטן האָבן זיך געוויזן, און זיי זיינען אַלע געווען אַרומגענומען מיט דער ריזעוודיקער אומרויקער אַטמאָספערע, וואָס אין איר ווערט יעדעס* שאַפן געבאָרן. אַ ניי שיינהייט האָט אַ בליק געגעבן, און עס האָט זיך געדוכט, אַז דער פאַרשאָטענער קוואַל פון דער פאָלק-נשמה איז אויפגעבראָכן געוואָרן, אינעווייניקסטע כחות האָבן דורכגעגעבערט די ערד, און אַ ברונעם פון לעבעדיקן פרישן וואַסער האָט זיך געעפנט. ס'איז געווען אַ צייט פון שיינע

אין גרויסע האָפענונגען, וואָס נאָר אַ טייל פון זיי זיינען מקוים געוואָרן.

אין דערזעלבער צייט באַווייזן זיך די פאָלקס-לידער, און זיי זיינען אַזוי צוגעפּאַסט געווען צום מאָמענט. מען קאָן נישט זאָגן, אַז די זאַמלונג איז געווען הויך געלונגען און אָן פעלער. פאַרקערט: אַ קענער און אַ ליבהאָבער פון די יידישע פאָלקס-לידער האָט געקאָנט האָבן פיל טענות. די זאַמלונג איז אַלערערשטנס געווען אַ צופעליקע, „וואָס דער גאָפל האָט אויפגעכאַפּט". דאָס גאַנצע מאַטעריאַל האָבן געליפערט דריי פיער מענטשן. דערצו האָבן זיך אַריינגעכאַפּט עטלעכע בדחנישע און אַנדערע לידער, וואָס געהערן כלל נישט אַהער, און נאָך אַנדערע פעלער האָט דאָס בוך געהאַט. און דאָך איז עס זייער וואַרעם אויפגענומען געוואָרן און האָט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק, שוין דערפאַר אַליין, וואָס דאָס איז געווען די ערשטע פּראָבע. אפשר צום ערשטן מאָל איז אונדזער דורכשניטלעכער אינטעליגענט געוואָר געוואָרן, אַז ס׳געפינען זיך גאָר אויף דער וועלט יידישע פאָלקס-לידער, און אַז די דאָזיקע לידער האָבן אַ באַזונדער שיינהייט זייערע, אַן אייגענעם טאָן און כאַראַקטער. כדאי געווען אָנצוזאָגן דעם אינטעליגענט אָט די בשורה.

און יאָרן זיינען אַריבער, אונדזער ליטעראַטור האָט זיך אַ ביסל אַנטוויקלט. נישט אַלע האָפענונגען זיינען מקוים געוואָרן — האָפענונגען ווערן קיינמאָל נישט אינגאַנצן מקוים — אָבער דאָך האָבן מיר אָנגעוויזן אויף איינער און אַ צווייטער ציטיקער פרוכט, וואָס שטאַמט פון יענעם פרילינג. די יידישע ליטעראַטור האָט זיך פלוצלינג פונאַנדערגעבליט, און פלוצלינג, נאָר איז אויך געקומען דער שטילשטאַנד אירער.

פון די פאָלקס-לידער אָבער האָט קיין נייע זאַמלונג זיך נישט געוויזן. אָט אַזוי ווי דאָס דערמאָנטע בוך איז אַרויס

זיינען מיר געבליבן דערביי, און קיין איין טריט נישט ווייטער.

און דאָך, שוין נישט צוריידן וועגן די פעלער, וואָס דאָס בוך האָט, איז עס דאָך געווען נאָר אַן אָנהויב, אין נישט מער ווי אַן אָנהויב. דאָס בוך קאָן גיכער באַטראַכט ווערן פאַר אַ זאַמלונג פון מוסטערן פון די פאָלקס-לידער, ווייל דער גרעסטער טייל לידער, און אפשר אויך דער שענסטער און וויכטיקסטער, פעלט דאָרט, עטלעכע טראָפּן פון אַ ים אַרויסגעכאַפּט און נישט מער, און ביי די עטלעכע טראָפּן זיינען מיר געבליבן.

אָט אַזוי איז אין אונדזער באַלעבאַטישקייט אָנגעזאַמלט געוואָרן אַ קליין ביסל האָב און גוטס, אַ ביסל ליטעראַטור און אַ ביסל פאָלקס-לידער, און מיר זיינען שטיין געבליבן. מיר זיינען מיד? מיר רוען-אָפּ? אָדער האָט זיך אין דעם געעפנטן קוואַל צוריק אַריינגעשיט ערד פון ברעג, און מיר מוזן וואַרטן, ביז די אינעווייניקסטע כחות וועלן זיך ווידער דורכרייסן אַ וועג? —

ווער קאָן טענות האָבן צו דעם באַהאַלטענעם, אין סודות-איינגעהילטן, גאָט פון שאַפן? דער דאָזיקער גאָט איז נאָך מער פאַרשליידערט אין זיינע וואָלקן, ווי דער אַלטער יידישער גאָט. ער ענטפערט נישט אויף די טענות און פּרעטענציעס פון זיינע קנעכט, און מעגן זיי זיין ריין און דערהויבן ווי איוב אַליין, פאַרשטעלט ער זיין פּנים, בלייבט עס פאַרשטעלט, העלפט קיין טענה נישט.

אָבער צו זאַמלען ווייטער די פאָלקס-לידער — דאָס איז דאָך שוין אַ מענטשלעכע זאַך, נישט קיין געטלעכע! מיר האָבן דאָך דאָ נישט צו טאָן מיט אַ פּראָצעס פון שאַפן, נאָר מיט געוויינלעכן מענטשלעכן פלייס, איבערגעבנהייט, ליבע צו דער זאַך, — פאַרוואָס זיינען מיר אויך אויף

דעם געביט שטיין געבליבן? און ווו ליגט דער סוד דערפון באהאלטן? פארוואס האבן גינצבורג און מארעק נישט געפונען קיין נאכאמער, ווייטער-פירער פון אט דער פאלקס-זאך? —

פרעגט ביי אונדזער פוילקייט און אפגעשטאנענקייט, וועלן זיי אייך ענטפערן.

און אט דא, אויף דעם ארט, אז מיר זיינען צוגעקומען צום טויטן פונקט, דערזעען מיר א מאוסע (איך קאן זי נישט אנדערש אנרופן) דערשיינונג. יא, עס נעמט ווידער ווערן, „יידישלעך" ביי אונדז און אויף אונדזער קולטור-געביט הערט זיך די שרייענדיקע אלט-באקאנטע שטים:

„האנדל! האנדל!"

דער קאמי-וואיאזשער מיט דעם ביסל מוסטערן איז געקומען. מיר לויפן צוריק פון א נאציאן, וואס וויל שאפן פון זיך, בויען פון זיך, צו אן עדה פון שאכער-מאכער, וואס קאן נאר חלופין מאכן.

בשעת ווען צו די באקאנטע פאלקס-לידער קומען כמעט גארנישט צו קיין נייע, און קיינער טראכט אפילו נישט וועגן א נייער זאמלונג, וועט איר די אלטע געפינען אפשר שוין אין א גאנץ צענדליק ביכלעך מיט דעם אונטערשייד, וואס דער האט ארויסגעכאפט דאס ליד, דער אנדערער — א צווייטס, איינער — האט זיי אזוי אויסגעשטעלט, דער צווייטער — אנדערש. אלע אבער האנדלען מיט דעמזעלבן ביסל סחורה.

איך עפן א „זאמלונג" פון מנחם (א ביילאגע געווען צום „היינט") און לייען: „איז געפלויגן די גאלדענע פאווע", אדער: „די יארעלעך ציען"; איך עפן דעם „דעקלאמאטאר" — דאסזעלבע, אדער אן ענלעך באקאנטע זאך: איך עפן דאס ערשט דערשינענע ערשטע העפט פון „דער יידישער מוזע" — און ווידער דאסזעלבע!

און היינט וועט ערשט קומען: „דאס גאלדענע בוך פון

דער יידישער פאָעזיע", און ווער ווייסט נאָך, ווי זיי הייסן די אַלע קאָלעקציאָניסטן מיט די קאָלעקציעס פון אונדזער ליטעראַטור און פאָלקס-פּאָעזיע.

דער פעדלער גייט.

ס'איז אַ גרינגע פרנסה דאָס מין פעדלעריי און אַ יידישע פרנסה. מיט קאַרגע פּאָר גראָשן האָט איר אַ געשעפט אין האַנט, און עס איז קיין וווּנדער נישט, אַז ס'געפינען זיך אויף איר אַזוי פיל בעלנים.

און דאָס דאָזיקע מין פעדלעריי ווערט געטריבן מיט די פאָלקס-לידער פונקט אַזוי ווי מיט די געדיכטע פון אַלטע און נייע דיכטער.

אויך דאָ קאָנט איר אייך דורכשפּאַצירן דורך אַ ריי אויסשטעלונגען, וואָס ביי איינעם הענגט אויבן, הענגט ביים צווייטן אונטן. און ווידער אַמאָל — דיזעלבע סחורה.

און אויך דאָ פאַלט קיינעם נישט איין אויסצושרייבן כאָטש איין „ניי אַרטיקל".

און קיין פאַרלעגער פאַלט נישט איין אַן אידעע אין קאָפּ אַריין אַרויסצוגעבן אַ נייע זאַמלונג פון פאָלקס-לידער און באַמיען זיך, אַז די לידער זאָלן געזאַמלט ווערן.

דער פעדלער דאַרף נישט פיל האָבן אויף לאַגער. ער קאָמביצירט מיט דעם קליינעם ביסל סחורה און קומט אויס.

אַלץ מער און מער הויבט אָן צו שמעקן אויף אונדזער קולטור-געביט דער ריח פון דער „וואָלאָווער" גאַס.

מען האָט אונדז פאַרגעוואָרפן, אַז מיר זיינען אַ פאָלק, וואָס קאָן נאָר האַנדלען און שאַכערן און מאַכערן מיט פרעמדע קולטור-ווערטן, אויסבייטן זיי, צעלייגן אויף טעלערלעך, אויסטוישן אויף קליין-געלט. האָבן מיר אין דער לעצטער צייט געמאַכט אַ פּראָבע אַליין עפּעס צו שאַפן, אויף אונדזער אייגענעם

באָדן אַ ברונעם אויפצוגראָבן, און באַלד איז ווידער געקומען דער שאַכער-מאַכער טאָן די אַלטע מלאכה.

אַמאָל האָט ער געהאַנדלט מיט פרעמדן. איצט — מיטן אייגענעם ביסל בעטל. דער אונטערשייד איז נישט גרויס, און אַ שטיקל נחמה איז פאַראַן: פאָרט אייגנס — נישט מער, דאָס אייגענע איז אַזוי באַגרענצט, מיר האָבן אַזוי ווייניק נאָך אויף לאַגער, און דער מסחר איז דעריבער אַזוי קליינלעך...

און עס ווערט דעריבער אַ ביסל איבלדיק. נאָך די זאַטע יאָרן זיינען געקומען די געמיינע הונגער-יאָרן נישטאָ קיין גע-רעטעניש, און דער קרעמער האָט זיך צוריק גענומען צו דער אַלטער פרנסה.

ט

## בּ י ל ״ ו.

בּיל״ו, ביל״ו? וואָס איז דאָס אַזוינס ביל״ו? —

איך בין געווען א יונגער בחור׳ל, וואָס האָט זיך באַהאַלטן און געלייענט העברעישע צייטונגען. די ראשי-תבות זיינען מיר פרעמד געווען. ביל״ו — וואָס זאָל דאָס באַדייטן?

איך האָב אין מיין באַהעלטעניש געלעזן גאַנצע פּעק אַלטע צייטונגען. דער „המליץ״ איז געווען פאַר ישוב ארץ-ישראל, די „הצפירה״ — קאַלט. איך האָב קוים-קוים מיט מאַטערניש דורכ-געלייענט אַן אַרטיקל פון אַן אַלטן „וואָסכאָד״ און געטראָפן די זעלבע רעטעניש אויף רוסיש „בילוצי״. די רוסישע צייטונג איז געווען נאָך קעלטער צום ענין. עס קומט מיר אַזוי אָפּט אויפן זין אָט די דאָזיקע לעקטור פון גאַנצע פּעק אַלטע צייטונ-גען, פון פאַרשיידענע ריכטונגען, אויף אַ באַהאַלטענעם אָרט. דאָס איז דאָך געווען, אַזוי צו זאָגן, מיין ערשטע בילדונג, דער פונדאַמענט צו מיין יידישן דענקן. איך האָב אַלץ געזופּט צו-זאַמען, אי די פייערדיקע מאמרים פון „המליץ״, אי דעם באַ-

האלטענעם חוזק פון „הצפירה", אי די אָפענע פּראַקטישקייט פון דעם רוסישן בלאַט; מיין יונגע עמפינדלעכקייט האָט באַקו־מען צוזאַמען אַ קאַלטן און אַ וואַרימען טוש. איך, אַ יונג בחור'ל מיט שיינע פּאהלעך און מיט אומבאַדינגט גוטע כוונות און אַ היפּש ביסל אידעאַליזם, בין געשטאַנען אין צענטר פון אַ דע־באַטע. אַלע האָבן צו מיר גערעט, און איך האָב געהערט. איך האָב דורכגעלייענט און געזאָגט: זייער פיין, זייער ריכטיק, און לאָמיר הערן, וואָס דער צווייטער זאָגט, מיין אומפּאַרטייאישקייט (אויב איך פאַרמאָג זי) שטאַמט פון יענער צייט און פון יענעם צופאַל, וואָס איך באַדויער לגמרי נישט.

איך דערצייל דעם עפּיזאָד בדרך־אגב (ווער האָט דאָס נישט ליב צו דערציילן פון זיך?), ווייל דאָס רעטעניש ביל"ו האָט אין מיטן פון דער דעבאַטע באַקומען אַ באַזונדערן רייץ. „אנשי ביל"ו", „בני ביל"ו", „בילויצי".

און אָט ווען איך בין ענדלעך דערגאַנגען דעם סוד, אַז „ביל"ו" איז די ראשי־תיבות פון „בית יעקב לכו ונלכה", האָבן די עטלעכע ווערטער אויף מיר געהאַט אפשר מער ווירקונג, ווי אַלע פייערדיקע מאמרים פון „המליץ" צוזאַמענגענומען. אַזוינע פשוטע, אַזוינע איבערצייגנדיקע ווערטער! אַזאַ אָפענער רוף צום פאָלק!

„קומט, יידישע קינדער, און לאָמיר גייען!".

ווי שטייט עס ביי לערמאָנטאָוון געשריבן? — פאַראַן אַ אַ געבענטשטער כח אין צוזאַמענקלאַנג פון לעבעדיקע ווערטער".

אין די פיער ווערטער ליגט אַ ווידער־קול פון אַ גאַנצער עפּאָכע, די צערודערניש, וואָס די ערשטע פּאָגראָמען האָבן אַרויסגערופן, דאָס באַליידיקטע מענטשלעכע געפיל, דאָס אויפ־געוואַכטע נאַציאָנאַלע געוויסן — אין פיער ווערטער הערן זיי זיך!

מיינט גישט, אַז ווערטער זיינען אָן באַדייטונג. אַ נאָמען זאָגט זייער פיל. קרעמיע איז פאַר מיר גרויס, ווייל ער האָט געזאָגט „כל ישראל חברים״. און איך בעט אייך, זוכט צווישן דעם גאַנצן צעטל נעמען פון פּאַרטייען, קליינלעך און אינסטי-טוציעס, אויב איר וועט געפינען כאָטש איינעם, וואָס זאָל אַפּע-לירן צום הארץ, וואָס זאָל זיין עפּעס ענלעך אויף „ביל״ו״. ציוניסטן, טעריטאָריאַליסטן, סיאָניסטן-סאָציאַליסטן, פּועלי-ציון, זעלבסטשוץ, נאַציאָנאַל-פאַנד, א. א. וו. א. א. וו. — ווי טרוקן, ווי פרעמד, ווי אָן באַדייטונג די נעמען קלינגען! דער „בונד״ אַפּעלירט שוין מער צו דער רעוואָלוציאָנערער פאַנטאַזיע.

איז עס אַ צופעליקייט, וואָס די 25 יונגעלייט, וואָס האָבן פאַר 30 יאָר פאַרלאָזט רוסישע אוניווערסיטעטן אום צו באַאַר-בעטן דאָס דאמאָלט אַזוי פאַרווילדעטע און פאַרלאָזטע לאַנד מיט אייגענע הענט — וואָס זיי גראָד האָבן געפונען דאָס ריכ-טיקע וואָרט, דעם ריכטיקן נאָמען? איז עס אַ צופעליקייט, וואָס די פיער ווערטער האָבן מיך אַזוי טיף גערירט און האָבן פיל-פיל מער געווירקט אויף מיינע שפּעטערדיקע איבערצייגונגען, ווי די הייסע מאמרים פון „המליץ״, וואָס די מאמרים פון „וואָסכאָד״ האָבן באַלד אָפּגעקילט?

אַ צופעליקייט?

אָדער אפשר? דברים היוצאים מן הלב נכנסים אל הלב? (ווערטער, וואָס קומען פון הארצן, געפינען אַ וועג צום הארץ).

* *
*

ביל״ו ! עס קלינגט, ווי אַ לעגענדע. און עס וואָלט גע-ווען צו-פרי צו שרייבן איצט אַן אויספירלעכע מאָנאָגראַפיע פון די בילאָווצעס, ווען אפילו עס וואָלט זיך געפונען אַ געאייגנטער

מענטש צו שרייבן אַזאַ ווערק. די לעגענדע וואָלט דאַמאָלט פאַרשווונדן, און עס וואָלט אַרויסגעקומען אַ שטיק היסטאָריע פון מענטשלעכער באַגייסטערונג, פון שיינעם יוגנטלעכן אידעאַליזם, און דערנאָך פון געבראָכענע געמיטער, געדריקטער לאַגע און אַלערליי מענטשלעכע קליינלעכקייטן, וואָס די מאַמע גויט געבערט מיט אַזאַ שמוציקער פרוכטבאַרקייט...

איז עס דען נישט איבעריק צו דערמאָנען אַלע קליינלעכקייטן? האָבן מיר דען זיי נישט גענוג און איבער-גענוג אין אַלטעגלעכן לעבן, אין אַלע לאַגערן און פאַרטייען?

אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל אין דער שווייץ בין איך אַמאָל געווען, ווייט פון יידישן לעבן, ווען די ביל״ו-לעגענדע איז מיר פלוצלינג געשטאַנען פאַר די אויגן.

אַ פּאַריזער פאַמיליע איז אָנגעקומען אין פענסיאָן. אַן עלטערע פרוי, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר 30 און אַ מיידל פון אַ יאָר 20. אַלע האָבן גערעט פראַנצויזיש צווישן זיך. איך פאַרשטענדיק מיך זייער שלעכט אויף דעם לשון, און די אַלטע האָט נאָך מיט עטלעכע טעג מיט מיר גערעט — יידיש, נאָך נענטערער באַקאַנטשאַפט האָט אויך דער זון גערעט יידיש און „ראַשעל״, אַ פאַריזער קינד מיט דער בילדונג פון אַ טאָכטער פון אַ מיטעלער ווױלהאַבנדער פאַמיליע, האָט געבראָכן די צונג און אויך גערעט יידיש, וויפל זי האָט געקאָנט.

זיי זיינען יידן — ווי דען? און זיי זיינען שטאָלץ דערויף. די אַלטע האָט געדענקט עטלעכע ווערטער העברעיש. דער פאָטער פון דער פאַמיליע איז געווען איינער פון די „בילכאָווצעס״, און האָט געפטרט זיין פאַרמעגן און זיין יינג לעבן. צו 35 יאָר איז ער געשטאָרבן אין עגיפטן. און די פאַראָרעמטע פאַמילי־ איז מיט 18 יאָר צוריק געקומען קיין פאַריז, און

דערשלאָגן זיך צו ווילשטאַנד, נאָך לאַנגער מאַטערניש און גלגולים.

ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט פאַרלאָזן פּאַלעסטינע — האָט מיר די אַלטע דערציילט — ער האָט שוין געהאַט דאָס געלט פאַרלאָרן, געקרענקט שטענדיק אויף פיבער, און געוואָלט בלייבן. ער האָט געוויינט מיט טרערן, ווען ענדלעך האָבן מיר געמוזט אויסוואַנדערן, און איז אויפן וועג געשטאָרבן...

דאָס העברעישע, וואָס דער זון האָט געלערנט, האָט ער פאַרגעסן, אָבער פון יידישן קוואַרטאַל אין פּאַריז האָט ער געלערנט יידיש, וואָס ער רעט געבנוג פריי, און וואָס „ראַשעל" פאַרשטייט גאַנץ גוט, כאָטש זי רעט עס נישט פיל בעסער, ווי איך — פראַנצויזיש. אין איבריקן זיינען די קינדער פולשטענדיק אַסימילירט...

איין דור, און די קייט איז איבערגעריסן.

בילו — בילו — האָב איך געטראַכט, קוקנדיק אין ראַשעלס שוואַרצע יידישע אויגן. בית יעקב. לכו ונלכה! שטיי־אויף, יידיש פאָלק, און וואַנדער!

די נבואה איז מקוים געוואָרן. דער רוף צום נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט, ווייל דער זאַמד אונטער די פיס איז צו הייס געוואָרן, — איז געווען אַ היסטאָרישער רוף. עס איז אונדז צו ענג געוואָרן צווישן די סלאַווישע פעלקער, און מיר האָבן פון יענער צייט אָן גענומען גייען, די יידישע עמיגראַציע הויבט זיך אָן פון דעם זעלבן דאַטום, אָדער — די זעלבע עמיגראַציע, וואָס איך ווייס נישט, אויב 1 פּראָצענט פון איר איז געגאַנגען אַהין, וווּ די רופער האָבן אָנגעוויזן.

עס איז טראַגיש.

מענטשן פון באַגייסטערונג הערן דעם רוף פון דער היסטאָריע, גייען און פטרן זייער לעבן, און די היסטאָריע

קימערט זיך אַזוי ווייניק וועגן זיי און וועגן זייערע אידעאַלן. ער — געשטאָרבן פון פיבער אויף אַ פרעמדער ערד, די פאַמיליע אַסימילירט, דער דריטער דור — גויים.

און קיין ניו־יאָרק איז כמעט אין דער זעלבער צייט געקומען אַ גרופּע יידישע אינטעליגענטן, פולשטענדיק אַסימילירט, וואָס זיי איז נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן און צו זאָרגן וועגן יידישקייט און אַ יידישע נאַציאָן. אַ גרופּע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן געלעבט אין אַ קאָמונע. זיי האָבן געגרינדעט אַ קאָמוניסטישע קאָלאָניע אין מערב פון די פאַראייניקטע שטאַטן, און זייער אידעאַל איז געווען צו בויען דאָ אַ צענטער פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע. ווי אַזוי? מען וועט זיך באַפעסטיקן, בויען אייגענע שיפן, און דורכן שטילן אָקעאַן ברענגען אַלע רוסישע רעוואָלוציאָנערן צוריק פון סיביר דורך די וואַסערן פון כינע און יאַפּאַן. געענדיגט פאַנטאַסטיש, אָבער די קאָלאָניע האָט זיך געהאַלטן און געבליט היפּשע עטלעכע יאָר, ביז דאָס לעבן האָט זיי אויסגעניכטערט. איצט זיינען די רוסישע רעוואָלוציאָנערן געוואָרן יידישע דאָקטוירעם און כלל־טוער אין ניו־יאָרק, און זיינען איינגעטונקט ביז איבער די אויערן אין ממשותדיקער יידישקייט, און ד״ר קאַפּלאַן, איינער פון די וויכטיקסטע מיטגלידער פון יענער מערקווירדיקער קאָמונע, איז אַ באַליבטע יידישע פיגור אויף דעם איסט־סייד און פעלט נישט אויף קיין שום יידישער שמחה פון ראַדיקאַלן לאַגער.

עס איז קאָמיש.

*

*

צו שפּיגלען זיך נישט אָפּ אין די צוויי גרופּעס אינטעליגענטן פון דעם אָנהויב פון די 80־ער יאָרן דיביידע זייטן

פון אַלע אומגלויבלעכע שטרעבונגען: דער שטענדיקער קאָנפליקט צווישן „מרכז רוחני" און די פּראַקטישע יידישע צענטערן, צווישן „יהדות" און דעם פּראַקטישן יידישן פאָלק? דאָס טראַגיש-קאָמישע שפּיל, וואָס די היסטאָריע טרייבט מיט אונדזער גריין-גראָען קאָפּ?

אָבער ביל"ו בלייבט פאָרט אַן דערהויבענע לעגענדע.

עס איז 30 יאָר פון יענער צייט, און איך קום איצט פון אַ פאַרזאַמלונג, וואָס די בערלינער ציוניסטישע סטודענטן האָבן צוזאַמענגערופן צו פייערן דאָס דערהויבענע אָנדענקען פון דער ביל"ו-באַוועגונג, און אין מיינע אויערן קלינגען נאָך די רוסישע דרשות מיט די קנאַקעדיקע פראַזעס, אַזוי פרעמד און אַזוי באַליידיקנדיק פאַר מיין יידיש אויער.

ביל"ו — עס איז דאָך אַזוי פּראָסט און אַזוי שטאַרק און אַזוי האַרציק און יידישלעך:

בית יעקב, לכו ונלכה!

וואָסערע שייכות האָבן די רוסישע דרשות צו די 4 ווערטער? צי האָבן די דרשות נישט געקאָנט געהאַלטן ווערן אויף אַן אַנדער אָרט?

## טאָלסטאָיס טויט.

איך האָב מיך אָנגעלייענט מיט אַלערליי צייטונג־אַרטיקלען וועגן טאָלסטאָיס טויט, אָנגעלייענט זיך ביז צו זעטיקייט און ביז צו איבערזעטיקייט, און איך בין איינגעשלאָפן.

האָבן זיך געפּלאָנטערט חלומות אין מיין קאָפּ. עס האָבן זיך אויסגעמישט צוזאַמען קלוגע און נאַרישע פראַזן, אַלץ וואָס איז גערעט געוואָרן און געשריבן געוואָרן, — און ווער האָט נישט גערעט און געשריבן?

די נאַרישקייט האָט זיך געקליגלט, און די קלוגשאַפט האָט אויך געזאָגט איר וואָרט. נישט איין גאַס־סענסאַציע האָט מיטגעשריען און נישט איין פאַלשע טרער איז געפאַלן, נאָר אויך טיף־דורכגעפילטע ווערטער האָבן נישט געפעלט. די אויס־געלאַסנקייט פון וואָרט האָט גענומען טאַנצן — זי האָט געמיינט, זי איז אויף אַ חתונה — און די קליינקעפּלדיקייט האָט זיך גע־בלאָזן און געבלאָזן און איז געוואָרן פּאַטעטיש, פייערלעך, דער־הויבן; צום שאַנד — פאַר דער גרויסקייט פון מאָמענט, צום

שפּאָט און צו געלעכטער — פון זיך אַליין.

ווייל וואָס איז פאַראַן לעכערלעכערס ווי פייערלעכע, פּאַטעטישע, אויפגעבלאָזענע קליינקעפּלדיקייט?

אין דעם גרויסן מבול, צווישן דער ס ע נ ס אַ צ י ע, וואָס טראָגט, לײַדער, דעם הייליקן נאָמען „טאָלסטאָיס טויט", זיינען אויך הייסע, ריינע טרערן אַריינגעפאַלן; צווישן דעם רעשדיקן, פּאַרטויבנדיקן ליאַרם און געפּילדער פון די צייטונגען האָבן אויך האַרציקע טענער אַריינגעקלונגען. צוזאַמען — אַ גרויסער מיש-מאַש, וואָס האָט זיך געטראָגן אין מיין האַלב-וואַכעדיקן, האַלב-פאַרשלאָפענעם קאָפּ, און איז אַמאָל צום האַרץ צוגעקומען און אַ סטרונע געמאַכט ציטערן, אַמאָל — עקל דערוועקט...

און עפּעס ווייסעס האָט זיך מיטגעטראָגן, זיך געפּאַלדעוועט און צוריק אויסגעגלייכט, האָט לייכט-לייכט געמאַכט ציטערן די לופט. פליגלען פון אַ מלאך? — טפוי, די פראַזע! איך האָב נאָך קיין מלאך אין מיין לעבן נישט געזען.

תכריכים? — טאָלסטאָי איז באַגראָבן געוואָרן אָן רעליגיעזע צערעמאָניעס; מיט יידישע צערעמאָניעס — אַוודאַי נישט.

אין דאָס ווייסע האָט זיך געטראָגן אין קאָפּ, האָט זיך אין פאַלדן געלייגט און ווידער זיך אויסגעשפּרייט, און אַ טיפע טרויעריקייט האָט דערפון געווייט — אַזאַ אינעווייניקסטע און שטילע, וואָס פלעגט מיך באַפאַלן נאָר אין מיין קינדהייט אַמאָל, בשעת איך האָב געטראַכט וועגן דער מאַמע רחל, וואָס שטייט-אויף ביינאַכט פון קבר און באַוויינט אירע קינדער, בשעת איך האָב מיר פאָרגעשטעלט צו הערן דאָס בת-קול, וואָס ברומט ווי אַ טויב פון אַ חורבה אַרויס; אַ טרויעריקייט, פון וועלכער די אויגן ווערן נאַס און דאָס האַרץ ווערט אַזוי פול, נאָר קיין טרערן דינען נישט, און אפילו אַ זיפץ לאָזט זיך נישט הערן.

אַ שטומע, געלאַסענע און געלייטערטע טרויעריקייט, וואָס

עס דוכט זיך: אויב אַ הימל איז דאָ, מוז ער פון איר גערירט ווערן.

און די צעשטרייטע, פאַרשלאָפענע געדאַנקען האָבן לאַנג נאָכגעיאָגט דעם ווייסן נעפל, ביז איך האָב מיך דערמאָנט:

אַ האַנטטוך איז דאָס געווען.

אַ גאַנץ געוויינלעך האַנטטוך — אָט דאָס האַנטטוך, וואָס די פויערים פון „יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ" האָבן געטראָגן פאַר דער מיטה.

אויפגעשריבן איז אויף דעם האַנטטוך געווען: „דער אָנ־דענקען פון דיין גוטסקייט וועט נישט שטאַרבן צווישן אונדז, פאַריתומטע פויערים".

און איך בין איצט, בשעת איך שרייב די שורות, וואַכנדיק און נישט פאַרשלאָפן, און דאָך, ווען איך טראַכט וועגן דעם גרויסן טומל און קאָכעניש, וועגן דער לויה, וועגן די רעדעס, וואָס זיינען נישט געהאַלטן געוואָרן, און וועגן די בלומען און די קרענץ, וואָס זיינען יאָ אַרויפגעלייגט געוואָרן, — דערמאָן איך מיך ווידער אָן דעם ווייסן האַנטטוך, און מיר דוכט: אָט איז עס, דאָס ריכטיקע, דאָס איינציקע, וואָס פּאַסט אַהער! אָט די אָרעמע פויערים זיינען געקומען צו דער לויה אין סטיל פון דעם גרויסן מענטשן.

דאָס ערשטע בעסטע פויערשע האַנטטוך האָבן זיי גענומען, האָבן דערויף אויפגעשריבן פשוטע, באַנעמטע ווערטער, און האָבן עס ריכטיקן טאָן ביי דער לויה געגעבן.

* *
*

עס איז געשען. טאָלסטאָי גייט איבער פון דער קעגנוואַרט צו דער היסטאָריע. און אָט דאָס פאַרדריסט.

ער האָט געדאַרפט איבערגיין צו דער לעגענדע.

ער איז אַנטלאָפן פון ישוב, ווי אַ נביא, אין דער וויסטע אַריין. נאָר אין דעם „מדבר" זיינען דורכגעלייגט אייזערנע רעלסן און אַ טעלעגראַפישער אַפּאַראַט אַרבעט דאָרט ביי דער קליינער סטאַנציע, און מחנות קאָרעספּאָנדענטן האָבן אים אַרומגערינגעלט, און דאָקטוירים האָבן געוואַכט בייטאָג און ביינאַכט, און יעדער גראַד היץ איז פאַרצייכנט געוואָרן, און יעדער קלאַפּ פון דופק. מען האָט די לעגענדע פאַרטריבן.

און ווען ניט די אייזערנע רעלסן און ווען ניט דער קליינער אַפּאַראַט, מיט וואָס פאַר אַ הערלעכער לעגענדע וואָלט די מענטשהייט באַרייכערט געוואָרן!

טאָלסטאָיס געשטאַלט, טאָלסטאָיס טויט וואָלט די פאָלקס-פאַנטאַזיע אויסגעוועבט און אויסגעשפּונען, ווי זי האָט געטאָן מיט אַלע אירע גייסטיקע העלדן.

די היסטאָריקער וואָלטן דערנאָך געהאַט פיל אַרבעט, צו פאָרשן און צו זוכן אין אַרכיוון און דוקא אַרויספּאַקן דאָס ביסל היסטאָריע פון דער לעגענדע? אָ, קיינער וואָלט דאָס ניט באַדויערן. זאָלן מענטשן האָבן אַרבעט און זאָלן פאָרשער האָבן צו פאָרשן.

דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט וואָלט אָבער דעמאָלט געקומען אין דער וועלט-געשיכטע אַריין מיטן מיסטישן גלאַנץ פון גאָטס אַ שליח, מיטן טויט פון אַ נביא אין דער מדבר, מיט אַ גרויסן סוד, וואָס וואָלט די פאַנטאַזיעס פון דורות באַפרוכטעט און דאָס געוויסן פון דורות געוועקט.

איצט האָבן מיר: לונגען-אַנטצינדונג, אויסגעמאָסטן גראַדן היץ, אויסגעציילטע קלעפּ פון דופק, אַקימאָווס רעדע אין גאָסוד. סאָוועט, אַ סקאַנדאַל פון זאַמיסלאָווסקי א. אַז. וו., און אויף

איין ערנסט וואָרט — הונדערטער איבערפלעכלעכקייטן פון די צייטונגען.

אַן אכזריותדיקער געדאַנק לויפט דורך דורכן קאָפּ: עס ווילט זיך האָבן די מאַכט פון יענעם קאַליף אין אַלעקסאַנדריע, און נעמען אַלץ, אַלץ, וואָס איז געדרוקט געוואָרן וועגן טאָלסטאָי און וועגן זיין טויט און פאַרברענען און איבערלאָזן נאָר: די לעצטע ווערטער פון די מיליאָנען, וואָס ליידן, דעם „בוים פון די אָרעמע״, און — דאָס האַנטטוך.

און זאָגן אַזוי ווי יענער קאַליף: וואָס ס׳שטייט נישט אין קאָראַן, דאָס דאַרף נישט זיין.

ווייל אָט דאָס אַלץ האָט אונדז אַוועקגערויבט דעם נביא און האָט אונדז געגעבן אַ גראַף לעוו טאָלסטאָי, האָט צוגענומען די לעגענדע און האָט אונדז געגעבן פּאָליטישע רעדעס אין דומע און לייט-אַרטיקלען אין די צייטונגען.

טאָלסטאָי האָט געלעבט אין געשטאָרבן נישט אין זיין דור. אָדער — נישט אויף זיין אָרט. אַ ביסל ווייטער אויף מזרח האָט „יאַסנאַיאַ-פּאָליאַנאַ״ געדאַרפט זיין אָפּגערוקט, און דאָס האַנטטוך וואָלט געהייליקט געוואָרן פאַר דער פאָן פון אַ נייעם נביא, און צו דעם „בוים פון די אָרימע״ וואָלטן מחנות פון פּילגרימען געוואַנדערט, און עס וואָלט געקומען דער פאָלקס-דיכטער און וואָלט וועגן זיין לעבן און טויט אָנגעשריבן די פּאָעמע, וואָס וואָלט געוואָרן דאָס הייליקע בוך פון דער נייער רעליגיע.

אויב טאָלסטאָי איז נישט געוואָרן קיין נביא פאַר דער מענטשהייט, ווי בודאַ, קאָנפוציוס און אַנדערע, מוזן מיר זיך שוין, קענטיק, מיאש זיין אויף אייביק פון צו האָבן נביאים און גרינדער פון נייע רעליגיעס.

ווער ווייסט: צי איז טאָלסטאָי נישט געווען די לעצטע

געלעגנהייט, די לעצטע אָנשטרענגונג, א נייע רעליגיע צו באַשאַפן.

און אויב דער קליינער עלעקטרישער אַפּאַראַט אויף דער פּאַרוואָרפענער סטאַנציע האָט דעם סוד פאַריאָגט און אַ „געשעניש" אונדז געגעבן, וועט דאָך דאָס די פלי-מאַשין אודאי טאָן.

„פאַריתומטע פויערים" און — פאַריתומטע מענטשהייט! עס איז איר, קענטיק, שוין באַשערט אויף אייביק צו לעבן אָן נביאים און אָן רעליגיעס.

## יא

## די שטראָף.

יאָרן נאָכאַנאַנד האָבן מלחמות רויניִרט די גאַנצע געגנט אַרום. אין דער שטאָט זײַנען מענטשן געפאַלן פון הונגער און מגפות. די רײַכע האָבן באַגראָבן זייער האָב־און־גוטס און זיך באַהאַלטן אין די קעלערס צו עסן דאָס טרוקענע ברויט, וואָס איז פאַרקויפט געוואָרן אויף דער וואָג פון גאָלד, די מאַסן האָבן געשריִען, געמאַכט אויפשטאַנדן און זײַנען אַוועק־געשטאָרבן אין די טויזנטער, און קיינער האָט זיך נישט גע־קימערט זיי צו באַגראָבן.

אַ פאַרסמטע לופט האָט זיך געוויייעט איבער דער שטאָט. דער טויט האָט געקוקט יעדן אין די אויגן.

שמעיה דער חכם האָט געטראָפן ברכיהן דעם חכם אויף דער גאַס און האָט אים געפרעגט, וווהין ער גייט.

— איך גיי אויפן פעלד אַרויס, דאָרט איז די לופט ריינער, די זון וואַרעמט, און אַז מען שטאַרבט, בלייבט מען ליגן אויפן גראָז.

שמעיה האָט גערונצלט זיין שטערן און נאָך אַ ווײַלע טראַכטן האָט ער געענטפערט:

— קום, און מיר וועלן גיין צוזאַמען. אַלץ איינס ווו צו שטאַרבן פאַר הונגער — אין דער שטאָט, צי אויפן פעלד.

מיט מידע שריט האָבן זיי זיך געשלעפּט צו ווייטע לאָנקעס און פעראָזשטע פעלדער, וויסט-באַוואַקסענע.

די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו מערב און עס איז געוואָרן טונקל אויף דער וועלט.

ביידע חכמים זיינען געלעגן אויפן גראָז און אויף זייערע פנימער האָט געשפּילט אַן אָפּגלאַנץ פון צעפלאַקערטן הימל. זייערע כוחות האָבן זיי ביסלעכווייז פאַרלאָזט, און איינער צום אַנדערן האָט גערעט מיט אַ פרעמד קול, אַזוי ווי פון שלאָף אַרויס:

— ברכיה, דו שלאָפסט? און דיין אויער הערט?

— איך לעב און האָרך, שמעיה. איך בין געווען אין דרימל: מיין אויער איז געווען צוגעלייגט צו דער ערד און איך האָב געהערט ציטריק-זיסע געזאַנגען קומען פון שויס פון דער ערד. אַלע דורות, וואָס רוען נאָך אין די טיפענישן, אַלע פּאָטענצן פון לעבן, וואָס ליגן באַהאַלטן און וואַרטן אויף זייער געבורט, האָבן געזונגען אַ ליד בשעת די זון איז פאַרגאַנגען.

—וווּנדערלעך, ברכיה, איז דאָס, וואָס דו דערציילסט, ווייל איך בין אויך געווען אין דרימל און מיין אויער איז געווען צוגעבויגט צו דער ערד, אָבער אַ יאָמערלעך געוויין האָב איך געהערט קומען פון טיפענישן, אַלע אומגעקומענע, פאַרוועלקטע דורות, וואָס רוען אין שויס פון דער ערד, האָבן ביטער געשריען אין זייער פאַרלאָזנקייט, בשעת די זון איז אונטערגעגאַנגען. איך האָב געמיינט, די טונקלקייט האָט זיך אויף אייביק

געלייגט אויף מיינע אויגן, ביז איך האָב געגומען רופן דיין נאָמען, און איך האָב דערשפּירט, אַז איך לעב.

די שוואַרצקייט פון דער נאַכט איז דערווייל צוגעקומען. אויפן הימל זיינען נישט געווען קיין שטערן. די וועלט האָט איינגעהאַלטן איר אָטעם. נאָר ווייטע פייערלעך, משונהדיקע קולות, רופן פון טראָמפּייטן האָבן געגעבן צו וויסן, אַז אין דער נאָענט פלאַקערט די מלחמה.

ביידע חכמים האָבן דערשפּירט די נאָענטקייט פון טויט, אַן אייזיקע קילקייט האָט געווייעט דורך זייערע גלידער.

ברכיה האָט געזאָגט צו שמעיהן:

— צי קאָנסטו רירן מיט דיין גוף? מיר וועלן פּרווון זיך אויסצודרייען מיטן פּנים צו מזרח, ווייל פון דאָרט וועט אָנקומען די זון, און די גאָלדענע ליכטיקייט פון באַגינען וועט מיט לעבעדיקע פאַרבן באַשפּריצן אונדזער הויט, וואָס איז אַזוי ווי פאַרמעט, טרוקן און געל.

*שמעיה* האָט געענטפערט:

— ביז די זון וועט אויפגיין, וועלן מיר שוין זיין טויט, ברכיה. וואָס אַרט אונדז די זון, וואָס אַרט אונדז דאָס שפּיל פון פאַרבן? מיטן טויט הערט אַלץ אויף.

ברכיה האָט מער נישט געענטפערט, ער האָט געטראַכט: דער אוצר פון ליכטיקייט און לעבן וועט באַגינען צוריקקערן צו דער ערד, איך וועל מיין פּנים ווענדן צו אים.

מיט די לעצטע כוחות, פאַרבענקט צו ליכטיקייט און לעבן, האָט ער זיין אָבשטאַרבנדיקן גוף פּאַמעלעך גערוקט און גערוקט, ביז זיין פּנים איז געווען געווענדט צו מזרח.

דאָס האַרץ זיינס האָט אַ צוק געגעבן און אָפּגעשטעלט זיין גאַנג.

ברכיה איז געלעגן טויט, וואַרטנדיק אויף דער זון, אָבער

שמעיה איז געבליבן ליגן אויפן אָרט, און די אייזיקע קאַלטקייט האָט אַלץ געווייעט דורך זיינע גלידער.

פּלוצלונג איז אָנגעקומען אַ מחנה חיל אויף פערד. זיי האָבן אָנגעצונדן שטורקאַצן, איינער פון זיי האָט שמעיהן אַ שטויס געגעבן מיטן פוס.

— שטיי-אויף, דו טויגעניש, דו ציווילע פלוי, העלף באַגראָבן די טויטע.

— איך בין שמעיה דער חכם, איך שטאַרב דאָ אויפן פעלד צוזאַמען מיט מיין חבר ברכיה דעם חכם. מיך לאָזט צו-רו.

אָנשטאָט אַן ענטפער האָט ער באַקומען נאָך אַ שטויס. מען האָט אים געגעבן אַ לאָפּאַטע אין האַנט אריין. דער הייסער אָטעם פון דער מלחמה האָט אים געשטעלט אויף די פיס, און ער האָט באַגראָבן מתים ביז באַגינען.

דעמאָלט האָט ער דערזען פון וויטן ווי ליכטיקע פאַרבן ציען און מאָלן דאָס טויטע נעמלעך-רויקע פנים פון זיין חבר — און ער האָט זיך צעוויינט ווי אַ פּיצעלע קינד.

**ע נ ד ע**

# אינהאלט

## 1-טער טייל
## אַרגענטינישע-רייזע



## 2-טער טייל
## פון באַזיגטן לאַנד

## 3-טער טייל
# מענטשן און ווערק



## 4-טער טייל
# פון רעדאַקציע-טיש